פרץ הירשביין

# פון ווייטע לענדער.

ארגענטינע, בראזיל
יוני, נאָוועמבער 1914.

ניו־יאָרק, 1916.

# אויפ׳ן שיף.

## I

שוין דעם דריטען סיגנאל געגעבען. די שטימונג ארום א נערוועזע. קליינע שלעפ־שיפלאך שלאגען זיך פון די כחות ארויס, ציהענדיג אונזער שיף פון דעם אנטווערפענער האפען טיפער אין טייך ארויס.

אויפ׳ן ברעג שטעהט א מחנה מענשען, ענג צונויפגעפרעסט, און ניט נאר די בליקען — מיט׳ן גאנצען וועזען ציהען זיי זיך אפיר צו אונזער שיף, וואס דערווייטערט זיך לאנגזאם און שטיל פון ברעג. אלע הענט, דארט אין דער מחנה זענען אויסגעשטרעקט; מען פאכט מיט טיכלאך, מען שרייט עפעס, מען ווארפט היטלען אין דער הויך; אן אבגעריסען געוויין לאזט זיך הערען פון א פרויענהאלז און ווערט באלד אבגעהאקט.

איך האב קיינעם ניט אין יענעם געזעמעל. דאך איז מיין הארץ עפעס גערירט. איך פאך אויך מיט מיין טיכעל אין לופטען צו יענע אונבעקאנטע מענשען און מיר דאכט זיך אז אימעצער ענטפערט מיר אב. עס דאכט זיך מיר אויס, אז די וועלט און די מענשען אויף דער וועלט זענען גאר ניט אזוי שלעכט ווי מיר מיינען, מענשען זענען גאר ניט אזוי נאריש און ענגהארציג. ווי מיר ווילען זיך עם איינרעדען אין דער רגע פון אונצופרידענקייט. מיר דאכט זיך אויס, אז אט די אלע, וואס שטעהען איצטער אונטער דער זומערדיגער זון,ביים ראנד פון׳ם טייך שעלדא און מאכען צו אונז מיט זייערע טיכלאך, אט די אלע דארט — בלויז ברכות טראגען זיי אין הארצען...

אונזער שיף געהט שוין כמעט איהר פולען גאנג אראב מיט דער שעלדא און טראגט זיך צום ים. די מחנה מענשען אויפ׳ן ברעג הויבט זיך אן פאנאנדערצושפרייטען, צושפליטערט זיך. מען זעהט פון ווייטען, ווי יעדער איינציגער געהט זיך אוועק זיין איי־

גענעם וועג. דאָס איינגענע איז מיט די מענשען דאָ אויפ'ן שיף. די אַלע, וואָס זיינען זייט ביי זייט געשטאַנען און ווי איין מענש זיך געצויגען אריבער דעם פאַרענטש פון שיף, צו דער מחנה, וואָס אויפ'ן ברעג, זיי הויבען זיך אָן אבצוקערען יעדערער אין זיין זייט. יעדען איינציגען ווילט זיך איצטער געווים כאָטש אויף א וויילע זיך בעהאַלטען; דערווייטערען זיך פון אָט די אַלע פרעמדע בליקען, פרעמדע מענשען.

נישטאָ אָבער וואוהין צו געהן. בעהאַלטען זיך אין קעבין?

אין קעבין, אז גאָט העלפט, טרעפט מען נאָך דריי אונבעקאַנטע פאַרשוינען און ניט ווילענדיג מוז מען זיך בעגריסען און שנעל צוריק אויפ'ן דעק ארויס. און אויבען, אנשטאָט דריי — בעגעגענט מען גאַנצע הונדערט. ניט ווילענדיג בעגעגענסטו זיך מיט די בליקען זייערע. און דאָס טירעלע פון הארצען, וואָס דו האָסט נאָר וואָס געפּרובט פערשליסען — מוזטו ווידער אביסעל אויפעפענען; געוועהנליך בלויז פאר א ג ו ט - מ אָ ר ג ע ן; צומאָל א פריינדליכען שמייכעל בעווייזען אויף די ליפּען — דאָס אַלץ. און אזוי וועט זיך אויסארבייטען א צייטווייליגע פריינדליכקייט אין דער פרעמדקייט. עס וועט זיך פערבינדען דער נאַטירליכער שמועס:

— גוט מאָרגען!

— גוט מאָרגען!

— ווי פיהלט מען זיך?

— אַ קליין ביסעלע איבעלדיג.

— און איך האָב שוין היינט געגעסען פריהשטיק.

— איך האָב נאָך מורא אין עסען־זאַל אראָבצוגעהן.

— גו מאָרגען מארגען!

— גו מאָרגען מארגען!

— דער ים איז גאַנץ רוהיג.

— יא, דער ים איז גאַנץ רוהיג.

פאַראַן אויך אזעלכע, איבערהויפּט אין ערשטען קלאַס, וואָס האַלטען זיך געקראַכמאַליעט, אָנגעבלאָזען; זיך פערשווארען צו

שווייגען, מיט קיינעם קיין וואָרט חלילה ניט אויסצורעדען. ס'פער־גלוסט זיך אמאָל צו מאַכען רעדעוודיג אזא פארשוין: ווילסט פשוט הערען צי דער מענש קען רעדען? ווי קלינגט זיין שטימע? און ווי ענטווישט ווערסטו, ווען דאָס ערשטע, וואָס מען דערהערט פון אזא גרויסען שווייגער, איז וועגען דעם, אז דאָס עסען איז ניט פריש און דאריבער ליידט ער פשוט הונגער און, אז ער וואַרט שוין די שעה ער זאָל קענען פון שיף אראָב, וואָרים, אז ניט וועט ער נאָך חלילה פון הונגער אויסגעהן.

סערא־נאַוואַדא. אזוי הייסט מיין שיף, גאַנצע צוויי און צוואַנ־ציג מעת־לעת וועל איך דאָ בעדארפען פערברענגען ביז איך וועל זיך דערקלייבען קיין בונעס־איירעס, די הויפט־שטאָדט פון ארגענ־טינע.

צוויי און צוואַנציג טעג, וואווינענדיג אין דער גרויסער שטאָט — מען קוקט זיך גאָר ניט ארום ווי זיי לויפען פערביי. די פראַכט־וועגענער און די טראַמוויי־ען ברענגען דעם טאָג בעגינען, און אין אָווענד נעהמען זיי איהם צו. מען שפּרייזט מיט גרויסע טריט דורך די גאַסען און ביים זייט איז אימעצער פאראַנען וואָס שניידט שטיקער פון טאָג און די שטיקער פערשלינגט ער.

צוויי און צוואַנציג טעג אבער אויף א שיף — א גאַנץ לעבען איז עס. א לעבען אין א קליין אבגעצאָמט וועלטעל. צי דו ווילסט, אָדער ניט. די אייגענע מענשען מוזטו בעגעגענען; אנקוקען די איי־גענע פנים'ער און זיך צוהערען צו די אייגענע שטימען. מוזט זי־צען יעדען טאָג ביים אייגענעם טיש און דער אייגענער בעדינער וועט דיר אלץ צוטראגען, דערלאַנגען צום נאָז, יעמאָלט ווען דיר ווילט זיך אליין אויפהויבען פון פלאַץ און געהן נעהמען פאר זיך א טרונק וואסער.

שטענדיג, ווען מיר קומט אוים צו רייזען איבער ים'ען, האָב איך דעם אייגענעם געפיהל, אז דער ים־ריח וואָס טוט אזא שלאָג צום נאָז, גלייך ווי מען טרעט ארויף אויפ'ן שיף, ער נעהמט דורך יעדען פאסאזשיר, דורך און דורך, און פערוואַנדעלט איהם אין א

מין הערינג; הערינג אין א פאס: א קלענערער, א גרעסערער — דער טעם איז דער אייגענער.

דער מאגען־נערוו ווערט אויפגערעגט און מענשען הערען זיך דא צו צום מאגען מעהר ווי צו אלץ אין דער וועלט. נישטא יענע ענערגיע, יענער גלאנץ, וואס אויף דער יבשה... צום הונדערטסטען מאל שוין אויסגעמאסטען מיט די טריט די לענג און די ברייט פון דער אויבערשטער דעק; צום הונדערטסטען מאל שוין געלאפען אויף א ווייל זיך בעהאלטען אין קעבין און דאך איז קיין וועלט ניט בעשאפען געווארען; קיין וועל איז ניט אונטערגעגאנגען...

מיט מיר איז נאך ניט אזוי שלעכט. כ'האב מיר ניט וואס צו בעקלאגען. אין מיין קעבין בין איך גאנץ אליין און מיינע שכנים ביים טיש — אלע יונגע לייט און רעדעוודיגע. איינער איז געווים א דייטש. איז געפאהרען קיין דייטשלאנד זיך זעהן מיט טאטע־מאמע און איצטער פאהרט ער צוריק קיין ארגענטינע. די אנדערע צוויי זיינען ג ע ו ו י ס אידען, קינדער פון טאטע־מאמע, וואס פאהרען אנזעהן די וועלט. זיי האלטען זיך אבער גוי'איש, רעדען הויך־דייטש און קוקען אויף מיר אביסעל קרומלאך.

— הייסט עס אזוי גאר, ביסטו א רוס? — ווענדט זיך צו מיר מיין שכן, דער דייטש, נאך אין דעם ערשטען אבענד, ווען מיר האבען געהאלטען ביים דעזערט.

— ניין, איך בין א רוסישער איד, — ענטפער איך.

— א, דאס איז זעהר היבש! — פאלט ער אריין אין א מין התפעלות.

מיט וואס אייגענטליך זעהט עס איהם אוים אזוי היבש, וואס איך בין א רוסישער איד? איך וויים אליין ניט. אפשר דערפאר וואס גאנצע צוויי און צוואנציג טעג וועלען מיר זיך מוזען קוקען גלייך אין די אויגען אריין? אדער אפשר... ווארום אנדערש קען דאך עס ניט געמאלט זיין. ווארום ערשט מיט א פאר טעג צוריק האבען מיך די דייטשע בעאמטע ארויסגענומען פון וואגאן, שוין כמעט ביי דער האלענדישער גרענעץ, און געוואלט שיקען צוריק, פון וואנען איך

האָב מיין פּאַספּאָרט גענומען; און געשעהן איז עס בלויז דערפאַר, וואָס איך בין איין „רוסישער יודע“.

נאָר מילא, זאָל זיין זעהר היבש. אויב ער האָט הנאה דער־פון.

נאָך ביי דער ערשטער וועטשערע האָט זיך פערצויגען דער אַלט־נייער, בעלערענדער שמועס וועגען דעם, אז ס'איז ניט רעכט אַזוי, מען זאָל א גאַנץ פאָלק פיינד האָבען; און, אז ס'איז זאָגאר „נידערטרעכטיג“ וואָס די רוסישע רעגירונג ערלויבט זיך צו טאָן מיט די אידען נעבעך. און דער בלי ספק־דייטש איז זיך מודה, אז וואָס ווייטער קומט ער צו אַ בעשלוס, אז דאָס אידישע פאָלק איז אַ גוט פאָלק; זאָגאר א טיכטיג פאָלק; אָבער איינצעלנע זענען פאראנען, וואָס מאכען אָן צרות:

— ביי אונז אין דייטשלאנד איז אויך דאָס אייגענע, זיי וואָלטען גרויסע צרות אנגעטאָן, נאָר דאָס דייטשע פאָלק איז גוט אָרגאניזירט; מען דערלאָזט ניט.

יא, ס'איז אַ לאנגווייליגער שמועס. ס'האָט אָבער געלוינט. מיין שכן, דעם דייטש, איז א שטיין פון הארצען אראָבגעפאלען און איצטער זענען מיר הארציגע פריינד געוואָרען. מיר קענען אפילו וויין פון איין פלעשעל טרינקען. און אז אונזערע צוויי עלעגאנטע יונגע לייט, הויבען זיך אויף זאָגענדיג מיט גרוים פארנעם „מאל־צייט“, צוגיסט זיך א צופרידענער שמייכעל איבער'ן גאנצען פנים פון מיין שכן און ער רוימט מיר איין אַ סוד:

— די לויטע זינד יודען!

— ווי אזוי ווייסטו עס?

— איך דערקען שוין.

אָרימע יונגע־לייט! ווען זיי וואָלטען עס הערען!

2.

## דער ערשטער פריהמאָרגען.

הינטער'ן טיר פון מיין קעבין שפּילט דער אָרקעסטער עפּעס א קלויסטער מעלאָדיע. די טענער, אזעלכע טיפע, ציהען זיך ברייט און הארמאָניש, ממש ווי מען וואָלט דאָרט הינטער'ן טיר אימעצען מקבר זיין.

לאָזט זיך אויס, אז דאָס וועקט מען דעם עולם. אזא מנהג אויף אונזער שיף, צו וועקען די פּאסאַזשירען פון ערשטען קלאס, יעדען זונטאג, מיט מוזיק. די טענער נעהמען אזוי דורך, אז עס ווילט זיך צומאַכען די אויגען און ווידער איינשלאָפען.

דער פריהמאָרגען אָבער רייסט זיך דורך דעם קיילעכדיגען פענסטער אין מיין קעבין, און ווען דאָס שיף טוט זיך א בויג אן א זייט, בעוויייזט זיך דער ים ביז צום האריזאנט און דאָס אויסגעגאָ־סענע ליכט אויף איהם ציטערט, און מען קען מיינען, אז דער ים איז געפאנגען געוואָרען אין א ליכטיגער, גילדערנער נעץ. ארויס־קוקענדיג דורכ'ן פענסטערל צום ים כאפּט ארום דאָס הארץ אזא צערטליכע ליכטיגקייט און דו קענסט בשום אופן ניט פערשטעהן, ווי אזוי קומט עס, וואָס מענשען בעדארפען נאָך האָבען פאספּאר־טען, ווען זיי וואוינען ביי זיך אין דער היים און בעדארפען האָבען פאספּארטען וועלענדיג דעם גרענעץ פון זייער לאנד אריבער.

ס'ווערט מיר אזא גרויס וואונדער, פאר וואָס עס האָט גע־דויערט גאנצע צוויי חדשים ביז כ'האָב ביי דער ווילנער פּאָליציע א פּאספּאָרט ארויסגעקריגען.

און דער ווילנא'ר גובערנאטאר, וואָס נאָך דעם, ווי ער האָט אָנגעקוקט מיין רחמנות־פּנים, האָט ער צו מיר געזאָגט:

— זעהט אויס, אז דו ביסט אן אָרענטליכער מאן, נאָר וואָס קען מען מאכען, אז דאָס געזעץ הייסט דיר וואוינען אויף איין

פלאץ ניט וועניגער ווי דריי חדשים, ביז מען זאל דיר מעגען אז אויסלענדישען פאספארט ארויסקריגען.

פאר וואס איך מוז ביי זיי גאנצע דריי חדשים וואוינען, יע־מאלט ווען מען וויל מיך אינגאנצען דארט נישט האבען?

כ'האט מיך יעמאלט ביז צום ביין גענאגט. און קוקענדיג איצטער דורך דעם קליינעם פענסטערעל צום ליכטיגען ים ארויס, כאפט מיך ארום א גרויס וואונדער: וואס האבען זיי יעמאלט די לייט געוואלט פון מיר? צו אלדי גוטע יאהר, בעדארף מען נאך טעלעגראמעס שיקען, מיט אבגעצאהלטע ענטפערס, אהין, וואו דו ביסט מיט עטליכע און דרייסיג יאהר צוריק געבוירען געווארען און פרעגען אויב יענע אונבעקאנטע לייט האבען גאר ניט געגען מיר!

און איך, נאר, האב טעלעגראמעס געשיקט.

און דער עלטערער שרייבער ביים גובערנאטאר, ער שטעהט א לעבעדיגער פאר מיינע אויגען. אין פערלויף פון צוויי חדשים בין איך ביי איהם טאג־טעגליך געווען. ערשט אויפ'ן דריטען חודש האט ער עפעס אנגעהויבען צו בעגרייפען און איז כמעט אריין אין מיין לאגע:

— זעהט אויס, אז דו האסט די „טשאכאטקע“ וואס דו מוזט אזוי נויטיג פאהרען קיין אויסלאנד.

— נו, געווס האב איך די טשאכאטקע, — ענטפער איך גאנץ ערענסט און אויפגערעגט — דער סוף וועט זיין, אז איך וועל דא פאלען און אויסגעהן באנ'אייך אין קאנצעלאריע.

און ערשט איצטער איז ער, דער שרייבער, אריין אין מיין לאגע.

איך שטעל מיר פאר וואס פאר א פאר אויגען ער וואלט אויפ־געעפענט, ווען האבענדיג שוין דעם פאספארט אין בוזעם קעשענע מאך איך צו איהם:

— זיי וויסען, גוטער ברודער, אז כ'האב דיך גענארט. און דו נארישער קאפ מיינסט דאך, אז אלע אידען וואס פאהרען קיין

אויסלאנד זענען אין גרויס סכנה צו שטארבען פון די געפער־ליכסטע קראנקהייטען, אויב דו וועסט זיי די ערלויבניש ניט גע־בען? ס׳איז א ליגען; אלע נארען דיך!...

* * *

דאס שיף וויגט זיך לייכט. קוקענדיג דורכ׳ן פענסטער דאכט זיך אויס, אז די הימלען ביים האריזאנט, ווי זיי וואלטען זיך ארויס־געהויבען פון וואסער און צוריק אראבגעלאזען, וואשענדיג די זווי־מען זייערע. און אזוי נאהנט קוקט דער הימעל אויס.

דאכט זיך, אט באלד וועט זיך אונזער שיף אנשלאגען אן סאַ־מע הימעל. מען וועט זיך אבשטעלען און דער קאפיטאן וועט אראב־געהן און אנקלאפען אין א טירעלע. עס וועט ארויסקומען פון דארט אן אלטער שומר מיט א לאנגער, ווייסער בארד און זיך דורך רעדען מיט׳ן קאפיטאן אין דער שטיל, וועט בעטראכטען אונזער שיף. באלד וועט ער אוועקגעהן און אונז לאזען ווארטען א ווײלע אויף דער זייט הימעל. דאן וועט ער ווידער ארויסקומען, מיט גרויסע, ליכטיגע שליסלען וועט ער אויפמאכען א גרויסען טויער און אונז דורכלאזען אויף דער אנדערער זייט הימעל. דארטען וועט זיך ווידער בעוויזען א בלויער וויגענדיגער ים און ווייט, ווייט — נייע הימ־לען...

* * *

אין די יונגע יאהרען האט די וועלט אין אונזער פאנטאזיע אויסגעזעהן פיעל גרעסער.

די ווייטעסטע רייזע איז געווען, אז מען איז געפאהרען, אמאל אין א יובל, אין געסט צו א פעטער אדער צו א מומע.

בעגינען איז מען ארויסגעפאהרען; א שפראץ אויף טאג. ער־געץ אין אן אונבעקאנטען וואלד האט מען זיך אבגעשטעלט פאשען דעם פערד. און גאנץ אנדערש האט יעדער בוים אויסגעזעהן. פרעמדלאך האט ארויסגעקוקט דער שטיין, האלב איינגעגראבען אין דער ערד, ערגעץ ביים זייט וועג. און טאמער איז אויסגעקומען

דורכצופאהרען א קליין טייכעל, צו איבער א בריקעל, אדער דער פערד האט דורכגעבראדזשעט אין וואסער ביז די קניה — א גאנץ נייע וועלט האט זיך ענטפּלעקט פאר די אויגען ארויפקומענ־דיג בארג ארויף, אויפ׳ן אנדערען זייט טייכעל. א פרעסטעלע איז דורכ׳ן פלייצע דורכגעלאפען פאר אויפרעגונג. נייע הימלען האַ־בען זיך בעוויזען; נייע פעלדער און נייע בוימלאך; נייע פערד און נייע קיה. אנדערש האבען די הינט געבולען און אנדערש האבען אויסגעזעהן די מענשען, וואס מען האט אין וועג בעגעגענט.

נישטא איצטער דער פערבארגענער, איידעלער תענוג, וואס די מינדעסטע רייזע האט פערשאפט אין די יונגע יאהרען. איצטער, וואס מעהר דו רייזט, אלץ קלענער ווערט די וועלט אין דיינע אויגען.

ווער ווייסט, אפשר איז דאס אידישע פאלק שולדיג אין דעם, וואס די וועלט איז ווי איינגעשרומפען געווארען אין מיינע אויגען? „דאס אידישע פאלק האט זיך אזוי צושאטען איבער דער ברייטער וועלט, אז וואו דו זאלסט ניט קומען, בעגעגענסטו דיינע חברים פון חדר, קינדער פון דיין שטעטעל, בעקאנטע פון הינטער דעם בית־המדרש־אויוון. רייזט צומאל וואכען דורך לאנד און דורך ים, דערגרייכסט די ברעגעס פון א ווייט לאנד, קומען דיר ארוים דיינע לייט אנטקעגען און דער גרויסער שטח וואס האט זיך צווישען דיר און זיי דורך וואכען געצויגען — ווערט מי אמאל איינגעלאפען, צוזאמענגעצויגען. עס דאכט זיך דיר צומאל אויס, אז דער וועג איז גאר ניט אזוי לאנג; דאס האט דער שיפס־קאפּיטאן בלויז געבלאנדזשעט, אומדרעהענדיג זיך די גאנצע צייט אויף איין ארט.

דאס אידישע פאלק האט זיך איבער דער גאנצער וועלט צו־שאטען, די גאנצע וועלט פאר א היים אנגעהויבען צו מאכען און אזוי איז מיין היים צוריסען געווארען און די שטיקער זענען צו־שליידערט איבער אלע טיילען פון דער וועלט. אומוואנדערינג אזוי פון איין שטיק היים צום אנדערען פערדרעהט זיך אזש דער

קאָפּ און ביסט מקנא די, וואָס זייער היים גרייכט בלויז צום אָרט וואו די הימלען לאָזען זיך אראָב. איך קלער: ווי גליקליך זענען די אַלע, פון וועמען גאָטס חסד האָט זיך ניט אבגעטאָן און ער מאַכט, אז זיי זאָלען וואקסען זייער גאַנץ לעבען אויף דעם אָרט, וואו זיי זענען פערפלאַנצט געוואָרען.

אַ ווינט ברענגט פון ווייטען צוטראָגען אַ קערענדעל און לאָזט עס פאַלען אויף אַ שטיין אראָב. דער אייגענער ווינט בעדעקט דאָס קערענדעל מיט שטויב און עס וואקסט דאָרט אויפ'ן הארטען שטיין; גרינט און בליהט דאָרט אויפ'ן שטיין. מיר אָבער זענען בעגליכענט צום בוים, וואָס אַ פריהלינגס שטראָם האָט איהם מיט דיווארצלען אויסגעריסען און דער אייגענער שטראָם טראָגט איהם אלץ ווייטער, אבשלאָגענדיג אַן פערשיעדענע ברעגעס און אין ערגעץ, צו קיין ברעג, ניט לאָזען איהם זיך איינצואוואקסען. ווערסט פערוואָגעלט פון לאנד צו לאנד; גרענעצען ווערן אָבגעווישט פון דער ערד, פון אלע שטעט ווערט איין שטאָט; פון אלע לענדער — איין לאנד. בלויז דער געמיטה ווערט אונרוהיגער; ווערט אויף שטיקער צוריסען.

אַ גוטהארציגע קריסטין האָט פאַר מיר אויסגעדריקט איהר גרויס וואונדער, לעזענדיג אין אַ צייטונג, אַז ארום פיערצען מיליאָן אידען זענען פאַראַן אויף דער וועלט.

— און איך בין געווען זיכער — זאָגט זי — אַז אריבער הונ־דערט מיליאָן אידען זענען פאראַן אויף דער וועלט. וואו מען פאָהרט און וואו מע זעהט בעגעגענט מען דאָך זיי!

און מיט מיר איז פונקט פערקערט. אומפאָהרענדיג איבער דער וועלט דאכט זיך מיר זעהר אפט אויס, אַז די געשיכטע מיט די פיערצען מיליאָן אידען איז אַן אויסגעטראכטע; צוגעקלערט פון אונזערע שונאים, וועמען מיר זענען גרויס אין די אויגען. בלויז עטליכע אידען זענען פאראַן וואָס קאלאטשען זיך אום איבער דער וועלט — היינט זענען זיי דאָ און מאָרגען — אין דעם אנדערען עק וועלט.

געוויס, געוויס, וועל איך דאַך אַלטע בעקאַנטע בעגעגענען אין צוואַנציג טעג אַרום, ווען מיין פוס וועט די אַרגענטינער ערד בע־טרעטען. ווער ווייסט אפשר וועט מיר מיינער אַ ליבליכער ברו־דער אַנטקעגען קומען מיט אַ שמייכעל:

— גאָר אַהער ביסטו געקומען? איך קלויב מיר דאַך שוין אוועקצופאָהרען פון דאַנען!

---

3.

## דער צווישען-דעק.

אין ערשטען קלאַס זעהט עס אויס כלומרשט אינטערנאַציאָ־נאַל. דער עולם רעדט שטיל, איינגעהאַלטען. איז געקליידעט כמעט אויף איין אופן; נאָך דער לעצטער מאָדע. די מאַנירען געשליפען אויף איין נוסח. קענסט מיינען, אַז פון איין שטיק מאַטעריע האָט מען דעם עולם אויסגעקנעטען; פון איין פורעם אויסגעגאָסען. אַזוי וואָלט עס אויך ביי אונז אין ערשטען קלאַס געקענט אויס־זעהן, ווען ניט אַ יונגע עלעגאַנטע דאַמע, וואָס רעדט פראַנצויזיש אַזוי הויך, אַזש איבער דעם גאַנצען עסען־זאַל צוטראָגט זיך איהר שטימע. יונג און שעהן איז זי, מיט אַ איינגעלשער פעררישענקייט אין איהר רוסישען געזיכט. זי איז פון מאַסקווע און פאַהרט צו איהר מאַן וואָס איז אַ רוסישער קאָנסול אין אַרגענטינע. מיט איהר פאָהרט אַ יונגערמאַן און מיט איהם רעדט זי רוסיש; קלינגט איהר שפּראַך אַזוי גוואַלדיג, און די רוסישע „ריישען" קומען אַרויס אַזוי געדראָ־טעוועט, אַזש גאַנץ מאַסקווע לעבט אויף אין דער צירליכער דייטשער אַטמאַספערע! דאָס איז אַלץ, אייגענטליך. אויסער איהר איז דאָ אַלץ אינטערנאַציאָנאַל, שווייגענדיג און לאַנגווייליג־גרוי.

אַנדערש אבער איז אין דעם צווישען־דעק, וואו דאָס פ אָ ל ק

רייזט. קליין איז דער עולם אבער — גרויס און פערשיעדענפאר־
ביג איז די וועלט.

איין טיראַליער אינגאנצען פאַהרט דאַ און ער טראַגט די טי־
ראליער בערג אויף זיינע פלייצעס. טוט ניט אויס פון זיין קאַפּ
ס'גרינע קאפעליושעל מיט דעם פאווע־פעדער ביים זייט. שווערע
שיך און לאנגע וואלענע זאקען, און די הויזען — נאַך קירצער ווי
קורץ, אזוי אז די נאקעטע קניה זעהען זיך ארויס.

ס'פאהרען סיביריער פויערים, א פינף פאמיליעס מיט האק
און פאק; בערג מיט שמאטעס און קליינע קינדער מיט פלאקסענע
הערעלאך און פערשליומפערטע נעזעלאך. די מענער אין גרויע
סוויטענעס און ווייבער אין געקעסטעלטע ספאַדניצעס.

ס'פאַהרען א צוויי אידישע יונגע־לייטלאך, אין רוסישע העמד־
לאך אויף א זייט געשפיליעט, די האָר, ביים רעכטען שלייף מיט א
שרונט פערקעמט און קנאקען אידיש אויפ'ן וואַלניער שטייגער.

פאַהרט א אידישער טאַטע מיט אן אבגעברענט פנים, א
שווארץ בערדעל און איינגעפאלענע באקען מיט א דענקע אויפ'ן
קאַפּ, און אין א לאנגען קאפטען ביז צו דער ערד. פאַהרען זיינע
צוויי טעכטער, ברוינע און בויגיגע, ווי די ווערבעס ביים דניעס־
טער, וואו זיי זענען אויסגעוואקסען און פון וואנען זיי פאַהרען
איצטער אזש קיין בראזיל.

אז עס קומט אהער אריבער א פארשוין פון ערשטען קלאס,
ווערט ער דאַ בעפאלען פון די שארפסטע בליקען וואָס שיסען צו
דיר פון אלע זייטען. פון דעם גרעסטען ביז צום קלענסטען קוקט
ביינעריג און מיט פערדאכט. פארשען און שפירען מיט די אויגען
און האָבען מורא א פריהער א וואָרט ארויסצורעדען.

איך דרעה מיך ארום צווישען זיי און ברום א אידיש ניגעלע
אונטער'ן נאַז. דער טאַטע מיט די טעכטער ווארפען זיך דורך מיט
בליקען, ער שמייכעלט אין בארד אריין, ווערט אביסעל אונרוהיג
און שטעלט איין דאָס לעבען:

— איך קען שווערען, אז דאָס איז א איד, — מאכט ער אין דער זייט פון זיינע טעכטער.

— איהר פערשפּאָרט זיך צו שווערען. שלום עליכם!

— עליכם־שלום, — דערלאַנגט ער מיר אן אויסגעפּראַצע־ וועטע האנט — טאַקי אַ איד, — ווענדט ער זיך צו זיינע טעכטער, וואָס שטעהן זיי ביי זייט, האַלטען זיך ארומגענומען ביי די טאַליעס.

פון דער ברוינקייט אין זייער געזיכט רויטעלט זיך א פייערעל ארויס און זיי קוקען זיך ביידע איבער.

איך שטרעק זיי אויס מיין האנט. איינע, די אינגערע זעהט אויס, ענטפערט מיט חשק; די צווייטע אָבער נעהמט מיין האנט גאַנץ פאַרזיכטיג. געוויס האָט מען זי אַנגעזאָגט פאר'ן ארויס־ פאָהרען, אז זי זאָל זיך היטען אויפ'ן שיף פאר פרעמדע לייט; אז די שיפען וואָס געהן קיין ארגענטינע זענען ניט זיכער פאר אָרימע אידישע טעכטער. זי וויים, אז מען בעדארף זיך דאָ היטען, און מיט די אויגען גיט זי עס איבער דער אינגערער שוועסטער.

דער טאַטע אָבער ווייסט פון קיין מעשה ניט, האָט ניט פאר וואָס זיך צו שרעקען, נאָך דעם ווי איך האָב איהם די האנט דער־ לאַנגט און שלום עליכם אָבגעגעבען. אַ איד — איז אַ איד.

ער צורעדט זיך מיט מיר ווי מיט אן אלטען בעקאַנטען; מיט דעם צוטרוי, וואָס מען בעגעגענט ביי א פאָלקס־מענשען נאָך דעם ווי זיין ערשטער חשד איז אריבער.

ער דערצעהלט, אז קיין בראַזיליען פאָהרט ער, נאָך דעם ווי זיינע אבות־אבותיו האָבען געלעבט אין באסאראביע. דאָרטען, אין דעם אונבעקאַנטען לאַנד, וואָס הייסט בראַזיל, האָט ער א שוואָגער א קאָלאָניסט. דער שוואָגער שרייבט, אז איהם איז דאָרט גאַנץ שלעכט, עלענד און איינזאַם איז ער אין די בראַזיליאַנער וועלדער מיט זיינע בהמות און שעפּסען, נאָר ער האָפט, אז צוזאַמען וועט גוט זיין און אז ער האָפט... ער וואָלט שוין לאַנג געווען געפאָהרען נאָר די מיידלאַך האָבען זיך גע'עקשנ'ט.

דאָ פערגעסען זיך די מיידלאַך, אז איך בין א ווילד־פרעמדער

און ס'הויבט זיך אן א מין דין־תורה פאר מיר מיט זייער טאטען דעם עקשן.

— ווען מיינע חבר'טעס וואלטען עס וויסען, אז איך פאהר אהין בהמות פאשען! — מאכט מיט פערדרוס די אינגערע.

— איך בין אינגאנצען דריי טעג אויפ'ן שיף און כ'האב שוין באלד פערגעסען רוסיש צו רעדען — גיט צו די עלטערע — הלואי וואלט זיך אונזער שיף פערקירעוועט צוריק קיין רוסלאנד, כ'וואלט אפשר געטאנצט פאר שמחה.

— איהר האט בעדארפט אנקוקען וואס פאר א שטוב מיר האבען פערקויפט, — הויבט ווידער די אינגערע אן; — ווער ווייסט וואו מיר וועלען זיך דארט דארפען וואלגערען.

— מיינט איהר, אז זי איז ניט גערעכט? — גיט צו דער טאטע מיט א צופרידענעם שמייכעל, וואס זיין טאכטער ווייסט זיך אזוי פיין אויסצו'טענה'ן מיט א פרעמדען מענשען —

— איהר זעהט, איצטער וואלט ער זיך אויך וועלען אומקערען צוריק קיין רוסלאנד — צולאכט זיך די עלטערע מיט א געמאכטער מוטיגקייט, און ווענדט זיך צו מיר היימיש: — אפשר האט איהר רוסישע ביכער צו לעזען? כ'האב מיטגענומען צוויי ביכער, האב איך זיי שוין איבערגעלעזען.

עס קומט צו נאך א איד אין די פופציגער מיט א פערשווירען גרוי בערדעל און א דענקע אויפ'ן קאפ. ער וויל עפעס כאפען פון אונזער שמועס. אזוי ערענסט ציהט ער צונויף די ליפען און מאכט צו איין אויג; דאכט זיך, אז יעדעס ווארט וואס קומט ארויס פון מיין מויל איז פאר איהם א חדוש שבחדושים. אז איך קלייב מיר שוין אוועקצוגעהן ווענדט ער זיך פלוצלונג צו מיר מיט אן ערענסשטימע:

— ווייסט איהר ניט אין וואס פאר א זייט איז ארגענטינע, דארטען אדער אט דארטען? און מיט'ן מיטעלסטען פינגער טייטעלט ער אהין צום האריזאנט, וואו מעהר ווי הימעל און וואסער

זעהט מען ניט.

די פראגע איז זעהר אַן ערענסטע. אין וואס פאר א זייט איז ארגענטינע? מיר האָבען נאָך ארום צוואנציג טעג צו שווימען. און אפשר האָט טאַקי דער איד אויסגערעכענט, אז דער קאפיטאַן פיהרט אונזער שיף ניט אין דער אמת׳ער ריכטונג? איך מאך אויך אַן ערענסט פנים, בעטראַכט דעם הימעל ארום און ארום, זוך אויף דרום־זייט און ווייז אַן מיט׳ן פינגער גלייך אין הימעל אריין:

— איך מיין, אז דאָרטען איז ארגענטינע.

דער איד מיט׳ן גרויען בערדיל קוקט לאנג אהין, וואו איך האָב מיט׳ן פינגער אנגעוויזען:

— ברענען זאָל רוסלאנד! — שיסט ער אויס מיט הארץ און שפייט אויס איבער׳ן פארענטש אין ים אריין...

— אזוי גאָר!... פאָהרט א איד פון רוסלאנד קיין ארגענטי־נע, צו קינדער געווים פאהרט ער. צוויי טעג פון ברעג און נאָך גאנצע צוואנציג טעג קיין ארגענטינע. אין רוסלאנד געבוירען גע־וואָרען; זיין אבות־אבותיו דאָרט געלעבט און געשטארבען און דאָך ערשט, איצטער, שוין צו דער עלטער, בלויז דערזעהענדיג אין זיין צוהיצטען מח דאָס פרעמד לאנד, וואָס הייסט ארגענטינע, האָט ער א באָדען אונטער זיינע פיס דערשפירט!

מיר איז עס שוין אבער קיין וואונדער ניט געוועזען מעהר. וואָ־רים טרעפענדיג אידען אין אנדערע, פרייערע לענדער, נאָך דעם ווי זיי האָבען אינגאנצען פון רוסלאנד אויסגעוואנדערט — ערשט יעמאָלט בעגרייפט מען די לאגע פון אידען אין רוסלאנד. עס מאכט דעם איינדרוק, אז די גרויסע רוסישע ערד האָט מען דעם רוסישען אידען אויף זיין שוואכער אויסגעבויגענער פלייצע אנגעלעגט. און ניט האָבענדיג שוין מעהר קיין כח צו דשוויגען רוסלאנד אויף די פלייצעס, וואנדערט ער אוים אין א פרעמד לאנד און ווארפט די שווערע משא פון זיך אראָב.

דאָס רוסישע פאָלק ליגט צעהן איילען טיעף אין דער ערד בעגראָבען און זעהט די ליכטיגע וועלט ניט.

דאָס אידישע פאָלק טראָגט די רוסישע ערד מיט דעם רוסישען פאָלק אינאײנעם אויף זײנע פּלײצעס און זעהט דאָס ליכטיגע לעבען ניט. װאָרים אנדערש װאָלט דאָך א איד אזא שפּײ ניט גע־געבען, דערזעהענדיג אין זײן פאנטאזיע ארגענטינע בײם האריזאנט!

מאטראָזען טראָגען ארױס פון דער טיעף זעק מיט קארטאפעל און מען איז מכבד די סיביריער פויערים מיט דער מלאכה צו שײ־לען. שװער איז זײ געװאָרען דאָ דאָס לעבען אָן ארבײט. נישטאָ אװאו די הענט אהינצוטאָן. עסען, טרינקען, שלאָפען — אבער עס בלײבט אױסען צופיעל צײט. און די צײט ציהט זיך גאָר אָהן א סוף. האָבען זײ געבעטען מען זאָל כאָטש געבען קארטאפעל צו שײלען. די קארטאפעל פון ליגען ערגעץ אין דער װארימער פערשטיקטער לופט, זענען אױסגעװאַקסען. עס הענגען פון זײ װײסע, ארױסגעװאַקסענע װארצלען, װי װײסע לאנגע װערים. אנ־דערע זענען צוגעפוילט און יעדען קארטאפעל מוז מען ארומשנײדען און אװעקװארפען. ס'איז צו מערקען, אז כאטש די קארטאפעל זענען פרעמדע, סײ װי װעט מען זײ באלד אריבערװארפען אויף יענער זײט פארענטש אין ים ארײן, דאך לאָזט ניט דאס הארץ א קארטאפעל אין ניװױטש ארױסװארפען. פארזיכטיג װערט די פערפוילטע טײל אבגעשניטען, חלילה ניט אן איבריג שטיקעל אבצושנײדען.

איך װענד מיר מיט א גאָט העלף אויף רוסיש. דער עולם קוקט פערדעכטיג. די װײבער רײסען ניט אָב די אױגען פון דעם קארטאפעל װאָס אין האנט, זײ בײגען זיך אביסעל צו מײן זײט מיט'ן אױער, אפשר װעט זיך א שמועס א טשיקאװער פער־ציהען.

— װאָס איז פאר א קארטאָפעל? — פרעג איך װידער.

— אָט, שװער אײנצוזיצען לעדיג... ס'איז פאר'ן שיף, — זאָגט אן עלטערער אביסעל פערשעמט. אײנער, א אינגערער, מיט

א קלוג פערשטענדליך געזיכט, אזוי פון א מענשען, וואס וועט ניט רעדען וואס מען בעדארף ניט, ער לעגט אוועק דעם מעסער, ווישט אב איין האנט אין די הויזען און דערלאנגט מיר זי.

— אבי די צייט צו פערטרייבען ווי ס'איז, — זאגט ער אי־בער כמעט דאס אייגענע, וואס דער עלטערער; נאר ביי איהם קלינגט עס אנדערש. אין זיין טאן ליגט עפעס ווי איינער זאגט: אונזערער א ברודער קען זיך ניט אבגעבען מיט די נארישקייטען ווי אייערע לייט דארט אין ערשטען קלאס.

— האט איהר ניט מורא פאר'ן ים — וועגד איך מיך צו די ווייבער.

זיי ווערען רויט, לאזען נאך טיפער אראב די אויגען און ענטפערען גאר ניט.

— אפשר וועט גאט געבען, אז מען וועט עס איבערקומען — הויבט ווידער אן דער עלטערער — שוין דריי וואכען, אז מיר זע־נען אין וועג. אזש פון סיביר פאהרט מען.

— פאהרט איהר קיין ארגענטינע?

— יא, קיין ארגענטינע.

— און רוסלאנד?

— רוסלאנד איז צו גרויס, דאריבער איז זיך נישטא וואו אהין צו טאן — זאגט דער אינגערער מיט א ביטערען שמייכעל — מיר פאהרען קיין ארגענטינע. דארט לאזט מען לעבען, זאגט מען. ערד איז דארט פאראן גענוג, זאגט מען, און מען לאזט דארט לעבען — חזר'ט ער איבער נאך אמאל, און זיין פנים ווערט ערענסט און אומעטיג.

דער אלטער צושניידט א קארטאפעל פונקט אין דער העלפט און בעווייזט מיר:

— א פיינער קארטאפעל געווען, האבען זיי איהם אין א שלעכט ארט געלעגט, איז ער אויסגעוואקסען. נישטא דא קיין בעל־הבית אויפ'ן שיף. וואס מען ווארפט דא ארוים...

רוסלאנד איז אַ גרויס לאנד, און דאריבער איז זיך נישטאָ וואו אהינצוטאָן....

---

4.

## מאַדערא.

דורך אַ גרויען פריהמאָרגען, בעגלייט פון אַ לינד ווינטעלע, שניידט אונזער שיף דעם אטלאנטישען אָצעאַן און דערנעהנטערט זיך צום אינזעל מאַדערא. הויך פון ים דערהויבט זיך דער פּרוכטבארער אינזעל; הויך ביז די וואָלקען. און אין גרויען פריה־מאָרגען זעהט ער אויס ווי אַ גרויסע, גרויסע ים־בעשעפעניש וואָס האָט אויף א ווייל דעם קאָפּ פון אַבגרונד אריוסגעשטעלט און קוקט אויס דעם ליכטיגען פריהמאָרגען. באלד וועט די זון אויפגעהן; און די ריזיגע בעשעפעניש וועט איהר קאָפּ ווידער אין אבגרונד בעהאלטען.

ערטערווייז איז דער הויכער אינזעל ליכטיג־גרין און דורכ־זיכטיג, דאָס זענען געווים גערטנער און ווייגגערטנער וואָס וויקלען דעם אינזעל איין פון זיינע פיס, וואָס ווערען פון בלויען וואסער געוואַשען ביז צום קאָפּ אויף וועלכען עס שלאָפען נאָך ווייס־ווייסע וואָלקען.

דער טאָג ווערט אַלץ העלער און העלער און מיר קומען נעהנ־טער צום שטאָלצען אינזעל. איצטער זעהט ער שוין מעהר ווי קיין וואסער בעשעפענים ניט אויס. קלאָר און דייטליך בעוויזען זיך די גערטנער און די ווייסע הייזלאך וואָס דרעמלען נאָך אין שאטען פון פּאלמען און ציפּעריסען. די הייזלאך ציהען זיך בארג ארויף צווייט אין אלע זייטען ווי ווייט די אויג קען דערגרייכען און אין זייערע שויבען קלאפּט שוין דאָס ליכט פון פרימאָרגען.

עס בעווייזען זיך די ערשטע זונענשטראַלען און וועקען און

פארבען די בלאנק־ווייסע וואָלקען וואָס שלאָפען אויף די שפּיצען פון דעם דערהויבענעם אינזעל. א מחנה ים פויגעל וואָס האָבען די לעצטע פּאָר טעג אונזער שיף פערלאָרען, האָבען זי ווידער אויפ־געזוכט און טראָגען זיך מיט אימפּעט צווישען די שטריק פון די מאסטבוימער, פּילדערען און שרייען און וועקען און ווארפען זיך אין ים אראָב.

און דער ים?

רוהיג, רוהיג שפּרייט ער זיך ארום דעם אינזעל און ליכטיג בלוי איז ער. זיין בלויקייט איז גלייך צו דער בלויקייט פון די ברעגען מזרח הימעל אין א ליכטיגען און הייסען תמוז־טאָג ווען די זונן הייבט שוין צו נידערען צו מערב־זייט. לויטער, דורכזיכטיג איז דאָס וואסער. יאהר איין יאהר אויס האָט מען דאָ ארום דעם שעהנעם אינזעל די וואסערען געזייפט און העל־בלוי געפאַרבען. אין חלום זעהען מיר אָפּטמאָל ים'ן מיט אזעלכע הערליכע פארבען; נאָר אין חלום וועבט זיך אָפּטמאָל אזא רוהיגקייט אוים, ווי די וואָס רוהט דאָ ארום און ארום.

מאדערא, מאדערא...

די גרויסע אפריקאנישע וועלט־טייל האָט פון זיך א קליינע צווייגעלע, א קליין קינד אָבגעריסען און אין ווייטען ים פערווארפען. און קוקסטו פון ווייטען צום אינזעל זעהסטו ווי ער בענקט צו דער גרויסער אפריקא — זיין מוטער.

מאדערא, מאדערא....

מיר ווייסען בלויז פון די פיינע ווינען וואָס ווערט אויף דעם פערווארפענעם אינזעל אויסגעארבייט, און שיפען וואָס ציהען פון צפון קיין דרום שטעלען זיך אָב אין די ליכטיגע וואסערען און לאָזען אויף א ווײלע אראָב זייערע רייכע, צופריעדענע און גליקליכע איינ־וואוינער אין קליינע שיפלאך, וואָס ברענגען זיי צום ברעג ארויס. און זיי, די גליקליכע, היילען זיך, לויפען און קוקען מיט ברייט גע־עפענטע אויגען אויף רעכטס און אויף לינקס; אטהעמען דורשטיג די בלומען־לופט; פארזוכען פון דעם פיינעם וויין וואָס ווערט אין

די גערטנער פון מאדערא בעשאפען, און ווען די בעשטימטע צייט קומט, הײלט מען ווידער צום ברעג, די קליינע שיפלאך ברענגען זיי צוריק צו זייער צייטווייליגער היים — זייער שיף און דורך טראַ־מייטען־מוזיק און פרייד־אויסגעשרייען ווערען זיי בעגעגענט.

יאָהר איין יאָהר אוים ציהען די שיפען מיט דער לענג פון אט־לאַנטישען אָצעאן, פון צפון קיין דרום און רוהען אין די בלוי־בלויע וואַסערען פון מאדערא. אין דער גרויסער אויפרעגונג מערקט מען ניט ווי צווישען די גליקליכע, צופריעדענע שפרייזען שטיל מיט אראָבגעלאָזענע קעפּ בלויז שאטענס פון מענשען; פון לעבען שוין צום טויט פער׳משפּט, און דערמאָנט אימיצער דעם נאָמען פון דעם שעהנעם אינזעל, צינדט זיך א פייערל אין זייערע הערצער אן, צינדען זיך די אויסגעלאָשענע אויגען אָן און די דורשטיגע בליקען קוקען נייגיעריג אהין וואו פון די בלויע וואסערען דערהויבט זיך ביז צו די וואָלקען דער גרין בעצירטער אינזעל. און ווען די גליקליכע, געזונטע לאָזען זיך מיט ליארעם אראָב צו די קליינע שיפלעך, גע־הען שטיל צווישען זיי די „שאָטענס פון מענשען" מיט אן איינ־געהאלטענעם אָטהעם הערען זיי זיך צו צום קלאַפּען פון זייער איי־גענעם הארצען. צוזאמען מיט די גליקליכע ווערען זיי אויך צום ברעג ארויסגעפיהרט אבער צוריק קערען זיי זיך צום שיף ניט אום. ערגעץ צווישען די וויינגערטנער ווערען זיי פערשוואונדען...

עס ציהען שיפען דורך דער לענג פון אטלאַנטישען אָצעאן. דאָ ביי מאדערא בלייבען זיי רוהען. דאָ פערלאָזען דעם שיף מענשען פון לעבען צום טויט פער׳משפּט׳ע. דורשטיג אָטהעמען זייערע צו־לעבערטע לונגען די מילדע לופט וואָס איז מיט בלומען־ריחות אוים־געמישט. אויף א רגע בליהט זייער האָפנונג אויף. העבער, העבער פארקלייבען זיי זיך, זיצען אין שאטען פון פאלמען און ציפּעריסען און קוקען מיט בענקנישפולע אויגען צום ברייטען ליכטיגען ים, צו די שיפען וואָס ציהען צוריק פון דרום קיין צפון — און מאכען דעם וועטאָג נאָך טיעפער, די וואונד — נאָך ברייטער...

* * *

בלומען, בלומען און בלומען און מען פאהרט אויף שליטענס.

ניט קיין פראָסט־בלומען זענען איצטער אין מאדערא און ניט איבער שנע גליטשען זיך די שליטענס מיט אָקסען געשפּאנט. עס זענען די בלומען נאָך וועלכע מיר בענקען אזוי דעם גאנצען ווינטער לאנג; און ווייל די וועגען ציהען זיך כסדר בארג ארויף, בארג ארויף, זענען זיי מיט קליינע גלאטע שטיינדלעך אויסגעפלאסטערט און איבער זיי שלעפּען זיך מיט בעל־בתישען טאקט גרויסע, פעטע אָקסען געשפּאנט אין א קליינעם שליטען מיט א לייוועגטענעם דע־בעלע.

און וואו זענען דאָ קיין בלומען ניטאָ? מען קען מיינען, אז דאָ בליהען צוזאמען מיט די בוימער — די הייזער, די צוימען, די וועגען.

עס בליהען גרויסע אונגעלומפּערטע קאקטעסען אויף גלייכע פעלזען זיך טשעפּענדיג; עס בליהען אָהן צאָהל האלעיאנדער בוימער און נידריגער — רויזען און גאלדענלאק, לעוואקאי און פוקסלאָך, גליהענדע מאָן־בלומען און פארשידענפארבינע נעלקען — אלץ אין איינעם צונויפגעפלאָכטערט. און קומסטו צום ערשטען מאָל אויפ'ן אינזעל שפּירסטו, אז ניט קיין לופט אטהעמען דיינע לונגען — נאָר א שטארקען געטראנק טרינקסטו און ווערסט פון איהם שיכור'לאָך. ס'איז ערשט ארום ניין אין דער פריה און דאָס ליכט בלענדט און ווארעמט און די ברעמען לאָזען זיך ניט ווילענדיג אראָב.

און בעטלער פארמאָגט דער אינזעל אין אלערליי געשטאלטען: בלינדע, הויקערס, לאָמע און גלאט אזוי פארזעהענישען. פון וואנען האָבען זיך דאָ אזוי פיעל קאליקעס גענומען אויף דעם בליהענדען גן־עדן אינזעל? האָט מען עס די רייכע רייזענדער צו פערדאנקען וואָס קומען אהער דעם אינזעל בעקוקען? אָדער אפשר די אלע לונגען־קראנקע וואָס קומען אהער שטארבען פאר דער צייט האָבען די דאָ־זיגע צירונג בעשאפען? עס מאכט דעם איינדרוק, אז טאָג איין, טאָג אויס, זיצען די בעטלער אויף די דערהויבענע וועגען און קוקען צום בלויען ים ארויס און ווארטען אויף די שיפען וואס וועלען אין

זייער האפּען קומען און אורחים פאר זיי ברייננען.

גלייך ווי מען בעטרעט דעם אינזעל, ביים שטאָדט־גארטען וואו עס צושיידען זיך די וועגען, אונטער א פּאלמע, ליגט אין א שוואר־צען ארון אזא מין מענש: גרויס ווי א קינד פון פינף יאָהר און מיט א קאָפּ גרויס ווי א צעבער, אַנגעטאָן אין שווארצען; אויף דעם קינ־דערשען האלז און אויף די קינדערשע הענטעלעך ווייסע קראגען און מאנזשעטען און א פּאָר אויגען טונקעלע, גרויסע, איינגעפאסטע אין דעם גיגאנטישען קאָפּ בעגלייטען יעדען פארבייגעהער. נעבען דעם זיצט אַ דאַרער אויסגעצויגענער יונגערמאן און מיט א בעשיי־דענעם ווינק בעט ער א נדבה.

מיין בעגלייטער, דער יונגער דייטש, שפּייט אזש אויס פון כעס:

— דאָנערוועטער, וואָצו ברויכט מען נאָך דיעזעס היער?!

מיר זעצען זיך אין אן אטאָמאָביל (ווי עס שיינט לעבען דאָ די אָטאָמאָבילען ווי די בלעטער נאָר פון די פרעמדע געסט) און לאָ־זען זיך דעם אינזעל בעקוקען.

וועגען און הינטערוועגען אלץ ציהט זיך בארג ארויף. צווישען בלומען־ווענט ציהען זיך גאסען, שמאָלע מיט קליינע גלאטע שטיינ־דעלעך געפלאסטערט. דער שאופער טרייבט שנעל און געשיקט דעם אָטאָמאָביל דורך די ענגע און געדרעהטע גאסען און וועגען. עס טראָ־מייטערט גרילציג א וועג זיך צו מאכען. עס ציהען זיך שורות אָקסען אין שליטענס געשפּאנט. אין די שליטענס זיצען געסט פון ווייטע לענדער. ווען אונזער אָטאָמאָביל טראָגט זיך פארביי, איז צוזאמען מיט די אַנטרייבער, ווארפען אויף די אָקסען אונז נאָך א שטומען פעראכטונגס־בליק:

— פּריצים! וואָלטען זיך בעסער אין אַ שליטען ארייננעזעצט. דאָס מזל וואָס איז אין א שליטען איז בעסער צו פאָהרען.

מיר זענען שוין גאנץ הויך אין די בערג. פון ווייטען זעהט זיך דער בלויער ים, ציהט זיך ברייט, ברייט ווי ווייט די אויג קען פער־כאפּען און איז בעגאָסען מיט ליכט פון דער דרום זונג. פון ווייטען

זעהט זיך אונזער שיף, שטעהט זייט ביי זייט מיט א צווייטער שיף וואָס איז אויך היינט באגינען פון ווייטען וועג געקומען און זיי דערצעהלען זיךביידע מעשיות פון וועג־געשעהענישען און פון די סודות וואָס עס קומט פאר ביי זיי אין דער טיף.

אונזער וועג שניידט דורך וויין־גערטנער, באַנאַנעס, צוקער־רעהרליך. מיר קומען ארויס אין א ווינקעל־זייט ביים ברעג. פּאָר־טוגעזען, פון דער זונן ברוין געברענטע, בינדען אין גארבען גרינע צוקער־שטעקענס און ארום דעם, און איבער דעם שוויבלען אָבגעריי־סענע קינדער און פליגען. די קינדער גריזשען די שטעקלאך און נאָ־גען פון איהם דעם צוקער ארויס מיט א שוים ארום מויל און די פליגען פלאטערן פון אָרט צו אָרט און נעהרען זיך מיט'ן צוקער־זאפט. אז מיר דערנעהנטערן זיך אנטלויפען די פליגען און די אָב־געריסענע, אָבגעברענטע אינגלעך נעהמען די זיסע שטעקלעך פון מויל ארויס, ווישען ס'מויל אָב מיט'ן ארבעל און שטרעקען די הענד אוים: פּעני, פּעני...

געלד הייסט עס זאָל מען זיי געבען; דאָס אלץ וואָס זיי ווייסען.

— ניין, ביי אונז אין דייטשלאנד גיבט זאָ איינע שווינעריי ניכט, — ברוגז'ט זיך מיין בעגלייטער און ער הייסט זיך פיהרען אין א שענק אריין וואו מען קען דעם אמת'ן וויין פערזוכען.

געטראָפען האָבען מיר צום ריכטיגען אָרט. א זייטיג געסעל, אפילו געגוג בהמה'ישע מיסט פאר'ן שוועל, נאָר עס שאדט ניט. אין טיר בעגעגענט אונז א לעבעדיגער, שווארץ חן'עווודיגער יונגער מאַן און פון זיין מויל שלאָגט א גאנצער פאָנטאַן מיט בעגריסונגען אין וואָס פאר א שפּראַך איהר ווילט: באָן־זשור, גוט־מאָרגען, בונעם־דיעס, זדראווכטוואויטע, דזען דאָבר! און דאָס אלץ ווערט אזוי זיס און אַזוי שלעכט ארויסגעזאָגט, אז איך טראכט דאביי:

— אויב דיין וויין איז אויך אַזוי שלעכט און אַזוי זיס, האָט ניט געלוינט דעם הויפען מיסט איבערצוטרעטען און אין דיין שענק אריינצוקומען.

עס לאָזט זיך אבער אוים פארקעהרט. ווײל מען מאדערא־וויין טרינקען זאָל מען קײן מאדערא קומען. נאָך דער ערשטער גלאָז וויין ווערט מיין בעגלייטער אזוי סענטימענטאל אז איהם ווילט זיך געהן אויפ׳ן בית־עולם.

— דאָ שטארבען דאך אזוי פיעל פרעמדע, צווישען זיי געווים דייטשען אויך. — הויבט ער אָן צו פאנטאזירען — דייטשען מוזען דאָ געווים אַן אייגענעם בית־עולם האָבען!

ער נעהמט דאָס פלעשעל מיט דעם ניט אויסגעטרונקענעם וויין אונטער׳ן ארעם און איך — נאָך איהם. אלס סאָלידאריטעט געה איך איהם העלפען זוכען א דייטשען בית עולם...

אויפ׳ן וועג צום בית עולם טרעפען מיר דעם אַרטיגען קלויס־טער. אהין אויך אריינגעגאנגען. ווייל מען שטארבט דאָ גאַנץ אָפּט, און ווייל אנשטאט נשמה־ליכט, ווייזט אוים, ברענגט מען דאָ בלו־מען, איז וואו נאָר א לעדיגער פּלאַץ שטעהן בלומען אין וואַזען און וועלקען. דער ריח פון וועלקענדע בלומען ווען זיי שטעהן אין וואסער איז גאָר ניט אזוי אנגענעהם; איך ציה מיין בעגלייטער פאר׳ן ארבעל אויף דער גאס ארוים.

דורך צוויי שורות פּאלמען און ציפּעריסען פיהרט דער הויפּט־איינגאנג צום בית־עולם פון די פרעמדע, וואָס האָבען דאָ אין בענק־שאפט מיט צולעבערטע לונגען די לופט געשלונגען און די לעצטע טעג דערלעבט. דעם טויער עפענט אונז א שלאנקע פּאָרטוגעזישע מיידעל מיט א מאט־ברוין געזיכט און טונקעל־ברוינע אויגען; איה־רע בעוועגונגען שטילע, גאנץ עלעגאנט געקליידעט, דעם קברן׳ס טאָכטער זעהט אוים. זי בעגריסט אונז גאנץ איידעל אויף ענגליש און ווארפט דאביי א בליק צום פלעשעל וואָס ביי מיין בעגלייטער אונטער׳ן ארעם. מיר שפּאנען צווישען די אלייען. אלע קברים אויפ־געפּאסט, אלע קברים מיט בלומען בעציערט. די מצבות כמעט אלע מיט ענגלישע אויפשריפטען. לייענסט: דאָרטען געבוירען, פון דאָר־טען געקומען, דאָ אין מאדערא געשטארבען. עפּעס איינער, א סע־מיאָנאָוו, פון מאָסקווע האָט זיך אויך אהער פארקליבען צו שטאר־

בען. אויף זיין מצבה איז דער אויפשריפט אין ענגליש געמאכט.

— דאַנערוועטער, א ווירטהשאפט, קיין איין דייטשע מצבה ניטאָ! „פאַן שולצע“ געווים א דייטש און דער אויפשריפט אויף ענגליש — געהט שוין מיין בעגלייטער גאָר פון די כלים ארוים.

די געמיטליכקייט וואָס הערשט דאָ ארום און די גרויסע מאַסע בלומען וואָס וואקסט דאָ איבעראל, מאכט גאָר פארגעסען, אז אויף אַ בית־עולם געפין איך מיר. נאָר דאָס מאָל ציהט מיר שוין מיין בעגלייטער ביים ארבעל מיר זאָלען שוין פון דאנען אוועקגעהן. די אייגענע עלעגאַנט־געקליידעטע מיידעל מיט'ן שמאָל ברוינעם גע־זיכט און טונקעל ברוינע אויגען עפענט אונז ווידער דעם טויער אויף און מיר זיינען אויף דער פרייער וועלט.

די זונן ברענט. כאָטש אנגענעהם דאָך שפירען מיר זיך ביידע מיעד. מיר זעצען זיך אין א מאָטאָר־שיפעל און הייסען זיך פיהרען צום שיף. דער מאָטאר קאפריזעט זיך און בלייבט יעדע ווײלע שטעהן. א פארשמירטער פאָרטוגעזער פאָרקעט זיך אין מאשינדעל, עס הויבט אָן צו פופ'ן און פאפ'ן אין דעם אלט־פרענקישען מאָטאָר און ווי עס איז דערשלאָגען מיר זיך צו אונזער ציעל.

אונזער שיף איז ארומגערינגעלט מיט א מחנה קליינע שיפלעך ווי פון א שונא בעפאלען. פון די שיפלעך ליארעמט מען, שרייט מען ארויף אויבען צום דעק צו די פאַסאַזשירען פון ערשטען קלאס. ס'איז זעהר עהנליך צום געשריי פון די ים־פויגעל וואָס טראָגען זיך ארום און כאפען שטיקלעך ברויט וואָס מען ווארפט זיי אין ים אריין. דאָס זענען טויכער אין די שיפלעך. פון אינזעל געקומען. גרעסערע און קלענערע און גאָר קליינע, בלויז אין צוריסענע באָד־הויזלעך שרייען זיי מען זאָל זיי פון אויבען געלד אראָבוואַרפען. און אז מען ווארפט פון דער אויבערשטער דעק א מטבע אין ים אריין ווארפט זיך דער טויכער מיט'ן קאָפּ אראָב אין וואסער נאָך דער מטבע און ער כאפט זי. אנדערע קלעטערען ארויף אויף דער העכסטער דעק פון אונזער שיף. פון דאָרט ווארפט אימיצער א

הויך. דאָס וואַסער איז קלאָהר און מען זעהט ווי ער יאָגט זיך מיט'ן קאָפּ אראָב נאָך דער זילבערנער מטבע.

דאָס זענען שוין ניט קיין בעטלער. ווארפט אימיצער א קופּער־נע מטבע, כאַפּט ער זי און ווארפט זי מיט שטאָלץ צוריק אין ים אריין. — „קיין קופער נעהמען מיר ניט".

איך קליב מיר ארויף אויף דער העכסטער דעק פון אונזער שיף. איך ווארף נאָך אמאָל א בליק צום אינזעל מאַדערא. איצ־טער זעהט ער מיר נאָך דאָפּעלט שעהנער אויס. איך שפּיר אז ניט נאָר איין מאָל וועל איך נאָך פון דעם אינזעל טראַכטען.

א שאָד נאָר וואָס אזוי פיעל בעטלער זיינען אויף דעם בליהענ־דען אינזעל פאראַן און מענשען האָבען זיך אהין שטארבען פער־קליבען.

---

## 5.

## ביים עקוואַטער.

שוין צוויי וואָכען איז וועג, און וואָס נאָהנטער צו דרום אַלץ אין א טיעפערען זומער קומען מיר אריין.

נאָך איין טאָג איז אונז ביז צום עקוואַטער געבליבען. די לופט איז שווער, היים און פייכט. דער טאָג איז קורץ. ארום זעקס איז שוין נאַכט. דאָ, זעהט אויס, האָט דער טאָג מיט דער נאַכט זיך אויסגע־גלייכט. צו קיין גרויסע מלחמות קומט עס ניט:

ווי נאָר די זון פערגעהט פארנעהמט די נאַכט שנעל איהר פּלאַץ. קיין בין־השמשות ווי ביי אונז איז דאָרט ניטאָ. און דער טאָג, כאָטש ער איז קורץ, ציהט ער זיך אונענדליך לאַנג.

מיין שכן ביים טיש און אויך מיין בעגלייטער אויף דער יבשה, א גאַנץ אינטעליגענטנער דייטשער יונגער־מאַן האָט פון לאַנגוויי־ליגקייט ווידער פערפירט מיט מיר א שמועס וועגען דעם, אז אידען זענען א שלעכט פאָלק און אַז...

געענדיגט האָט זיך מיט דעם, אז איך האָב איהם איבערצייגט, אַז די מאַדערער אַנאַנאַסען זענען ניט וועניגער געשמאַק פון די קאַליפאָרניער.

איך בעדארף אייך זאָגען אז אפילו דאָ, אויף אזא אינטערנאַ־ציאָנאַלע שיף ווי אונזערע, וואָס פיהרט פּאַסאַזשירען אַזש קיין אַר־גענטינע, אפילו דאָ האָבען מיר דעם יודענהאַס אין דעם אימער ניט פרישען געשטאַלט.

די פרוי פון דעם רוסישען קאַנסול איז בונעס איירעס, האָט מען מיר איבערגעגעבען, האָט געבעטען מען זאָל מיך מיט איהר ניט בעקאַנט מאַכען ווייל איך בין א איד. צוליעב דעם זאָגאַר האָט זיך געגרינדעט צוויי קאָמפּאַניעס פאַר גאָלף־שפּיעל; אין איינער בע־טהייליגט זי זיך און אין דער אַנדערער איך, דער איד. נאָר נעכטען אין דער הייסער טעמפּעראַטור פון דעם עקוואַטאָר געגענד איז איהר קליינעוקער יודענהאַס צושמאָלצען געוואָרען. גאַנץ אונערוואַרטעט האָט זי זיך געווענדעט צו מיר אויף רוסיש, אויב איך קען פון פּאַ־פּיר מאַכען א שיף. די קינדערלעך וואָס שטיפען אויפ'ן דעק שיף האָבען עס ביי איהר געבעטען. איך האָב מיר געפּרובט דערמאָנען די קינדערשע נאַרישקייטען פון די ליעבע, גוטע, חדר יאָהרען און פון פּאַפּיר א שיף געמאַכט. די קינדער האָבען געטאַנצט פאַר שמחה. און ווי עס שיינט האָב איך מיט דעם אין גאַנצען דעם יודענהאַס מנצח געווען. אביסעל שפּעטער האָבען מיר זיךביידע צוגעקוקט צו די פליהענדע פיש וואָס רייסען זיך יעדע ווייל"ע מחנות־ווייז אַרויס פון וואַסער און טראָגען זיך אין לופטען בלאַנקענדיג מיט זיי־ער זילבער פאַרב אַנטקעגען דער זון. וועט עס אפשר דויערען בלויז ביז די לופט וועט אָנהויבען ווידער קיהל ווערען? איך גיב מיר אי־בער אינגאַנצען אין די הענט פון דער צוקונפט.

א גאַנץ קליינע קינדער פאַמיליע האָבען מיר דאָ, הערשט צוויי־שען זיי א קליינע קינדער־טראַגעדיע. צוויי קינדערלאַך אינגלאַך, אין עלטער פון דריי ביז זיבען, געהערען א שפּאַנישער פאַמיליע, רע־דען זיי נאָר שפּאַניש און עטוואָס פראַנצויזיש. און פּונקט פון דער אייגענער גרויס צוויי קינדער, דער אינגערער א אינגעלע און ס'אַנ־דערע א מיידעלע — געהערען אַן ענגלישע פאַמיליע און רעדען בלויז ענגליש. איינער דעם אַנדערענ'ס שפּראַך פערשטעהען נישט. דאָך

האבען זיי זיך געפונען אן אויסוועג ווי זיך צו שפּיעלען צוזאמען. מען קומט זיך גאנץ גוט אוים מיט מימישע בעוועגונגען. אויפ'ן וואונק, וויל איינער דעם אנדערען זיין ליעבע אויסדריקען, איז איינפאך: ארומגענומען זיך און געקושט איינער דעם אנדערען.

האבען אבער, ווי עס זעהט אוים, די ענגלישע עלטערען אויס־געמאַסטען, אז דער גראד פון דעם שפּאנישען אריסטאָקראטיזם איז נידריגער און — די קינדער פארוועהרט צושפּיעלען זיך צוזאמען. קוקען די קינדער איינער צום אנדערען מיט אזעלכע טרויעריגע אוי־גען און פערשטעהען ניט וואס אזעלכעס איז געשעהן.

אין אונזער זארגלאָזען לעבען האט היינט וויכטיגעס געטראָ־פען: א פּאר פּאַסט־טויבען זענען געקומען צופליהען און אבגע־שטעלט זיך רוהען אויף אונזער שיף. פערמאַטערטע פון לאנגען וועג און הונגעריגע האבען זיי זיך אויף אונזער שיף אבגעשטעלט רוהען. צוגעוואוינט צו מענשען, האבען זיי פון האנט געגעסען און שפּעטער האט מען זייביידען געכאַפּט. דער עולם האט זיי ארומגע־רינגעלט און מיט דרך־ארץ געקוקט אויף די זילבערנע רינגלאך וואס אויף זייערע פים. יעדערער האט געפונען פאר נויטיג צו לעזען וואס אויף די רינגעלאך איז געשריבען — אנדערע האבען עס ביי זיך אין נאָטיץ ביכעל פארשריבען און מיט אן ערנסטער מינע ארויסגעזאָגט זיין השערה פון וואנען די וויכטיגע פויגעל־געסט זע־נען געשיקט געוואָרען.

און די טויבען האלטען זיך רוהיג. לאָזען זיך בעטראַכטען. מען זוכט אונטער זייערע פליגעל, אפשר א שטעמפּעל פאראנען, א ברי־וועלע פאראנען. מיר האבען דאָ א פּראָפעסאר פון גענף, דער בע־קאַנטער באָטאַניקער ש. ער האט א פארגרעסער גלאָז געבראכט און די אותיות אויף די רינגעלעך געלעזען. צוגעמענדיג די גלאָז פון די אויגען האט ער אויך מיט דרך־ארץ געקוקט אויף די דרייסטע פויגעל וואס האבען זיך אין אזא ווייטען וועג געלאָזען, אימיצענס א שליחות אויסצופיהרען. ער נעהמט די טויבען צו זיך אין די הענט און בעטראַכט זיי נאָך אמאָל. די טויבען אבער האלטען זיך רו־

היג. בלוילעך־ווייסע, גרויסע און שטאָלצע מיט גרויסע קעפּ און גרויסע, בלויע, קלוגע אויגען קוקען זיי דעם עולם ארום.

— זיי דיענען דאָך דער מענשהייט, בעדויערט א דאמע, און איך האָב היינט צו פרישטאג גראדע געפּילטע טויבען געגעסען...

אָ, דו גרויסער גאָט, מיט דיינע מענשען קינדער מיט דער אַריי־מער מענשהייט וואָס שוויצט דאָ נעביך אזוי שטארק אויף דעם עקוואטאָר!

וואָס פאר א נארישקייטען האָט מען שוין ניט צוגעקלערט דאָ פאר די לעצטע עטליכע טעג?

איין גרופּע פּאסאזשירען קלייבט זיך דערהיטען דעם מאָמענט ווען מען וועט אויפ'ן רעכטען עקוואטאָר זיין און זעהן דעם פּאס וואָס צוטהיילט אונזער ערד־קוגעל אויף צווייען. אייניגע זאָגאר פערזיכערען, אז זיי שפּירען ווי זיי פאָהרען בארג ארויף. אנדערע גלויבען אז מען וועט אונזער שיף מוזען אויפ'ן טאָרמאָז נעהמען ווען זי וועט זיך אָנהייבען פון עקוואטאָר אראָפּלאָזען.

לציים האָבען אויסגעטראכט אז אויפ'ן עקוואטאָר שטעהט א פייער־שיף און נעהמט איבער די פּאָסט וואָס ווערט אין א געוויי־סער שטונדע געשריבען, און פריי, אָהן פּאָסט־מארקען, ווערען די בריעף אוועקגעהן. אפילו דער וויץ האָט אויך אַ ערפאָלג און פיעל זיצען און שרייבען בריעף און לאָזען זיי אָהן פּאָסט־מארקען אין בריעף־קאסטען אראָב. — — — —

מען דערצעהלט, אז א פּאָטער האָט אמאָל געשיקט זיין זוהן רייזען איבער דער וועלט. אז דער זוהן איז צוריקגעקומען פון זיין רייזע, האָט ער דעם פּאָטער דערצעהלט פון אלץ וואָס ער האָט זיך אונטערוועגס אָנגעזעהן. שווימענדיגביים עקוואטאָר האָט ער פליהענדיגע לייבען געזעהן, פליהענדיגע שלאַנגען און עקדישען געזעהן, פייערדיגע שיפען בעגעגענט; צוויי לבנות געזעהן... דער פּאָטער האָט אלץ געגלויבט. צום סוף, ווען ער האָט איהם דערצעהלט אז ער האָט ביים עקוואטאָר געזעהן פליהענדיגע פיש —

— דאָס מיין קינד זאָגסטו אַ ליגען ! — האָט איהם דער פאָ־טער שטרענג איבערגעשלאָגען. — — —

ווי איהר זעהט פליהט די פאַנטאַזיע אין דער הייסער, פייכ־טער און פערשטיקטער לופט, גאָר ניט אַזוי האָיך און גאָר ניט אַזוי וויַיט — נאָר אַז דאָ פליהען אום פּיש איבער'ן אויבערפלאַך פון וואַסער — דאָס איז אַן אמת.

---

6.

## צום ווייטען גלות־לאַנד.

דורך רעגען און נעבעל דערנעהענטערט זיך אונזער שיף צו בו־נעס־איירעס, די הויפּט־שטאָדט פון אַרגענטינע — אונזער ווייטע, ווייטע גלות־לאַנד.

מיר געהן אַנטקעגען דעם שטראָם פון לאַ־פּלאַטאַ אויסגאָס. ס'וואַסער האָט פון ווייטען אַ זילבער־אָבגלאַנץ, אָבער פון נאָהענ־טען, דורך דעם נעבעל, איז עס געל־ברודיג און זעהט אויס ווי שטאַר־קער טיי, וואָס מען האָט אין אַ גלאָז פון מילך אַריינגעגאָסען.

זאָרגלאָז לערענט מען זיך אויס צו לעבען אויפ'ן שיף. גאַנצע דריי־און־צוואַנציג טעג דאָ געוועזן מיין היים. אין דעם זאָרגלאָזען שיפס־לעבען נעהמט מען זיך גאָרניט אַזוי שטאַרק צום האַרצען ווען ס'קומט עפּעס אַ ידיעה פון דער פערשטויבטער וועלט. אפילו אַזאַ וויכטיגע ידיעה, אַז אין באָסניען האָט מען דעם עסטרייכישען קרוין־פּרינץ און פּרינצעסין אומגעבראַכט, האָט אויך דאָ קיין גרויסען איינדרוק ניט געמאַכט.

— דאָנערוועטער, די לייטע זינד פעררי‌קט דריבען ! — האָט בלויז איין דייטש זיך צובייזערט.

און ווירקליך, אַז דו געוואוינסט זיך צו מיט'ן לעבען אויסער־

האלב דער „וועלט", דאכט זיך דיר, אז די מענשען אויף דער ערד זענען ניט ביים רעכטען זינען.

קומסטו אבער נעהנטער צום געווינשטען פלאץ פערלאזט דיך די זארגלאזיגקייט, און ס'כאפט ארום אן אונבעשטימטע אונרוהיג־קייט.

בונעס־איירעס...

די הויפט־שטאדט פון ארגענטינע. וואס הערט מען זיך ביי אונז ניט אן וועגען יענעם לאנד און יענער שטאדט! עפעס אונ־היימליכעס דערצעהלט מען דאך ביי אונז איבער דער שטאדט בו־נעס־איירעס.

און די מעשיות איבער אידישע טעכטער, וואס זענען פאר־נארט געווארען דורך אונבעקאנטע מענשען און פון טאטע־מאמעס הויז פערפיהרט געווארען... אויף אייביג ערגעץ פערפיהרט געווא־רען, וואו אין דער פינסטער ווערט זייער לייב געפייניגט... — בו־נעס־איירעס, הייסט דאך יענער פינסטערער פלאץ...

ארגענטינא הייסט דאך דאס לאנד...

און אין יענעם לאנד האט זיך דאך אמאל די אידישע האפנונג בעוויזען און געוואונקען, און געשמייכעלט צו אלע אידען אין די ווייטע, קאלטע גלות־לענדער...

— קומט אהער, קומט אהער, עס ווארט א לאנד דא פאר אייך.. האניג און מילך פליסט דא רייך... ברויט און פלייש איז דא פאראן צו זאט... זון און גליק געוועלטיגען דא. קומט אהער מיט זיהן און טעכטער, פלאנצט זיך איין אין לאנד פון גליק, ס'ווארט די שפע אויף אייער קומען... קומט וואס שנעלער, קומט וואס שנעלער!...

ווי לאנג איז עס געווען? ערשט נעכטען איז עס געשעהן. אין לאנגע שורות האבען זיך געצויגען די וואנדערער פון רוסלאנד, פוי־לען, גאליציען און רומעניען. און פון וואנען דען ניט? פון אלע עקען וועלט האבען זיך אידען געצויגען אהער און דא אין דעם „לא־פלאטא" אויסגאס, ביי די טויערען פון יונגען לאנד, זענען די איינ־ציגע שורות פעראייניגט געווארען, און איין מחנה זיך פערוואנדעלט

און מיט פרייד און שרעק האָבן יענע וואנדערער ס'ערשטע מאָל דאָס געבענשטע לאַנד דערזעהן...

ס'איז דאָך אמאָל א שעהנער חלום געווען דער וועג קיין אר־גענטינע. ס'אידישע פאָלק האָט פון גליק אָנגעהויבן צו חלום'ען, און טרוימענדיג איין וועג זיך געלאָזען. מיט דעם בילד פון יענעם וואָס האָט דעם וועג אהער געוויזען האָבן דאָך פרומע אידען די ווענט פון זייערע הייזער בעציערט...

אבער איצטער... יענע שורות זענען מעהר ניטאָ. אויף די וועגען, אויף שייד־וועגען פון אלע לענדער קענט איהר טרעפען איי־נעם־צוויי, וואָס קומט פון דער ווייטער ארגענטינע און ס'פּנים איז חושך; מיעד און צובראכען, אָהן איין טראָפּען האָפנונג אין האר־צען. און טרעפסטו נאָך אמאָל איינעם אהין ציהענדיג, און הייב־סטו אָן רעדען צו אזא פערשפּעטיגטען, כאפּט דיך א פּחד אָן צו זעהן, ווי ווייט דער יאוש פון אונזערען אָן אויסוואנדערער גרייכט.

— וואוהין פאָהרט א איד?

— כ'ווייס אליין ניט.

— וואָס רעכענט דאָרט א איד צו טאָן?

— כ'ווייס אליין ניט.

אין ריאָ־זשענערא האָב איך א פּאָר אידישע יונגע לייט גע־טראָפּען אין גאס.

— בונעס־איירעס איז א שטאָדט פון אידען — האָט מיר איי־נער, מיט א פערברענטען פּנים, געזאָגט. „א שטאָדט פון אידען"... אפשר וועל איך מיר אין דעם איבערצייגען.

אין ריאָ־זשענערא איז אויסגעשטיגען די אידישע פאמיליע פון בערסאָנער גובערניע. פאָטער־מוטער, צוויי פריילינס און דריי אינגלעך פון פופצעהן יאָהר און אינגער. „אדם־נאקעט" זענען זיי געווען. כמעט אָהן א פּרוטה זיינען זיי ביז צו דער בראזיליאנער הויפּט שטאָדט געקומען. דאָ, אין ריאָ־זשענעראָ האָט זיי איבערגע־נומען אָן אגענט פון דער רעגירונג, און אויף דעם חשבון פון דער

רעגירונג וועלען זיי איבערגעשיקט ווערען ערגעץ אין דער פראָווינץ „ריאָ־גראַנדע־סול“.

וואָס וועט דאָרט טאָן דער איד מיט די איינגעפאַלענע באַקען?

וואָס וועט דאָרט טאָן דער איד מיט'ן צעריסען געמיטה? צי וועט דען ניט ארויסשפּרינגען דער אקער־אייזען פון דער ערד, שפּירענדיג אויף זיך די ניט זיכערע האַנד פון דעם אידישען גלות־מענשען?...

וואָס וועלען זיי דאָרט טאָן אין אזא פערוואָרפענעם ווינקעל? איך האָב דאָך שוין אליין בעגעגענט מענשען לויפענדיג פון דאָר־טען.

— וואָס פאַר אַן אונגליק ציהט אהין דעם אידען מיט איינגע־פאַלענע באַקען? צי וועט איהם די אייגענע רעגירונג אזוי פריינד־ליך און אזוי הארציג העלפען ארויסקלייבען זיך פון דאָרטען, ווען איהם וועט שלעכט זיין?

— ניין, דאָס געוויס ניט!

אויף דעם אייגענעם שיף פאָהרען די סיביריער פויערים קיין ארגענטינע. מיט וואָס פאַר א זיכערקייט זיי פאָהרען! די הענד בענקען צום אקער־אייזען. און מיט וואָס פאַר א זיכערקייט זאָגט ער, אז בונעס־ארעס איז א שטאָדט פון רוסען... מען קען איהם גלוי־בען. א רוסישען קאָנסול וועט ער געוויס געפינען, וואָס וועט זיך פאַר איהם אָננעהמען... וואָס אידען האָבען דאָרט — וויים איך ניט. נאָר, אז קיין קאָנסול האָבען זיי ניט — דאָס איז זיכער... — — —

דער נעבעל ווערט געדיכטער. די שיף האַלב אב איהר גאַנג און ברילט, אזש די לופט ארום ציטערט. דער וועג איז דאָ א שמאָ־לער און ניט קיין זיכערער. דורך'ן נעבעל זעהן זיך נאָך שיפען וואָס שטעהן פאַראנקערט. און פון צייט צו צייט ברומען זיי ארויס:

— היט זיך!...

און מיר קומען אלץ צו נעהנטער צו די טויערען פון בוענס־איירעס.

אויף דער פאָדערשטער טײל פון שיף פאָהרען שפּאַנישע אי־מיגראַנטען. ווי נאָר די זון געהט אויף, הויבט אַן צו הילכען זייער געזאַנג. אויך איצטער קען דאָס ברילען פון שיף ניט שטיל מאַכען זייער געזאַנג. אַן אייגענער דאָקטאָר פאָהרט מיט זיי מיט. און כאָטש די שיף איז פערזאָרגט מיט אַ דאָקטאָר — דאַך מוז פאָהרען אַ שפּאַנישער אויך — אַזוי פאָדערט דאָס שפּאַנישע געזעץ!

די שיף איז אַ דייטשע. און דאַך פאָהרט מיט אלס קאָמיסאַר אַ קאַפּיטאַן פון אַ שפּאַנישער קריעגס־שיף, און פון ווייטען גיט ער אכטונג ווי זיינע לאַנדסלייט ווערען בעהאַנדעלט.

אַזוי פאָדערט דאָס שפּאַנישע געזעץ!

וואָס קען אונזער געזעץ פאָדערן פאַר אונזערע אימיגראַנטען?

האָבען דאָך געוויס קינדער פון אונזער פאָלק, אין די אלטע, שעהנע צייטען, משפטים געצייכענט פאַר די קינדער פון שפּאַניען, וואָס זינגען איצטער דאָרט אויף דער פאָדערשטער זייט פון שיף.

דאָס לאַנד, וואוהין איך פאָהר, האָט אמאָל צו זיי געהערט, און אויב די צייט האָט זייער הערשאַפט אומגעבראַכט, דאַך פערהיט נאָך דאָס „געזעץ" זייער רעכט...

מיר האָבען גערעכטיגקייט, אָבער נישט קיין געזעץ...

זיצען די פּאַסאַזשירען, קינדער פון שפּאַניען, און זינגען זייער'ן אַ פאָלקס־ניגון, וואָס איז כמעט דער אייגענער ניגון פון אונזער „אקדמות".

און נעבען מיר שטעהט דער בעקאַנטער באָטאַניקער ש., פּראָפעסאָר אין גענף, און זיין גרויער קאָפּ לויכט פאַר צופריע־דענהייט. ער וויל מיר איבערצייגען, אַז אין די אָדערען פון די שפּאַנישע לייט פליסט זעהר פיעל אידיש בלוט.

— איך וויים עס, ליעבער פראָפעסאר!

אידישע בלוט פליסט אין די אָדערען פון גאנצע פעלקער. אידיש בלוט פליסט אין די אָדערען פון די גרעסטע דייטשע אדע־ליגע. אזוי האָט דאָך בעוויזען איינער פון זייערע שווארץ אויף ווייס. יא, אידיש בלוט פליסט אין די אָדערען פון גאנצע פעל־קער... אלע, אלע ווייסען עס.

נאָר, אז אידיש בלוט פליסט אין די אָדערען פון דער אלטער, גרויער ערד...

— ווייסט איהר עס, ליעבער פראָפעסאר?... — — — — — — —

בונעס־איירעס, בונעס־איירעס, ווי אונרוהיג ווערט מיין גע־מיטה ווען איך דערנעהנטער זיך צו דיין שוועל!

---

## 7.

## וואו נעהמט מען א איד?

די הויפטשטאָדט פון ארגענטינע האָט זיך געקליגט צו בע־שאפען אן איינגענעמען געפיהל ביי דעם פרעמדען, וואָס קומט נאָר וואָס אָן פון פרעמדע לענדער, מיט דעם, וואָס דער האפען געפינט זיך אין שכנות מיט דער שעהנערער טייל שטאָדט.

אין די גרויסע מעהרערע גרויסע האפען־שטעט פון אייראָפּע, אז דו געהסט אראָב פון שיף, איז ביז דו דערשלאָגסט זיך צו דער אמת׳ער שטאָדט בעדארפסטו דורכגעהן סדום און עמורה; אלער־האנט פערדעכטיגע געסלאך און הינטערגעסלאך. אין בונעס־איירעס אבער פאלט מען גלייך אריין אין א שעהנעם בולוואר, פון ביידע זייטען מיט שורות אלטע פאלמען, און א ביסעל העכער, הויבט זיך זיך אָן די א וו ע נ י ד א ד ע ־ ל א מ א י א, די שעהנס־טע און רייכסטע גאס פון בונעס־איירעס. אָט אזוי בעקענט מען זיך גלייך מיט דער רעכטער זייט פון דער מטבע, און דעם ערשטען, גוטען איינדרוק איז שפעטער שווער שוין אָבצואווישען.

אין דער דאָזיגער שעהנער גאַס האָב איך אויפגעזוכט דעם האָטעל, וואָס איינער האָט מיר נאָך אויפ׳ן שיף רעקאָמאַנדירט און אראָנגעוואָרפען מיינע פּעקלאך אין א צימער. אויפ׳ן זעקסטען און הויכסטען שטאָק. דורכמאַכענדיג די רייזע אויפ׳ן שיף האָב איך אפילו ניט געשפּירט אויף זיך דעם א ב ק ה ד ר ך, דעם שטויב מיט וואָס דער וועג בעשענקט יעדען רייזענדער. איך בין ארויס אויף דעם קליינעם באַלקאָנלעכעל, וואָס ביי מיין צימער און בעטראַכט די שטאָדט, ווי ווייט כ׳האָב עס געקענט דערגרייכען. הייזער, צום מיינסטען צוויי שטאָקיגע ציהען זיך ביז צום האָריזאָנט, די דעכער פלאַכע און ס׳מאַכט אן איינדרוק, אז די שטאָדט איז נאָך א גרויסע שרפה. צווישען די הייזער לויפען די גאַסען ניט קיין גאַנץ ברייטע, אבער זעהר גלייכע, וואָס צושניידען די שטאָדט אין גלייכע קוואַרטאַלען. די הימלען זעהר ברייט און זייער לויטער־בלוי און כאָטש דאָ איז ווינטער, דאָך מאַכט אויף מיר די ליכטיגקייט דעם איינדרוק פון דעם ווייבער־זומער, וואָס אין רוסלאַנד; אָדער דער אינדיאַנער־זומער אין נאָרד־אַמעריקא.

קוקענדיג פון דער הויך אויף דער שטאָדט, האָב איך מיר געוואָלט אויסמאָלען אין געדאַנק די גאַסען וואו אידען וואוינען און אהין זיך לאָזען. און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס כ׳האָב ביי מיר אבגעמאַכט, אויפ׳ן שיף, אז ערשט אין א וואָך ארום, ווען כ׳וועל שוין האָבען זיך גוט אויסגערוהט, אלצדינג גוט ארומגעזעהן — ערשט יעמאָלט וועל איך געהן זעהן אונזערע לייט, דאָך איז מיר אין די ערשטע צעהן מינוט שוין ענג געווען אין מיין צימער אויפ׳ן זעקסטע[ן] שטאָק און ס׳האָט אָנגעהויבען ציהען צום טיר.

ערשט איצטער האָב איך מיר געכאַפּט, אז כאָטש דער הויפּט־ציעל פון מיין רייזע איז געווען צו פאָהרען און זעהן ווי לעבט זיך אונזערע אידען אין די ווייטע, ווייטע לענדער, דאָך האָב איך מיר נישט בעזאָרגט פאַר׳ן ארויספאָהרען מיט קיין איין אדרעס אפילו וואו זיך צו קערען און וואו זיך צו ווענדען. בונעס איירעס איז א שטאָדט פון צוויי מיליאָן איינוואוינער; און געה זוך איצ־

וואו אידען וואוינען! די וועלט רעדט דא שפאניש און מיין גאנ־
צער שפאניש בעשטעהט פון דעם, וואס כ'ווייס ווי מען רופט
אן די טעג פון דער וואך — ביז מיטוואך; קען צעהלען ביז זיבען
און ווייס אויך אז כ ו ד י א איז — א א י ד. בעגרייפענדיג
מיין הילפלאזיגקייט, ערשט איצטער האט זיך אין מיר דער חשק
צו זעהן א איד נאך מעהר געשטארקט.

כ'בין ארויס אין גאס; ווייל ס'איז חודש אב און ס'איז דרוי־
סען העל און ווארעם און די בוימער גרינען, פסק'ען איך ביי מיר
אב אין הארצען, אז די מעשה מיט דעם, וואס אין ארגענטינע איז
ווינטער ווען אין ווילנא איז זומער, איז בלויז אן אויסגעטראכטע.
איך נעהם מיין מאנטעל אויפ'ן האנט און לאז זיך געהן מיט מיין
שעהנער גאס פון די קלענערע גומערען צו די גרעסערע.

אזוי געהענדיג א מינוט צוואנציג האב איך מיר דערשלאגען
צום פארלאמענט־פלאץ. דער מאסיווער בנין, אין רוימישען סטיל,
איז פון העל־גרויען גראניט. מיט גראניט־פליטעס זענען בלויז דריי
זייטען ארומגעלעגט. די פערטע, די הינטערשטע, איז נאקעט. רוי־
טע ציגעל זעהן זיך ארויס. מאכט דעם איינדרוק אז ס'האט אויסגע־
פעלט גראניט פאר דער הינטערשטער טייל פון דעם קאלאסאלען
בנין. די ציגעל זעהן אויס אלט, וואס מיינט, אז ניט ערשט האט
מען דעם בנין אנגעהויבען צו בויען, און, עס ווערט עפעס קשה'־
דיג.

גרויסע סימבאלישע סקולפטורען — ווי העלדען אויף גע־
פליגעלטע פערד און גלאט היסטארישע פיגורען: פאנטאנען, שטיין
און ביין אזוי פיעל אנגעשטעלט אויף דעם פלאץ אזש דעם עיקר,
דעם פארלאמענט אליין זעהט מען ניט ארויס.

אויף א קינסטליכען גרינעם בערגעל האט מען איינגעארדענט
א פלאץ פאר דער קאפיע פון דער בעריהמטער סימבאלישער פי־
גור פון ראדען, ד ע ר ד ע נ ק ע ר, אין טונקעל גרינעם
בראנז. כ'האב מיר דערמאנט, אז אן פאריז, ביים ארייננאנג צום
פאנטעאן, וואכט דער אייגענער דענקער. עס מאכט אויף מיר דעם

איינדרוק, אז דער דענקער פון ראדען, אזוי אנשפארענדיג דעם קאפ אויפ׳ן פויסט, טראכט איצטער:

— וואס האט מען מיך פערשלעפט אזש אהער און אנידערגע־זעצט אויף דעם בערגעל ערד צווישען דער מחנה נארישע סקולפ־טורען דא?!

די מערקווירדיגע בראנזענע פיגור האט אין זיך אזוי פיעל לעבען און אויסדרוק, אז מיר וואלט זיך וועלען צוגעהן, א קלאפ טאן דעם דענקער אין פלייצע און פרעגען:

— קענסטו מיר אפשר זאגען, גוטער ברודער, וואו אידען וואוינען דא אין בונעם איירעם?

איך שפיר אבער, אז דא אויף דער רייכער אוועניד א דע לא מאיא וועל איך צו גאר נישט קומען. איך פערמאך די אויגען און טראכט:

— רעכטס, אדער — לינקס?

און איך בעשליס זיך צו קערען לינקס. די גאסען גלייכע און לאנגע; גאר אן א סוף. אבער וואס ווייטער ווערען די הייזער גרויער, די גאסען ווי עפעס ענגער, ניט אזוי אויפגעראמט, אביסעל שלים־מזל׳דיגער, ארימער, און ס׳הארץ זאגט אונטער: אט באלד, אט באלד....

איך האב דעם געפיהל ווי אימעצער וואלט מיך פיהרען ביים האנט אהין וואו איך בעדארף, אזוי פארזיכטיג, אז כ׳זאל חלילה קיין איבריג שטיקעל וועג ניט אנלעגען. און....

א אידישער טעאטער־אנאנס אין א פענסטער פון א קליין גע־וועלבעל!

וואס נאך האב איך בעדארפט? די אותיות פיערקאנטיגע מיט רויטען און שווארצען טינט. מען מעלדט, אז דארטען און דאר־טען שפיעלט די בערימטע... און אזוי ווייטער — היינט ביינאכט בארג מיר דיין ווייב און מארגען — זיין ווייבס מאן.

הכלל, איך בין **אין דער היים**. ווילנא, ווארשע, ניו־יארק, שיי־

קאגא — אָדער באברויסק — ס'איז קיין אונטערשייד ניט. אין דער היים בין איך!

איך געה אריין אין קרעמעלע. מען פערקויפט דאָ שפייז. א מיידעל פון א יאָהר פופצען מיט א גרינלאך אידיש, אויסגעדארט געזיכט און גרויסע, גרויע אויגען, זי וועגט אב פאר א יונגענמאַן היימישען, ווייסען קעז און דער האנדעל געהט אין שפּאניש. פון א זייטיגען צימער דערטראגט זיך א גערימפּעל אויף א פידעל. איך ווארט ביז דער קונה געהט ארויס און ווען די מיידעל שטעלט אָן אויף מיר איהרע גרויסע גרויע אויגען, ווארטענדיג, איך זאָל זאָגען וואָס איך וויל — ווענד איך מיר צו איהר אויף אידיש:

— וואוינען דאָ אידען?

— סי, סעניאָר.

— אין די גאסען דאָ וואוינען אידען?

— סי, סעניאָר.

— דאָ איז פאראן א אידיש טעאטר? — ווענד איך מיר ווידער, אנווייזענדיג אויפ'ן אנאנס אין פענסטער.

— סי, סעניאָר.

— געהט דאָ ארויס א אידישע צייטונג אין בונעס איירעס?

זי בלייבט שטיל און קוקט זיך ארום אביסעל שוין מיט חשד, ניט פערשטעהענדיג, וואָס איך בין דאָ צוגעשטאַנען צו איהר מיט די אַלע פראגען. עס קומט ארויס פון טיר א אינגעל פון א יאָהר צוועלף מיט א פידעל אונטערן ארעם. לויט'ן אויסזעהן — א ברודער.

— געהט דאָ ארויס א אידישע צייטונג? — ווענד איך מיר צו איהם.

— סי, סעניאָר! — ענטפערט ער מיר כוואטסקע.

— א גרויסע? — פרעג איך ווייטער.

— סי, סעניאָר: אָט אזוי גרויס, מעסט ער אב מיט'ן האנד א שטיק פון טיש וואו דער קעז און ברויט ליגט.

— וואו וואוינען דאָ אידען? — שטעה איך צו צו איהם מיט מיינע פראגען.

— אָט דאָ, סעניאר! — שפּרייט ער אויס ביידע הענט צו דער גאס, אין איין האנט די פידעל און אין דער אנדערער — דער סמיק.

איך וויים ניט פאר וואָס, עפּעס א געפיהל פון רחמנות האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט בעטראכטענדיג דעם אינגעל מיט דער פידעל אין האנט און די מיידעל, וואָס האָט אָבגעשניטען א דין פּעַ־נעצעל קעז און געקייט, קוקענדיג אויף מיר אין דער אייגענער צייט מיט איהרע גרויסע גרויע אויגען. און עפּעס אויף זיך אליין האָב איך בשעת מעשה רחמנות געקריגען. מיט דעם געפיהל בין איך צוריק אין גאס ארויס. דער געפיהל, אז אין אָט די אלע גאַסען ארום וואוינען אידען, האָט ביי מיר צוגענומען דעם פריהערדיגען כח, די אנשטרענגונג מיט וועלכער איך האָב זיך געלאָזט איבער די אונבעקאנטע גאסען פון אָט דער אונבעקאנטער פרעמדער שטאָדט.

מיט דער אייגענער אונבעוואוסטזיניגער גלייכגילטיגקייט וואָס פיהרט מיך צומאל ארום אין די גאסען פון די גרויסע שטעט אין דער וועלט וואו אידען וואוינען, אזוי האָב איך מיר דאָ אויך געלאָזט געהן, מיט לאנגזאמע און רוהיגע טריט. רעכטס און לינקס געוועלבלאך, קאפע הייזער. עס ווארפען זיך אין די אויגען די זעלביגע טעאטער אָנאָנסען מיט'ן באַרג מיר דיין זוויב. דער שניט פון די גאַסען דערמאָנט אביסעל די געגענד פון דזשיקע און דזעלניע דאָרטען אין וואַרשע. עס פעלט אבער דאָ יענע ווארשעווער בעוועגונג און — הו־הא. ס'איז אינגאנצען ארום דריי נאָך האלבען טאָג, און צופיעל לעדיגגעהער, מאַנסלייט בעגעגענט מען אין די גאסען. אויף די פּנים'ער לייענט זיך גאנץ קלאָר:

— נישטאָ קיין פּרנסה.

אין די קליינע קאפע־הייזער, אָדער כשר־רעסטאָראציעס, זי־

צען איינצעלנע מענשען, קוקען דורך דער אָפענער טיר אויף דער גאַס ארויס און געגעצען. פון דאָ און דאָרטען קומען ארויס קליינע קינדערלאך און טראָגען פאר מיר ארויס אויף זייערע פּנים'לאך דעם דלות וואָס הערשט דאָרט ביי טאַטע־מאַמע אין שטוב. איך הער ארום זיך אידיש רעדען, איך הער רוסיש רעדען. צוויי וויי־בער קריגען זיך אויף א גאַנץ ווארימען אופן, איינע אויף אידיש און די אנדערע — אויף שפּאַניש...

און אזוי דערשלאָגן איך מיר צו א אידישער בוכהאַנדלונג.

א גאַנץ פיין געשעפט. צוויי גרויסע פענסטער און אין מיטען א טיר. איך בעטראַכט די סחורה וואָס איז אויסגעשטעלט אין פענסטער און פאר קיין פאל קען איך מיר ניט פארשטעלען, אז איך בין אין בוענאָס איירעס:

די מאָדערנע אידישע ביכער פון ווארשע און ווילנא, וואָס ערשט מיט א פּאָר חדשים צוריק זענען זיי פון דרוק ארויס, ליגען זיך ברייטלאך אויסגעלעגט מיט די אלט בעקאַנטע אויפשריפטען און היימישען איינבאַנד. ביים זייט היימישע סדורים'לאך ארומגע־לעגט מיט פרישע בינטלאך ציצית.

אז איך בין אריין דורך דער אָפענער טיר אין געשעפט איז דאָרט קיינער ניט געווען. באַלד אָבער איז אויף מיינע טריט ארויס־געקומען פון א זייטיגער טיר א יונגע פרוי מיט א אינגעל פון א יאָהר פיער ביים האַנט. איך ווענד זיך צו איהר מיט א פּשוט'ען גאַט העלף.

איהר זעהר היימיש אידישער, חן'עוודיגער און גוטער פּנים איז געבליבען גאַנץ רוהיג, איינגעהאַלטען. ענטפערענדיג אויף מיין גאַט העלף בלויז א נויג טוענדיג מיט'ן קאָפּ האָט זי גע־וואַרט, וואָס איך וועל ווייטער עפּעס זאָגען.

— א אידישע בוכהאַנדלונג באַנ'אייך זעה איך — פאַהר איך ארויס גאַנץ אונגעשיקט.

זי טוט א לייכטען שמייכעל, ווי איינער זאָגט: זעהסט דאָך, אז דאָ איז א אידישע בוכהאַנדלונג.

פערלירענדיג זיך אביסעל מיט מיין נארישער פראגע, האב איך אנגעהויבען גלאט אין דער וועלט אריין צו דערצעהלען פאר איהר, אז איך קום ערשט אן, נאר וואס, פון רוסלאנד. און, אז כ׳האב ניט געהאט צו קיינעם קיין אדרעס, און, אז אפשר דריי שעה האב איך אומגעבלאנדזשעט ביז איך האב מיר אהער דערשלאגען.

די גאנצע מעשה אבער, רופט ביי איהר אויפ׳ן פנים ארויס בלויז אן אויסדרוק פון פערדאכט. זי רעדט קיין ווארט ניט. זעצט זיך אויף א בענקעל און אזוי שווייגענדיג נעהמט זי דאס קינד אויפ׳ן האנט. דאס קינד אבער לאזט פון מיר זיינע אויגען ניט אראב און מיר ווערט אביסעל אונבעקוועם: איך דערצעהל א מעשה, אז נאר וואס קום איך פון רוסלאנד און צום סוף פרעגט זי מיר צומאל ניט איבער, וואס עס הערט זיך אין רוסלאנד? — ווי דער שטייגער איז.

איך הויב ווידער אן א שמועס, אבער דאס מאל פון אידישע ביכער. איך פרעג זיך נאך אויף די ווערק פון מאדערנע שרייבער. איך קלייב אויס נעמען פון שרייבער, נאר וואס אויף דער וועלט ארויסגעקומענע, כדי צו מאכען דערמיט אן איינדרוק פון א אידישען אינטעליגענט. ס׳איז געווען ניט קיין קרומער וועג. דער אויסדרוק פון איהר פנים האט זיך צוביסלאך פערענדערט, א געוויסע פריינדליכקייט האט אנגעהויבען ארויסצושפראצען ביי די ליפען־ווינקעלאך, די ליפען האבען זיך געעפענט און מיט א גאנץ הארציגע שטימע האט זי מיר אנגעהויבען איבערצופרעגען, אייגענטליך דאס, וואס כ׳האב איהר מיט א ווייליע פריהער דערצעהלט.

די אנגעצויגענקייט איז אינגאנצען פערשוואונדען. פריהער לאנגזאם און באלד, אבער גאנץ לעבעדיג, האט זי מיר פערשאטען מיט פראגען וועגען רוסלאנד, אידען, פעראיינען, אידישקייט און ענדליך, פארגעשלאגען אפשר וועל איך טרינקען א גלאז טיי?

איך בין מסכים פערשטעהט זיך. זי לאזט אראב פון האנט דעם אינגעל און בעט מיך אריין צו זיך אין דירה, וואס געפינט זיך גלייך אין הינטערגרונד פון געשעפט.

שוין זופענדיג דעם טיי טראכט איך:

לאָמיר נאָר פּרובען דערצעהלען אז איך בין א אידישער שרייבער, און איך הויב אָן אויף אזא אופן:

— געפינענ זיך אפשר באנ'אייך אין געשעפט מיינע ביכלאך אויך?

זי ווערט א קליין ביסעלע צוטומעלט. דאָך קלייבט זי זיך אָן מיט מוטה און פרעגט:

— קען מען וויסען ווי איהר הייסט?

— אזוי און אזוי....

זי האָט זיך אביסעל פערוויטעלט, מיר דערלאנגט די האנט און פערשעמטלאך געזאגט:

— ענטשולדיגט מיר וואָס כ'האָב אייך אזוי אויפגענומען אין געשעפט. מען ווערט דאָ געוואוינט גאנץ אָפט צו טרעפען אזעלכע יונגע לייט, וואָס מען בעדארף וויסען ווי זיך מיט זיי צו האלטען. איהר ווייסט דאָך וואָס פאר א נאָמען בונעם איירעם האָט? — און באלד ווענדט זי זיך צום פיער יאהריגען זוהן — זעהסט, מיין קינד, דאָס איז אַ אידישער שרייבער, געקומען פון דאָרט, וואו טאַטע־מאַמעס היים איז, געה צו און גיב א הענטעלע.

און ניט נאָר ס'הענטעלע דערלאנגט מיר דאָס שעהנע קינד; עס קלעטערט ארויף צו מיר אויפ'ן האנט און ווערט מיט מיר א גאנצער גוטער ברודער. אזוי פערשפּילענדיג זיך מיט'ן קינד. האָב איך גאָר נישט בעמערקט ווי די פרוי איז ארויסגעגאנגען אויף א קליינע ווײַלע. באלד האָט זי זיך אומגעקערט, נאָך מעהר אויפגעעגט און ווידער אָנגעהויבען איבערצופרעגען ווי אַזוי, נישט קע־נענדיג קיין שפּאניש, האָב איך געטראָפען אזש פון מיין האָטעל? איך הויב אָן צו דערצעהלען מיט מעהר פרישקייט, און — די טיר פראלט זיך אויף: דער מאן אליין איז דאָ. ס'פּנים שיינט, ער ווארפט זיך מיר אנטקעגען מיט ברייטע הענט, מיט דעם ברייטען שלום־עליכם — רופט מיך ביים נאָמען ווי אן אלטער בעקאנטער. לאָזט זיך אויס, אז אין דער ווײַלע וואָס זי איז ארויס פון

שטוב האָט זי געבעטען לאָזען וויסען איהר מאַן, וואָס איז ערגעץ אין שכנות געוועזען, אז א גאַסט איז געקומען. ער ווידער, אויפ׳ן וועג, האָט נאָך א פּאָר בעקאַנטע אָנגעזאָגט; די בעקאַנטע אויפ׳ן וועג גלאַט א פּאָר גוטע פריינד דערצעהלט — דער סוף איז געווען, אז אין א קורצע ווײַלע האָבען זיך א שאָט געטאָן קיין עין־הרע אידען, מיינסטענס יונגע לייט, אזש די שטוב איז ענג געוואָרען. ווי ביהנען האָבען זיי מיך ארומגערינגעלט, פריהער מיט דרך ארץ און שפּעטער מיט אַן איינפאכע אפענהערציגקייט, מיט א אין דרייען־געפלאָכטענעם שלום־עליכם און ברוך הבא —

הכלל אידען האָבען א איד געכאַפּט; א איד האָט אידען געפונען.

— פאַר וואָס האָט איהר נישט געשריבען אז איהר קומט, מיר וואָלטען דאָך אייך בעגעגענט ביים שיף?

— מילא, טאַקי א נארישקייט געוועזען פון מיר; נאָר אָט ביז איך דאָך שוין דאָ, טאָ דערצעהלט וואָס מען הערט עפּעס באַנ׳אייך אין ארגענטינע? דערצעהלט מיר, ווי אזוי איז עס מעגליך אין א מיטענוואָכענדיגען טאָג זאָלען אזוי פיעל יונגע לייט זיין פריי?

— כא־כא — דאָס איז דאָך די צרה, גוטער ברודער! א קריזיס אין לאַנד און מען געהט ארום פּוסט און פּאַס. דער שטאַרקסטער קריזיס וואָס ארגענטינע האָט ווען ס׳איז אנגעזעהן האָט זיך אויף אונז אראָבגעלאָזען.

ווייזט אויס, אז דער שפּאַנישער עלעמענט קלעבט זיך צו דער אידישער שפּראַך נישט צו אזוי שטאַרק ווי רוסיש אָדער ענגליש, ווייל דער אידיש זייערער האָט מיר פיעל בעסער געקלונגען ווי דער אידיש, וואָס כ׳האָב צום ערשטען מאל דערהערט אין ניו־יאָרקער אידישען קווארטאל.

זיי האָבען מיר דערצעהלט, ווי שוין צוויי יאָהר צייט, אז דער קריזיס הערשט. עס קומט דערפון, וואָס שוין צוויי יאָהר, אז אין די ארגענטינער פעלדער גערוואַט ניט. איין יאָהר איז געווען גרויסע טריקענישען, די פּאַשע האָט אויסגעטריקענט, און די בהמות, וואָס

דאָ איז עס דער הויפּט פּראָדוקט, זענען אויסגעפאַלען. און איצ־
טער איז שוין באַלד זעקס חדשים אז עס רעגענט און רעגענט.
און די פלאַכע אַרגענטינער פעלדער שטעהן פערטרונקען אין וואַ־
סער. ניט מען קען אַקערען, ניט מען קען זעען. און ווייל שוין צו־
פיעל איז דאָ די גרויסע שטאָדט אבהענגיג פון פעלד, דאַריבער
לאָזט זיך דער דלות אין שטאָדט גאר שטארק פיהלען. פירמעס
באַנקראָטירען, געשעפטען, פאַבריקען מאַכען זיך צו. און דאָס געהט
אויס צום אידישען אַרבייטער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם בע־
כערען און שעהנערען עלעמענט פון דער אידישער גאַס.

כ׳האָב מיר דערוואוסט, אז די אידישע קאָלאָניעס פון באַראָן
הירש געפינען זיך אין א שווערען מצב צוליעב די פערפלייצונגען,
און ס׳איז זאָגאר פאַראַן אַזעלכע קאָלאָניעס צו וועלכע מען קען
זיך גאָר נישט דערשלאָגען.

נאָך אין דעם אייגענעם אָווענד האָב איך מיר בעקענט מיט
דער אידישער אינטעלעגענטער יוגענד, פאָרשטעהער פון פערשיי־
דענע פעראיינען.

איך בין געוועזן איבערראשט צו זעהן ווי דאָס אידישע לעבען
קלאַפּט דאָ; ווי דאָס א י ד י ש ע קריסטאַליזירט זיך דאָ אויף
אַזאַ מין בולטען אופן. כ׳האָב פאַר קיין פאַל ניט געוואַרט דאָ צו
בעגעגענען אַזאַ פיינע אידישע יוגענד, וואָס זאָל אַזוי וואַך זיין
צו אַלצדינג וואָס טוט זיך אין דער גרויסער, גרויסער און ווייטער
אידישער וועלט. ס׳האָט מיר וועה געטון, פאַר וואָס מיר וויסען
אַזוי ווינציג פון דעם, וואָס עס קומט פאָר מיט זיי דאָ אין אַרגענ־
טינע אין דער צייט, וואָס זיי האַלטען זיך אַזוי צוגעקניפּט צו אונז
פון ווייטען און מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט הערען זיי
זיך צו צו דעם וואָס עס וועבט זיך אין דער אידישער וועלט פון
רוסלאַנד און נאָרד־אַמעריקא.

---

## 8.

## בונעס איירעס.

כ'האָב געהערט, אַז מען רופט בונעס איירעס — ד י שטאָדט פון טראַמווייען. ס'איז דערפאַר, וואָס, א חוץ דריי־פיער גאַסען, איז יעדער גאַס בעשענקט מיט א טראַמ־וויי־ליניע. די גאַסען זענען ניט גאַנץ ברייט און דאַריבער איז ניט ערלויבט צו האָבען אין א גאַס מעהר ווי איין פאָר רעלסען. דער טראַמוויי מאַכט דורך זיין רייזע דורך א גאַס בלויז א י י ן וועג; צוריק געהט ער שוין מיט אַנ'אַנדער גאַס. עס פעהלט אָבער ניט קיין אָטאָמאָבילען אין בונעס איירעס. דער עולם פיהרט זיך דאָ ברייטלאַך, און אפילו דער ארבייטער ערלויבט זיך דאָ גאַנץ אָפט צו נעהמען אַן אָטאָמאָביל אנשטאַט א טראַמוויי. מעגליך, אַז דאָס איז נאָך א געוואוינטשאַפט פון די בעסערע צייטען, ווען קבצנות האָט זיך גערעכענט פאַר א מיאוסע מידה.

מיר אָבער דאַכט זיך, אַז צום געלונגענסטען האָט כאַראַקטע־רעזירט בונעס איירעס א דראַמאַטורג פון דער קלענסטער רעפּוב־ליק פון זיד אמעריקא, אורוגוויי, זאָגענדיג, אַז בונעס איירעס זעהט אויס ווי א פּאַלאַץ, וואָס די הארען זענען ארויסגעפאָהרען און בלויז די דינער זענען געבליבען.

ווי כ'האָב שוין געזאָגט, פערמאָגט בונעס איירעס ביי א צוויי מיליאָן איינוואוינער, און עס פערשטעהט זיך, אַז די שטאָדט איז גרויס, צושפּרייט. עס פערשטעהט זיך, אַז אין אזא שטאָדט איז אי־מעצער פאַרהאַנען, וואָס זאָרגט פאַר דער אויסערליכער שעהנקייט פון דער שטאָדט — דאָך עפּעס די מעטראָפּאָלעטען פון ארגענטינע. — און דאָך ליגט עפּעס אויף אַלץ א מין אונבעהאָלפענקייט. עס ווערען זאַכען געמאַכט לויט דעם געשמאַק און מוסטער פון דער אַלטער אייראָפּע, אָבער עס קומט ארויס ביליג; גרויס און אָהן נשמה. אימעצער בעמיהט זיך דאָ אויף אַלץ ארויפצוגיסען דעם

שטעמפעל פון קונסט, פון שעהנקייט — ס'איז אבער נישט דאָס. עס פעהלט די אריסטאָקראטישע האַנט מיט דעם אינסטינקטיווען פיינעם, אויסגעאיידעלטען געשמאַק, יעדע זאַך אויף איהר אַרט אַנידערשטעלען, ניט איבערכאַפּען די מאָס; ניט איבערזאַלצען.

אָבער ווער פאַהרט דען אין די נייע, אויפגעקומענע לענדער זוכען סטיל, כאַראַקטער און טראַדיציאָנען?... אזעלכע זאכען זאָלט איהר זוכען אין דער אַלטער וועלט, ביי די אַלטגעזעסענע פעלקער. דאָ אבער, אין דער נייער וועלט, קיין אונטערשיעד — צפון אָדער דרום — קענט איהר אזעלכע זאכען ניט געפינען.

איהר בעדאַרפט אבער אויף די נייע קיין פּראַיבעל ניט האָבען.

צייטען געהן שלעכט, האָט זיך יעדער נאַציאָן פון דער אַלטער וועלט א פּאָר פון איהרע קינדער געשיקט אין ווייטע מדינות, מעבר לים גליק זוכען. זענען זיי זיך פון ווינט געטריבען צו די ברעגעס פון נייעם לאַנד געקומען. אין וויסטען פעלד איז א הייזעל אויסגעוואַקסען. נאָך א הייזעל. — א דערפיל אויסגעוואַקסען. פון דערפיל איז א שטאָדט געוואָרען מיט דער צייט — אבער אַלטע מענשען געדענקען נאָך, אז דאָ איז א דאָרף געווען.

און צוזאַמען מיט דעם פּעקיל, וואו ער האָט זיין פאַרשימעלט ברויט געפיהרט זיין גוף צו דערהאַלטען, האָט יעדערער דעם גלויבען פון זיין פאָלק מיטגענומען; דעם פערשטאַנד פון זיין פאָטער און ליעד פון זיין מוטער מיטגענומען.

אויף אַ פרישען באָדען קען נייער ברויט אויסוואַקסען זעהר לייכט. וואָרים די ערד ווערט אומעטום אויף איין אופן געאַקערט: דער קערענדעל אויף איין אופן געזעט.

צו די האַנט פון דעם מיסטישען אינדיאַנער, אָדער די האַנט פון דעם וויים־הויטיגען פריידענקער וועט דעם קערענדעל אין זאַמד פאַרשאַרען — אַלץ דער אייגענער גרינער גראָז וועט פון דער ערד ארויסשפּראָצען.

זיטען און רעליגיאָן, געשמאַק און כאַראַקטער וואַקסט פון דער ערד אזוי לייכט ניט ארויס. ביי היינטיגע צייטען האָט מען עס בירושה פון טאַטען מאַמען בעקומען; פון דער היים געפיהרט, אין הארצען געוואַרעמט און פון דער אַלטער וועלט צו די ברעגען פון דער נייער וועלט געבראַכט.

און אז די קינדער פון דער אַלטער היים האָבען די ערד אין נייעם לאַנד צוּאַקערט, די שפּע איז געקומען, צו זאַט אבגעגעסען — האָט מען זיך אין דער אַלטער היים דערמאָהנט:

— אַך, ביי אונז אין דער היים האָט מען אזוי געגעסען.

— ביי אונז האָט מען אזוי געטרונקען.

— ביי אונז טאַנצט מען אזוי אין די טעג פון יום טוב.

— ביי אונז אין דער היים בעפּוצט מען אזוי די הייזער.

— אַך, ביי אונז בויט מען די הייזער גאַר אנדערש, אַך ביי אונז אין דער אַלטער היים!

— גאָט האָט מיר געבענשט, מיין פעלד האָט מיך דערהויבען, איך וועל פאַר מיר איצטער אַ ווינקעלע אויסבויען, ס'זאָל מיין אַלטער ליבער היים דערמאָהנען...

און אזוי ווערט זיך בעשאַפען אַ הויז אין שפּאַנישען סטיל.

און אזוי פּלוצלונג בליהט אויף דער דייטשער געשמאַק.

און אזוי בעווייזט זיך די ענגלישע סאָלידע גרויקייט.

די גוטע מאָדערנע שיפען האָבען אָנגעהויבען צו ברענגען פון דער אַלטער וועלט ניט בלויז ה ע נ ט וואָס האָבען זיך צום פעלד געצויגען; מיט די זיכערע שיפען זענען אָנגעקומען די יוסטע בעלי־הבתים וואָס פערגעסען ניט אפילו מיטצונעהמען זייער פּאַ־טערשטול פון דערהיים און זוכען פאַר איהם דער בכבוד'דיגסטען אָרט אוים.

און אזוי זענען אויסגעוואַקסען דאָ די גרויסע אינטערנאַציאָ־נאַלע האַפען־שטעט וואָס איבערראַשען דיך ביים ערשטען אוי־גענבליק מיט זייער אונבעהאָלפענעם סטיל; מיט זייער קינדער־שער אונזיכערקייט.

און פונקט ווי קליינע קינדער טוען נאָך די טאַטעס מיט די

מאמעס; דער אינגעל טוט אן דעם טאטענס קאפטען, ס׳קליי־
נע טעכטעריל דער מאמעס יום־טוב׳דיגע קלייד און מען שפילט זיך
אין „טאטע־מאמע“, „זיידע־באבע“, די ארבעל לאנג מען זעהט
די שפיץ פינגער ניט ארויס.

— ס׳מאכט ניט! קינדער איז מען אלץ מוחל.

דעם רעקארד פערשטעהט זיך האט ניו־יארק געשלאגען, דאס
אונהארמאנישע איז דארט אין אזא קאלאסאלער פארעם, אז דו
קענסט עס כמעט פאר א סטיל אננעהמען.

בונעס איירעס אבער איז נאך צו יונג און דאריבער זענען די
ארבעל פון טאטענס קאפטען זעהר לאנג, אבער גאר לאנג.

אז איך בין געקומען פון שיף אין שטאדט אריין און דער־
זעהן די ארקען אויף די הויפט גאסען מיט די צעהנדליגער טוי־
זענטער פילפארביגע עלעקטרישע לעמפלאך, האב איך געמיינט, אז
דא פייערט מען דעם יום־טוב פון עלעקטריציטעט.

— דעם ניינטען יולי איז דער גרויסער יום־טוב פון דער נא־
ציאנאלער בעפרייאונג — האט מען מיר געגעבען צו פערשטעהן.

פיין, זעהר פיין, אזעלכע יום־טובים בעדארפען טאקע דעם
ערשטען ארט ביי א יונג פאלק פערנעהמען, אבער לעמפעלאך
עלעקטרישע אין אזא מורא׳דיגער צאהל און אזוי פילפארביג?...

א קינד מוז מען אלץ מוחל זיין.

ווי איהר ווייסט האט פראנקרייך א מיניסטער פאר שעהנע
קונסט. דא איז אזעלכעס נאך ניט פארהאנען. מאנומענטען ווער
איהר אין בונעס איירעס געפינען, פארהעלטניסמעסיג, מעהר ווי אין
פאריז.

ס׳איז אבער פאראן א געוויסער חילוק:

דארט איז א גרויסער טייל מיט טאלאנט געמאכט, אויף אן
ארט אוועקגעשטעלט, צום פלאץ צוגעפאסט —

דא איז עס קאפויער:

וואס גרעסער דער פאלקס־העלד איז געווען, אלץ שלים־מזל־
דיגער זעהט זיין מאנומענט אויס.

אַ קליינע פיגור אויף אַ ריזיגען פּיעדעסטאַל.
און דאָס אייגענע קאַפּויער.

און דעם ערגסטען מזל האָבען די סימבאָלישע סקולפּטורען פון די גרויסע וועלט־קינסטלער. אין אַ שלעכטער שעה האָבען די דאָזיגע מייסטערווערק אהער פערבלאָנדזשעט. ס'איז געווען, אַז עפּעס אַ ב ע ר י מ ט ע פּערזאָן פון אייראָפּאַ זאָל דאָ צום בעזוך זיין און אומקערענדיג זיך אהיים ערגעץ אין אַן אייראָפּעאישער צייטונג אַ שמייכעל טאָן פון דעם היגען געשמאַק — און די סקולפּטורען, מאָנומענטען הויבען אָן צו וואַנדערען פון אָרט צו אָרט.

אַזוי איז עס אויסגעפאַלען דער גורל פון אַ פּאָר סימבאָלישע ליבען פון בראָנז געגאָסען. זיי האָבען נעבאַך קיין רוה ניט. איצטער האָבען זיי פון צענטער איבערגעוואַנדערט צום גרויסען פּאַרק „פּאַליערמאָ“ וואָס ליגט הינטער דער שטאָדט.

און דער שעהנער פּאַרק פּאַליערמאָ, וואו אַזוי פיעל שעהנע ביימער וואַקסען, וואו ס'איז אַזוי פיעל הימעל פּאַראַנען — דאָס איז דאָך אימער דאָס שעהנסטע.

דאָרט אין פּאַליערמאַ...

ענגלאַנד, דייטשלאַנד, שפּאַניען, איטאַליען, פּאָרטוגאַל און... ווער האָט דען דאָרט קיין חלק ניט?

אלע, אלע „פרעהען“ זיך דאָך איצטער ביי זיך אין דער היים וואָס ארגענטינען איז אַ פריי לאַנד געוואָרען, אונאָבהענגיג געוואָרען. און צום הונדערט יאָהריגען יום טוב פון דער פרייהייט האָט יעדע לאַנד אַ מתנה געשיקט. דעם סימבאָל פון פרייהייט אין שטיין און אין בראָנז אויסגעדריקט. יעדע לאַנד נאָך איהר געשמאַק. יעדע לאַנד נאָך איהר בעגריף.

און ווען יעדע לאַנד בעזונדער וואָלט נאָך דאַביי ניט וועלען מיט איהר געשמאַק און ברייט הארץ איהר ליעבע שכנה איבערצושטייגען!...

דאָרט, אין פּאַליערמאַ, צוליעב דעם הונדערט יאָהריגען יו־

בילין פון פאָלקס פרייהייט....

גרינע בוימער ווערן אויסגעהאַקט און גרויסע, גרויסע שטיי־נערנע בראַנזענע מתנות פון אַלע גרויסע און קליינע, אַלטע פעלקער געשיקטע, ווערן מיט גרעסטען דרך־ארץ דערהויבען:

וואָס דאָס לאַנד איז רייכער, אַלץ „גרעסער" איז איהר מתנה.

וואָס דאָס הארץ איז ברייטער און ווארימער, אַלץ „מעכטי־גער" איז דער געשענק.

און די מתנה וואָס דייטשלאַנד האָט נאָר וואָס געשיקט האָט בלויז „פוהרגעלט" פון ברעמען ביז בונעס איירעס, אכט און דריי־סיג טויזענד מארק געקאָסט!

און ביז דאָס גאַנצע ביסעל שטיין און בייז וועט זיך אין פּאַ־ליערמאַ אויפזאַמלען — ווער ווייס וויפיעל גרינע בוימער ס׳וועלען נאָך פאַלען און פאַלען....

— מתנות פון אַלע פעלקער!

פונקט מיט איין און אַכציג יאָהר צוריק האָט דאָ דאַרווין געוואַנדערט איבער די געגענדען וואָס זענען נאָך יעמאָלט וויסט געווען. בונעס איירעס געפעהלט איהם זעהר, וואָס די גאַסען זענען גלייך און גלייך געשניטען. לאַנג און ברייט, גלייכע קוואַרטאַלען...

מיר געפעהלט עס אויך. פאַר אַ פרעמדען זעהר בעקוועם.

„אין צענטרום — שרייבט ער — זענען פיינע, מאַסיווע היי־זער, נאָר אינדיווידואַליטעט דריקט קיינע פון זיי ניט אויס"...

ס׳איז נאָך איצטער אויך דאָס אייגענע.

קיין זאָאָלאָגישען גאַרטען האָט נאָך יעמאָלט בונעס איירעס ניט געהאַט. אַניט וואָלט עס דאַרווין געווים דערמאָנט אין זיינע בעשרייבונגען. ווי ער דערצעהלט האָט נאָך יעמאָלט בונעס איי־רעס פאַרמאָגט סך הכל ביי זעכציג טויזענד איינוואוינער.

איצטער האָט בונעס איירעס, קרוב פון צוויי מיליאָן איינוואוי־נער. אַ זאָאָלאָגישער גאַרטען, פאַרשטעהט זיך, איז שוין פאַראַן. גאַנץ מאָדערן איינגעריכטעט. און ווען דער גרויסער דאַרווין וואָלט

דעם זאַלאַגישען גארטען בעזוכט, וואָלט ער אזא בילד געזעהן:
אין דער גרויסער אדלער־שטייג, וואו עס דערהויבען זיך פעל־זע, ספּעציעל די אדלער צום פערגעניגען — אין דער דאָזיגער גרוי־סער אדלער־שטייג, האָט דער דירעקטאר פון גארטען א ציגען־באָק אריינגעלאָזען. אלע אינאיינעם לעבען זיך בשלום. און נעבען א זייט רינד־פלייש, וואָס וואלגערט זיך אויף דר'ערד, שטעהט דער ציגען־באָק גלייך מיט דעם אדלער, איינשפּארענדיג זיך מיט די פּיס, רייסען זיי די ווייכע פלייש צווישען די ריפּען ארוים. און ווען אויף קאטאָוועס טוט דער קאָנדער דעם באָק א פּיק מיט'ן שנאָבעל — טוט דער באָק דעם אדלער א שטורך מיט'ן האָרען. אויך בלויז אויף קאטאָוועס. ס'איז ווירקליך א וואונדער, גרויסער, קלו־גער דארווין!...
איך האָב עס אליין געזעהן...

---

## 9.

## די אידישע גאס בענקט.

דאָס איז דער סך הכל פון דעם ערשטען איינדרוק, אז דו פאלסט אריין אין דער אידישער גאס אין בונעס איירענס.

און אזוי היימיש זעהט דאָך די גאס אויס, קענסט מיינען, אז אין ווארשא, אדעם און אפשר כמעט אין ווילנא אליין ביסטו אריינ־געפאלען. אבער דאָס איז אלץ איידער דו כאפּסט א שמועס מיט אַט דעם אָדעסער, ווארשאווער אָדער טאָקי ווילנער יונגערמאן. קומסטו צו זיי נאָהענטער זעהסטו: א טיפע וואונד טראָגט יעדער אין דער שטיל אין זיין הארצען, ס'איז געגנוג אָנצוריהרען יענעם קראנקען אָרט, אז הויך זאָל יעדערער פון זיין וואונד דערצעהלען.

ווארום צו איז דען ניט דער אידישער ישוב דאָ אין א שלעכ־טער שעה אויסגעפאלען? צי איז דען ניט יענער בינטעל אידען ווי

אַ גליעד אַן אַבגעשניטענער פון דעם גרויסען פאָלקס־קערפּער און פערוואָרפען ערגעץ גאט אַליין ווייסט וואוהין...

און הויבסטו אָן רעדען מיט אַ יונגען מענשען פיהלסטו ווי די וואונד בלוטעט.

שוין גאַנצע פינף־און־צוואנציג יאָהר ווי ס'געהט אָן די אי־דישע אימיגראציאָן נאָך זיד־אַמעריקא, הויפּטזעכליך קיין ארגענ־טינע; אנגעהויבען האָט זיך די אימיגראציאָן מיט אַזאַ קראַפט מיט אַזוי פיעל לעבען. און אַז מען קומט אהער און מען געפינט דעם סך־הכל פון קרעכצען און בענקען נאָך דער אַלטער היים, כאַפּט אַ טרויער אָן.

סבות זענען גאַנץ גענוג פאַראַן. איך רעד דאָך איצטער ניט פון די קאָלאָניסטען, איך רעד דאָך פון דער שטאָדט בוענאָס־איירעס און איהר אידישען ווינקעל.

איך רעד דאָך ניט איצטער איבער דער גרויסער מאַסע אין די טויזענדער וואָס רעדט אויך אידיש און אפשר דוקא אידיש, און האַנדעלט מיט מענשען־פלייש און מענשען־בלוט. איך רעד פון דעם בינטעל אידען וואָס איז ארויסגעריסען געוואָרען פון רעכטען הארץ פון אידישען לעבען, פון די וואָס האָבען נאָך אידעאַלען אין הארצען מיטגעפיהרט. איך רעד פון די, וואָס שטעהען נאָך איצ־טער מיט'ן פּנים צו דער ווייטער, ווייטער אַלטער היים און מיט'ן פּלייצע צום לאַנד וואו זיי עסען זייער ברויט.

ס'איז דאָך קלאָר, אַז די מעהרסטע טייל פון די שטאָדטישע אידען דאָ, זענען אהער געפאָהרען מיט דעם געדאַנק די שטאָדט אפילו ניט אָנצוזעהן. דאָס זענען מענשען וואָס זענען געפאָהרען ווערען קאָלאָניסטען און איצטער ברעכען זיי די פיס אין די גאַסען פון בוענאָס איירעס.

ווארום יק"א קאָלאָניזירט די לעצטע יאָהרען דורכשניטליך זעהר אַ קליינעם פּראָצענט פון פריש אָנגעקומענע אימיגראַנטען. און אפילו אין די גוטע צייטען האָט אפשר איינער פון צעהן זוכה געווען ערד צו בעקומען. און נעהמענדיג אין אכטונג, אַז אַ

גרויסער צאָהל פון די וואָס האָבען זייער וואונש יא דערגרייכט, האָבען ענדליך פערוואָרפען די ערד מיט די חסדים פון יק"א און אין שטאָדט אריינגעפאָהרען גליק זוכען — איז דאָך פערשטענדליך פאר וואָס דער אידישער עולם אין שטאָדט טראגט א בעזונדערע אונצופרידענקייט אין הארצען:

זיצט א איד אין א טויער מיט א קעסטעלע און פערקויפט פאפּיראָסען — (דעם פאָך האָבען אידען פערכאפּט) איז עס א געוועזענער קאָלאָניסט. אָדער אמווענינגסטען געפאָהרען א קאָלאָ־ניסט צו ווערען.

גערט א איד מיט א פּעקעל סחורה און קלאפּט אין די טירען.— — געזאָלט ווערען אַ קאָלאָניסט!

גערט א איד און טראָגט אום פאסקעם מיט שיך בענדלאך צו פערקויפען. —

— געזאָלט ווערען א קאָלאָניסט!

געהט אום א איד מיט א פערשמאכט פּנים און טוט גאָר ניט —

— געזאָלט ווערען א קאָלאָניסט!

און די אַלע וואָס ארבייטען ביי פערשיעדענע פאכען, דער גרעסטער צאָהל פון זיי איז געפאָהרען אהער זיך קאָלאָניזירען.

און די גליקען אין שטאָדט זיינען פערפלויגען. אַמאָל אַ צייט געווען. קיינער געדענקט עס ניט, אָבער א צייט געווען ווען דאָס גליק האָט דאָ גענעכטיגט.

און ס'איז געווען, אַז אין דער אידישער גאַס זאָל זיך בעווייזען איינער פון דער אַלטער היים און א שטורם פון געפיהלען זאָלען זיך אין דער נשמה אָנהייבען.

איך בין דאָך איינער פון זייערע. קען איך דען עפּעס האָבען געגען זיי. די אויגען קוקט מען דאָך אויס ביז עס קומט אָן א צייטונג פון רוסלאַנד און מיט דער גרעסטער נייגעריגקייט ווארפט מען זיך אויף יעדער שורה.

—ס'איז דאָך פון דער היים!

— פאר וואָס פלאנצט איהר זיך דאָ נישט איין ? ס'איז דאָך א פרייע לאנד ? אפשר נאָך גאָר נישט אזוי שלעכט ווי איהר מיינט — פאר וואָס ?

— איהר זאָלט עס פרעגען בעדוויערט ער מיך . . . ווי קען מען גאָר אין רוסלאנד פארגעסען ? דאָרט שטראָמט דאָס אי־דישע לעבען ווי א ריזיגער טייך און דאָ ווער איך דערשטיקט. איך בין דאָרט געבוירען און ס'איז מיין לאנד. איך וועל מיר דערשפּירען א בעטלער ווי נאָר איך זאָל אויפהערען צו דענקען. אז דאָס גרויסע לאנד וואָס הייסט רוסלאנד איז ניט מיינס.

אזוי רעדט דאָך ניט קיין גלות־מענש. אזוי רעדט א מענש וואָס שפּירט דעם באָדען אונטער זיינע פיס.

אַ יונגער מאן מיט ברייטע פּלייצעס און ברייטע שווערע הענט רעדט מיט טרערען אין די אויגען :

— איך בין אייך מקנא. איהר וועט זיך נאָך אומקערען צו־ריק קיין רוסלאנד.

— וואָס בעדארפט איהר רוסלאנד ?

— כ'האָב דאָרט טאַטע מאמע . . .

און קוקט איהר אָן דעם יונגען מאן, בעטראכט איהר זיינע הענט און פּלייצעס זעהט איהר, אז ער קען זיך קיין עין־הרע אליין מפרנס זיין — נאָר אז א יונגער, שעהנער בחור בענקט נאָך טאַטע־מאמע מוזט איהר ניט וועלענדיג מיטפיהלען.

— אז איך האָב רוסלאנד פערלאָזען בין איך שוין געווען אַ איד פון פופציג יאָהר. און אז דער ערשטער שטיין האָט יעמאָלט געטראָפען אין מיין פענסטער, האָב איך געזאָגט : רוס־לאנד איז ניט דיין לאנד און אַדעס איז ניט דיין היים — ס'איז אָבער נאריש, אָט זיץ איך דאָ אין טויער טאָג איין טאָג אויס און לעג איבער אין קעסטעלע די פּאַפּיראָסען, זאָלען דעם קונה שעהנער אויסזעהן און איך טראכט : מען טאָר רוסלאנד אזוי ניט פארלאָזען . . . אזוי ווי איך האָב מיט א האק זיך געווערט

מען זאָל מיר מיין שטוב ניט אונטערצינדען, אזוי האָט עס שוין ווייטער בעדארפט געהן.

— ווארום צו איז עס א לאנד פאר אידען ווען דאָ איז א חרפּה דעם נאָמען איד צו דערמאָהנען? און אויב אהער האָ־בען זיך די שמוציגסטע פון אונזער פאָלק פארקליבען טאָ וואָס האָבען מיר נאָך דאָ וואָס צו טאָן? ס'וועט דאָך אייביג היטען די מוטער איהר טאָכטער, אז איך זאָל איהר ניט פארפיהרען און פארקויפען צו שאנד . . .

און דאָך איז עס א אידישער ישוב. און דאָך איז עס א צווייג וואָס איז פון דעם אלטען שטאָם ארויסגעוואקסען. צו ווייט איז דער צווייג פון אייגענעם שטאם פארלאָפען. יעדער ווינט בויגט איהם, יעדער ווינט ברעכט איהם.

און דאָך איז עס א אידישער ישוב. א אידישער גאָס. ס'אי־דישע וואָרט. אז די צייטען האָבען דאָ אביסעל געבלישטשעט מעגליך גאָר אנדערע ליעדער האָבען דאָ אין גאָס געקלונגען. מעג־ליך וואָלט אזא אומעט מיר ניט ארומגעכאפּט.

איך בין אבער געקומען אין א צייט וואָס אין לאנד הערשט א נאטירליכער קריזיס. באלד דריי יאָהר, אז ס'פעלד גיט איהר שפּע ניט ארויס; שוין באלד דריי יאָהר אז דער ראָזער, גליק־ליכער שלייער איז פון לאנד אראָבגעפאלען און „דאָס לאנד דער צוקונפט" האָט ניט קיין געגענוואָרט און דער דלות פייפט אין די גאַסען. — — — — — — — — — — — —

און דאָך איז עס א אידישער ישוב. קרעכצענדיג פלאנצען זיי זיך דאָ איין. בענקענדיג לאָזען זיי טיעפע וואָרצלען אין דער ארגענטינער ערד. א סימן, אז א גרויסע אנטיסעמיטישע צייטונג געהט ארויס אין בונעס איירעס, וואָס האַלט אין זוכען חטאים אויף אידען, כאָטש אין גאנצען פערמאָגט ארגענטינע ביי א זעכ־ציג, זיבעציג טויזענט אידען.

מען לאָזט גאנץ אָפט צו וויסען פון די הויכע פענסטער, אז אידען זענען נישט פאטריאָטיש געגוג. די יק"א היט זיך

טאַקי, חלילה נישט איבערצוכאַפּן אין איהרע שולעס די מאָס פון אידישקייט. — די גאַס אָבער טוט וואָס דאָס לעבען פאָר־דערט:

א אידישע טעגליכע צייטונג, א שפּאַניש־אידישער מאָנאַט שריפט פון דער שטודירענדער יוגענד — חדרים, שולעס, פער־איינען ביבליאָטעקען און — וואָס דען נישט? א פאַלשטענדיגע אבשפּיגלונג פון דעם לעבען אין די גרעסערע אידישע צענטערס.

און די מלחמה וואָס די אידישע גאַס פיהרט אָן מיט די אידישע פרויען־הענדלער. זיי האָבען דאָך דאָ יאהרען לאַנג פאַרגע־שטעלט מיט זיך דאָס אידישע פאָלק! יענע צייטען האָבען כמעט געמיטען. אפילו די אנטיסעמיטען ווען זיי שרעקען זיך, איז עס ניט פאַר די אידישע פרויען־הענדלער. זיי האָבען מורא פאַר דער אידישער אינטעליגענץ, וואָס געהט פון דער הויך־שולע אין דער געזעלשאַפט אריין. זיי האָבען מורא פאַר די אידישע אר־בייטער־מאַסען און זייערע ראַדיקאַלע אידעען.

דאָס יונגע ארגענטינער פאָלק, קינדער פון דער אַלטער שפּא־ניען, שוין גאָר נישט אזוי טאָלעראַנט האַלט זיך עס אין בעצוג צו פרעמדע נאַציאָנאַליטעטען. שוין אביסעל צו שטאַרק האַלט מען דאָ אין אויפּפּאַסען און נאָכזוכען די מאָס פּאַטריאָטיזם פון די פרעמדע. פערשטעהט זיך, אַז נאָר ביי אידען איז דאָך לייכט צו געפינען חטאים. מען וועט דאָך נישט שרייען אויף די ענגלענדער, דייטשען איטאַליענער. יענע מעגען דאָך אייגענע שולעס האָבען. צו יענע לייט דאַרף מען דאָך אָנקומען אמאָל נאָך אַן הלואה. אידען אבער בעדאַרפען זיך פערטיידיגען; בעדאַר־פען זיך פערענטפערען מען בעדאַרף בגנבה געהמען דאָס, אויף וואָס מען האָט פאָלשטענדיג רעכט. —

אָבער וועלענדיג זיין בירגער פון דער וועלט מוז מען דאָך עפּעס אויסשטעהן!

## 10.

## די בויהער פון א אידישער צוקונפט.

געבויגענע רוקענס און גרויע בערד, דאָס פּנים צוקנייטשט און ברוין און דער בליק זיכער און שטאָלץ — אזוי שפּרייזען זיי איבער זייערע פעלדער מיט פעסטע טריט, די ערשטע אידען פון רוסלאנד וואָס האָבען זיך אזש קיין ארגענטינא געלאָזען גליק זוכען.

ניט פאר דעם געלד פון באראָן הירש איז דער ערשטער שטיין געלעגט געוואָרען צו גרינדען אידישע קאָלאָניעס אין אר־גענטינע. דער זכות און דער חסד פון דער רוסישער רעגיערונג מיט איהרע גזרות אין די אכציגסטע יאָהרען, איז בייגעשטאנען און געהאָלפען, אז אידען מיט זייערע ווארצלען זאָלען זיך ארויס־רייסען פון דער אלטער היים און פערקלייבען זיך אין דער ווילדער ארגענטינע. בעגלייט אין וועג האָט זיי די האָפנונג אויף בעסערע צייטען און די בייטש פון די פער־פאָלגער. גאַנץ קאלט און רוהיג דערצעהלען די ערשטע פון ביטערע טעג זייערע אויף דעם נייעם וועג וואָס איז אזוי אַלט פאר אידען אין אלע צייטען.

אַט אזוי הויבט איינער פון די ערשטע אָן צו דערצעהלען:

אין יאָהר טויזענעט אכט הונדערט זיבען און אכציג האָט די רוסישע רעגיערונג אָנגעהויבען אויסצופיהרען איהר גזרה אויף אידען אין קליין פוילען, פּאָדאָליער גובערניע, אז פופציג ווי־ערסט פון גרעניץ טאָרען אידען אין די דערפער מעהר ניט וואוינען. און אין דער איינענער גובערניע אין א קליין דערפעל מיט'ן נאָמען „סטאראיאהוטא", נעבען דעם שטעדטעל סמאטריטש, פינף מייל פון דער שטאָדט פּאָדאָליע, זענען געזעסען צוויי אידען: פּנחס גלאזבערג און יוסף לודמער. די ביידע אידען האָבען בע־דארפט דעם דאָרף פערלאָזען. אויך איז געווען ניט ווייט פון

שטעדטעל נאך א דארף וואס האט געהייסען „קערנעטשאוו“. דארט האט געוואוינט א איד מיט'ן נאמען לייזער קויפמאן. פון לאנגע יאהרען האט ער דארט געהאלטען א פאסעסיע און צוליעב דער גזרה האט ער בעדארפט זיין דארף פערלאזען. די אלע דריי אי־דען זענען געוועזען גוטע פריינד צווישען זיך. האבען זיי זיך צונויפגעקומען און געהאלטען זיך אנ'עצה וואס צו טאן. איז גע־בליבען ביי זיי אז מען זאל איינעם שיקען זוכען ערגעץ לאנד וואו צו קאלאניזירען זיך. יוסף לודמערם א שוואגער וואס האט זיך געפונען יעמאלט אין נארד־אמעריקא האט געראטען פאהרען קיין ארגענטינע, ווייל ווי ער האט געשריבען איז ער, מיט נאך עטליכע וואס האבען יעמאלט אלס קאלאניסטען געוואוינט אין מיניאפאלס, מינעסאטע, זעהר שלעכט בעהאנדעלט געווארען פון דער דארטיגער רעגיערונג. האבען די אויבענדערמאהנטע דריי דארפס־לייט זיך צונויפגעלעגט אויף הוצאות און האבען אוועקגע־שיקט לייזער קויפמאן קיין פאריז ער זאל זיך זעהן מיט דער אי־דישער „אליאנס“. אכט חדשים צייט האב ער געוויילט אין פאריז. איינער א הער לובעצקי און רב צדוק הכהן, פאריזער רב, האט אונטערהאנדעלט מיט דער אליאנס און ס'איז געבליבען אז לייזער קויפמאן זאל פאהרען א היים און צונויפנעהמען ביי הונדערט פאמיליעס און פאהרען קיין ארגענטינע ווערען ערד־ארבייטער.

לייזער קויפמאן איז געקומען א היים און אינאיינעם מיט זיינע צוויי גוטע פריינד האט ער אנגעהויבען אויפצואוועקען דעם עולם און מיט אזא אופן צוזאמענגענומען אנ'ערך פון אכט און אכ־ציג פאמיליעס און אלע אינאיינעם זענען מיר דעם פופצענטען יוני ארויסגעפאהרען קיין ארגענטינע.

אבער אז מיר זיינען געקומען קיין בערלין האט אונז די אי־מיגראנטען געזעלשאפט געזאגט, אז קיין ארגענטינע לאזט מען קיין אידען נישט אריין. נאר אז אויב מיר ווילען פאהרען קיין נארד אמעריקא וועט מען אונז פארקויפען שיפס־קארטען. מיר זענען געבליבען ווי אויפ'ן וואסער. און נאך לאנגע עצות איז

געבליבען אז מען זאָל ווידער שיקען א שליח קיין פּאַריז. פינף מענשען זענען געפאָהרען: יצחק רעכטער, פּרץ פייגענבוים, זלמן אלעקסניצער, לייזער קויפמאַן און אליס אַגענט. זיי זענען געקומען צו צדוק הכהן און דערצעהלט וואָס עס איז געשעהן.

און אזוי ווי אין יענער צייט האָט די ארגענטינער רעגיערונג געהאט אין פּאַריז אַן אימיגראַציאָנס ביוראָ צו מאַכען אַגיטאַציעס, מענשען זאָלען פאָהרען קיין ארגענטינע — איז געבליבען מען זאָל זיך ווענדען צום ארגענטינער קאָנסול ער זאָל ערלויבען דעם ה׳ י. ב. פראנק, אנ׳אגענט פון יענעם ביוראָ, צו פארקויפען אונז אין נאָמען פון קאָנסול פינף און צוואַנציג אַקער לאנד פאר יעדער פאַמיליע בעזונדער, כדי די ארגענטינער רעגיערונג זאָל אונז אנערקענען פאר אָרענטליכע ערד ארבייטער און זאָל אונז אריינלאָזען אין לאנד. אזוי איז עס געווען. מען האָט איינגעצאָהלט צו פיער הונדערט פראנק אויפ׳ן חשבון. דאָס איז געשלאָסען געוואָרען דעם פינפטען יולי, טויזענט אכט הונדערט ניין און אכציג. דעם קאָנטראַקט האָט מען איבערגעשיקט צום ה׳ סיגיסמונד זימעל אין בערלין, וועלכער האָט בעדאַרפט עקספּעדירען די פאַרטיע אימיגראַנטען קיין ארגענטינע.

אז מיר זיינען אנגעקומען קיין בונעס איירעס האָט מען אונז נישט געוואָלט אריינלאָזען אין לאנד, ווייל מען האָט אונז אָנגערופען פאר „קאַפּטענס", דאָס מיינט פאר סוחרים פון „ווייסע שקלאַפען". דער קאַפּיטאַן האָט אָבער באַוויזען אונזערע צעטלען פון דעם געקויפטען לאנד האָט מען אונז באַלד אראָבגעלאָזען און דאָביי ערקלעהרט, אז דאָס לאנד וואָס מיר האָבען געקויפט אין פּאַריז איז שוין לאנג בעזעצט געוואָרען. מען וועט אונז אָבגעבען צוריק דאָס געלד אָבער קיין ערד וועט מען אונז ניט געבען. ווי מען האָט אונז שפּעטער דערצעהלט האָט דער אגריקולטור מיניסטער זיך אויסגערעכענט, אז ס׳איז א סכנה די אידען צו לאָזען אויף איין אָרט. ווייל אידען זענען נאָר פעהיג צו האנדלען מיט „לעבעדיגע סחורה" דאריבער איז גלייכער זיי זאָלען זיין צושפּרייט

וועלען זיי אזא כח נישט האָבען. ווי אויפ'ן וואסער זיינען מיר געבליבען.

האָבען מיר זיך געלאָזען איבער דער שטאָדט בונעס איירעס זוכען אידען. ענדליך האָבען מיר געפונען דריי אידען געשעפטס־לייט פון גאָלדוואַרג. איינער האָט געהייסען לאמבערט א דייטשער איד, דער צווייטער — האָבענשטיין, א רומענישער איד און דער דריטער האָט געהייסען מאָריץ הילדעסהיימער — אויך א דייטשער איד. די דריי אידען, אנשטענדיגע מענשען, האָבען אויסגעזוכט א געוויסע אייגענטימער פון א סך לאנד מיט'ן נאָמען פעדראָ פאַלאַסיאָס. (זיין לאנד געהער עס איצטער צו יק"א), ער האָט געהייסען אויסקלייבען עטליכע מענשען זיי זאָלען פאָהרען בעקוקען דאס לאנד. פאָהרען האָט מען בעדאַרפט א שעה צוואַנציג פון בונעס איירעס מיט דער אייזענבאהן־ליניע וואס האָט זיך נאָך יעמאָלט געהאלטען אין בויען פון בונעס איירעס קיין טוקומאַן.

אז אונזערע אידען האָבען דערזעהן אזוי פיעל ערד פון אלע זייטען און אז בלויז צו פינף און צוואַנציג פעזאָס וועט קאָסטען איין אקער לאנד האָבען זיי זיך שטאַרק דערפרייט. זיי האָבען גאָרנישט געוואוסט, אז יעמאָלט האָט מען דאַרטען געקריגען צו צוויי דריי פעזאָס איין אקער לאנד. דעם אכט און צוואַנציגסטען אויגוסט, טויזענט אכט הונדערט ניין און אכציג האָט מען געשלאָ־סען א קאָנטראַקט מיט דעם ה' פאַלאַסיאָס. ער האָט אונז גלייך אָבגעשיקט אויף דער סטאַנציע „פאַלאַסיאָס" וואס האָט זיך אויף זיין נאָמען גערופען. ער האָט אויך געדאַרפט אונז ארויסגעבען לעבענס־מיטלען אויף זיין חשבון. קיין הייזער זענען נאָך נישט געווען. האָט מען אונז בעזעצט אין א גרויסען בלעכענעם שאָ־לאש ביים וואָקזאל וואס האָט זיך נאָך געהאלטען ערשט אין בוי־ען. אין דעם שאלאש זענען מיר געווען פארשפאַרט גאַנצע זעקס וואָכען. איין מאָל אין חודש האָט מען צוגעשיקט צו זעקיל פאָר־פוילטע פאַפשאָי, מעהל, און דאס אויך מיט ווערים, ביז מען האָט

אונז דערנאָך אַריבערגעפיהרט אויף אונזער קאַמפּ (פעלד).

אין פערלויף פון יענער צייט זענען אויסגעשטאָרבען אַרי־בער הונדערט קינדער אין דעם דאָזיגען פּלאַץ. איך מוז דער־צעהלען אז אין שאַלאַש איז נאָר איין העלפט געווען. די אנדערע העלפט פאַמיליעס האָט מען איבערגעפיהרט צו דער נעקסטער סטאַ־ציע „מאַניגאַטים“. אויך דאָרטען איז אין אַ קורצער צייט אַ אי־דישער בית עולם געוואָרען . . . און דאָס איז געקומען פון הונגער און פון אַלע אנדערע קראַנקהייטען. מיר וואָלטען אפשר אַלע אויס־געשטאָרבען פון הונגער, נאָר אין יענער צייט זענען געווען פיעל אינזשינירען וואָס האָבען געבויט די אייזענבאהן האָבען זיי שוין געוואוסט, אז דאָ זענען פאַראַן הונגעריגע. אין יעדעם מאָל ווען די באַהן איז דורכגעגאַנגען האָט מען אונז געוואָרפען בולקעלעך פון די פענסטער. די פּאַסאַזשירען האָבען עס אויך געוואוסט און פלעגען אונז וואַרפען פלעצלאַך טרוקענע. קינדער און אלטע אַלע אינאיינעם האָבען זיך געוואָרפען איינער אויפ׳ן אנדערען כאַ־פּען די ברויטלאַך וואָס מען האָט פון די פענסטער ארויסגעוואָר־פען . . .

ענדליך אז מען האָט אונז געבראַכט אויפ׳ן קאַמפּ, האָבען מיר זיך גענומען מאַכען הייזלעך פון ערד ציגעל און בעדעקט מיט שטרוי. אין יענעם יאָהר זענען געווען גרויסע רעגענס און מיר האָבען געשוואומען אין אונזערע זעמליאַנקעס. נאָך האַלץ האָט מען געדאַרפט געהן ביי אַ טויזענט מעטער, האַקען בוימלעך. זענען אָבער די גראָזען געווען אַזוי הויך אז מען האָט זיך פערבלאָנ־זשעט אויף עטליכע טעג. ווארום קיין ישוב איז נאָך דאָ נישט גע־ווען, און מען האָט זיך געשפּייזט מיט די קאַראַפּאַטקעס וואָס מען האָט אין די גראָזען געכאַפּט און דאָס רויע פלייש פון זיי גע־געסען... אבי נישט פון הונגער צו שטאַרבען. אַזוי איז אַוועק אַ יאָהר צייט. אז דער אייגענטימער האָט אָנגעהויבען אונז איינ־צואָרדענען האָט ער איינעם געגעבען אַ פּאָר אָקסען און דעם אנ־דערען דעם יאָך און דעם דריטען די רימענס. ס׳איז גאָר ניט

געוועז וואָס צו מאכעז. די פעלדער זענעז נאָך ניט געוועז פאַר־צוימט און דיווילדע אָקסעז זענעז זיך צולאָפעז. און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבעז צו צולויפעז. יעמאָלט האָבעז זיך צוזאַמעז גע־נומעז פינף און דרייסיג פאַמיליעס איז שוהל, וואָס איז געוועז פון ערד ציעגעל געמאַכט, און מעז האָט געשוואָרעז ביי גאָט אַז דעם דריטעז בית עולם זאָל מעז ניט פערלאָזען. פערקעהרט, מעז זאָל נאָך איבערפיהרעז אהער די פערלאָזענע ביינער פון "פאַלאַ־סיאַס" און „מאַניגאַטיס" און מעז מוז סוף כל סוף גרינדעז א אי־דישע קאָלאָניע און מאַכעז א וועג פאַר די ברידער וואָס זענעז נאָך אין רוסלאַנד געבליבעז.

לייזער קויפמאַן איז אוועק. ווייל מעז האָט איהם געוואָלט ערמאָרדעז, פאַר וואָס ער האָט מענשעז אהער פאַרפיהרט און אומ־גליקליך געמאַכט. ער האָט זיך שפּעטער אומגעקעהרט אָבער ער האָט זיך שוין נישט געקענט דאָ איינהאַלטעז. א טייל קינדער פון די פערבליבענע פינף און דרייסיג פאַמיליעס האָבעז אויסגעוואַנ־דערט צווישעז די קריסטליכע קאָלאָניסטעז וואָס האָבעז זיך וואו נישט וואו געפונעז איז יענע צייטעז. זיי פלעגעז צו צעהן, פופצעהן טעג אומבלאָנדזשעז ביז זיי האָבעז זיך דערשלאָגעז צו א ישוב און א שטיקעל ברויט פאַרדינעז. די טאַטעס מיט די עלטערע קינדער האָבעז געאַרבייט ביים אייזענבאַהן וואָס האָט זיך געבויט און די איגגערע קינדער האָבעז זיך פערדונגעז צו פּאַשעז חזירים אָדער שעפּסעז. איז יענע צייטעז האָט געקאָסט אכט און צוואַנציג פּעזאָס א זעקעל מעל פון ערשטעז קלאַס און די מעל וואָס מעז האָט גענוצט פאַר חזירים, האָט געקאָסט פון זעקס ביז זיבעז פּעזאָס. פאַרשטעהט זיך אז מיר האָבעז גענוצט דעם צווייטעז קלאַס. די שבת'דיגע קליידער האָט מען זיך געגייט פון געוואַשענע זעק פון ערשטעז קלאַס און די וואָכעדיגע פון זעקלעך פון צווייטעז קלאַס מעל. קיין חדר איז ניט געוועז. נאָר וואָס די טאַטעס האָבעז פון שבת צו שבת אליין געלערענט מיט זייערע קינדער. אזוי איז גע־גאַנגעז אלץ ערגער און ס'איז זיך אוועק א פאָר יאָהר. דאַן האָבעז

זיך די עטליכע קאַלאַניסטען צוזאַמענגענומען און האָבען אָנגע־
הויבען צו שרייבען קיין פּאַריז צו די „אַלאַנס" און אין צייטונגען,
אַז מען זאָל קומען צו הילף אונזערע ברידער וואָס ווערען דאָ פאַר־
שווארצט.

עס איז געווען אין יאָהר טויזענט אכט הונדערט דריי און
ניינציג ווען ס'איז פּלוצלונג אראָפּגעקומען דער דר. לעווינטאַל פון
בערלין און מיט איהם נאָך צוויי מענשען. זיי האָבען נישט גע־
זאָגט ווער זיי זענען. ס'איז ביי אונז געווען א קלייטניק וואָס האָט
געהאט א הייזיל האָבען זיי זיך ביי איהם איינגעבעטען ער זאָל
זיי לאָזען זיך אויפהאַלטען.

אין א פּאָר טעג ארום נאָך דעם ווי זיי האָבען זיך דאָ ארומ־
געדרעהט, האָבען זיי זיך געלאָזט דערקענען. דר. לעווינטאַל האָט
דערצעהלט דעם ציעל פון זיין קומען. ער איז אוועקגעפאָהרען קיין
אייראָפּא און האָט געזאָמט פיער חדשים. שפּעטער איז ער צו־
ריקגעקומען און האָט אונז געזאָגט אז דאָס לאַנד וואָס מיר האָבען
אויסגעקליבען איז ניט גוט און אז ער האָט געזעהען דאָס לאַנד
ביי קארלאָס קאסארעס, צו דרום פון בונעס איירעס, איז עס בעסער
און נעהנטער צו א צענטער און, אז פינף און צוואנציג פּע־
זאָס אן אקער לאַנד איז צו טייער און אז מיר וועלען קיין מאָל ניט
קענען אויסצאָהלען דעם אייגענטימער וואָס ס'האָט זיך אָנגעקלי־
בען אויף אונז פון דעם קרעדיט וואָס ער האָט אונז געגעבען. מען
בעדאַרף דערמאָנען אז מיט א פּאָר יאָהר שפּעטער נאָך אונזער
בעזעצען זיך האָבען זיך אָנגעהויבען צו ציהען אהער נאָך אידען
וואָס האָבען ביי פּאַלאַסיאָסען ערד געקויפט. די ערשטע זענען
געווען אברהם גוטמאַן און אברהם יצחק האַרוויץ. אין דער צייט
פון לעווינטאַלען זענען זיי שוין געווען. זיי האָבען זיך פּעראייניגט
מיט די קאָלאָניסטען און אויף אנ'אסיפה איז געבליבען אז מען
זאָל היטען די שבועה און דעם אָרט ניט פערלאָזען.

דאַן האָט דר. לעווינטאַל פאָרגעלעגט, אז ווער עס וויל וועט
ער בעזעצען ביי דער סטאַנציע „סענציאַלים" ניט ווייט פון דאַ־

נען, מען וועט יעדערען געבען לעבענס מיטלען און צו שטיקעל ערד, כדי זיי זאָלען זיך לערנען ווי צו זיין קאָלאָניסטען. מיט דעם האָט מען אויסענגעוועז דעם עולם פון דאנען ארויסציהען. און איינינע זיינען טאקי אוועק. ענדליך האָבען די פערבליבענע מנצח געוועז דר. לעווינטאל האָט אבגעקויפט ביי פּאַלאסיאסען די ערד און פון דער סטאַנציע סענציאלעם האָט מען די ראַזשינקעס־אידען" אויך צוריק געבראכט (ראַזשינקעס אידען האָט מען זיי גערופען, ווייל ראַזשינקעס און רייז איז געוועז דער ביליגסטער מאַכל, מיט וועלכען יענער עולם האָט זיך געשפּייזט). און מיר האָבען אָנ־געהויבען צו ווערען קעסט קינדער ביי דעם באַראָן הירש און"....

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אזוי ציהען זיך די געשיכטען, בעקאַנטע און אונבעקאַנטע ווי אזוי זיי זיינען איבערגעגאנגען פון גוי'אישע „הענט" אין אידי־שע „הענט", און ווי אזוי די האַפנונג האָט זיך אויף א ווייַלע ווידער בעוויזען און ווי אזוי באַראָן הירש האָט מיט גאָלד געשאָ־טען נאָר א דאנק די שלעכטע פיהרער און שלעכטע בעלי עצות איז גאָר ארויסגעקומען אז פּריוויליגע קעמפּפער זיינען געוואָרען קנעכט פאר זיך אליין ביי יענעם. און ווי אזוי די אדמיניסטראַ־טאָרען פון יק"א האָבען געוואָלט שפּאַנען אין יאָך ווילדע אידען מיט ווילדע אָקסען און ווי אזוי מען האָט אידען פאר זייער איי־גענער טובה וועגען אין אייזענס געשמידט...

„אז מיר זיינען אָנגעקומען אהער איז נאָך דאָ קיין ישוב ניט גרופּע ביי דער סטאַנציע מאַניגאַטעס, א פיערציג קילאָמעטער הונדערטער מיילען האָט מען געקענט אויספאָהרען און ס'איז קיין מענשען ניט געוועז צו זעהן. און די ערד איז געוועז בעוואַקסען מיט אזעלכע הויכע גראָזען, אז מיר האָבען זיך אין זיי פאַרלאָרען אינאיינעם מיט די אָקסען". — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצטער איז שוין קיין שפּור פון יענע הויכע גראָזען ניטאָ. זיי האָט מען מיט'ן פייער אוועקגעלאָזען אינאיינעם מיט אלע

לעבעדיגע בעשעפעניסען וואָס האָבען צווישען די הויכע גראָזען גע־שוויבעלט. פון די כחות האָט מען זיך ארויסגעשלאָגען ביז מען האָט זעקס ווילדע אָקסען איינגעשפאַנט און די וואָרימע ערד אויפגע־אַקערט.

אָבער ניט די צאָהל טריט וואָס דער אידישער ערד־ארבייטער האָט צווישען די בראָזנעס געמאכט האָט איהם צו דער ערד צו־געבונדען ; ניט די שווייס טראָפּענס וואָס האָבען פון זיין שטערע געראָנען האָבען איהם די פרעמדע ערד ליעב געמאכט ; אויך ניט די ריזיגע סומען געלד פון באראָן הירש האָבען פעדעם געשפּינען צווישען דעם גלות אידען מיט דעם יונגען לאַנד — נאָר די צאָהל קרבנות וואָס יעדע פאמיליע האָט געבראכט, האָט געשאפען דעם בונד צווישען דעם שוואכען רוסישען אידען מיט דער יונגער ווילדער ארגענטינער נאַטור....

און ווייל אידען בינדען זיך ניט צו צו א לאַנד דורך דעם צאָהל בוימער וואָס זיי האָבען פארפלאַנצט נאָר דורך די בית עולם'ס פון אייגענע קינדער, דאריבער איז דער צאָהל פון הונדערט אכט און צוואַנציג קינדער , געשטאָרבענע כמעט אין א חודש צייט, גענוג גע־ווען אז אויף דעם אָרט זאָל שוין יעדערער זיין האָפנונג פערפלאַנ־צען און וואַרטען אויף בעסערע צייטען, וואַרטען ביז די האָפנונג וועט פון דער ערד ארויסבליהען:

„מ א ז ע ס ו ו י ל ע" הייסט די ערשטע אידישע קאָלאָניע אין ארגענטינע, און שפּרייזסטו איצטער אויף איהרע פול בעלעבטע וועגען און הערסט זיך צו צו די קאַלטע רוהיגע ערצעהלונגען פון די אַלטע גרויע אידען, ווי פּיינליך ס'איז געווען צו מקבר זיין אַ קינד אין א פרעמדער ערד, און ווי שפּעטער האָט מען געשוואָרען דעם אָרט ניט צו פערלאָזען — דאכט זיך דיר אז ניט פינף און צוואַנציג יאָהר זענען פארביי, נאָר א געשיכטע פון אַלטע צייטען הערסטו דער־צעהלען פון מענשען וואָס זענען שוין גאַנץ לאַנג געשטאָרבען און איצטער זענען זיי תחית המתים אויפגעשטאַנען. אפילו זייערע

איינענע קינדער, ווען זיי הערען די גרויע טאטענ דערצעהלען, דריקט זייער פנים גרוים וואונדער אוים . .

---

## 11.

## קעסט קינדער פון באראן הירש.

דאס לעבען פון דער ערשטער קאלאניע, מאזעסווילע, האט זיך אנגעהייבען ווי איהר ווייסט שוין, זעהר טרויעריג. איצטער איז אבער מאזעסוויל די ציערונג פון אלע אידישע קאלאניעס אין אר־גענטינע.

געשעהן איז עס דורך א וואונדער. געשעהן איז עס געגען דעם ווילען פון יק"א. ווארים פיעל מיה האט יעמאלט געקאסט, מיט צוויי און צוואנציג יאהר צוריק, דעם דר. לעווינטאל, באראן הירש'ם שליח, די ערשטע אידישע קאלאניסטען פון דארט ארוים־צונארען. איהם איז עס ניט געלונגען. אפילו נאך דעם ווי זיי זענען שוין כמעט געוועזען באראן הירש'ם קעסט־קינדער האבען זיי זיך פון ארט ניט געוואלט ריהרען. מען האט זיי איינגעוויזען, אז דער ארט איז שלעכט, די ערד איז ענטרא־ריאס, וואס ליגט מעהר צו זידען, איז בעסער, ביליגער, און אז דא וועלען זיי בלויז זייערע כחות אוועקלעגען און צו קיין תכלית ניט קומען — עס האט ניט געהאלפען. דריי יאהר לאנג האבען זיי דארט זייערע מתים בעגראָ־בען, ביז לעווינטאל איז אנגעקומען, און אוועקצוגעהן פון דארט איז געוועזען אונמעגליך. די פערוואלטונג פון יק"א האט זיי גענוזט נאכגעבען און יאהרען לאנג האט זיך געצויגען די פלאג איבער די קעפ פון די קאלאניסטען. ס'האט געהאלטען, אז מען זאל לאזען פאלען אלץ און אויפגעבען די קאלאניזאציאן דארט — ס'איז ניט געלונגען! מאזעסווילע האט בעדארפט ווערען דאס, וואס זי איז איצטער. כאטש דער היינטיגער יאהר האט פאר דער דאזיגער קא־

לאַניע געבראַכט אַזאַ שרעקליך אומגליק, ווי די לעצטע פּערפּלייצונ־גען.

צו פעסט שטעהען שוין אויף זייערע אייגענע פיס די קאָלאָניס־טען פון מאַזעסווילע. און ניט די שלעכטע פיהרונגען פון יק"א'ס פּערוואַלטונג ביי פריהעריגע צייטען און ניט די לעצטע פערפּליי־צונגען האָבען זי געקענט בייקומען. מאַזעסווילע איז דאָס שענ־סטע, וואָס איז דורך אידישע הענט געשאַפען געוואָרען איז אַר־גענטינע. דאָרט איז דאָס אידישע לעבען גאַנצער און אָריגינעלער ווי אין אַלע אַנדערע אידישע קאָלאָניעס.

מען רעכענט דאָרט ביז זעקס טויזענט נפשות. פיער טויזענד קאָלאָניסטישע און צוויי טויזענט אימיגראַנטען. דאָס אַליין בע־ווייזט שוין אין וואָס פאַר אַ מצב די קאָלאָניע געפינט זיך, אַז געבען איהר קענען שוין זייטיגע צוויי טויזענד נפשות אַ לעבען מאַכען.

די קאָלאָניע איז צוואַוואָרפען אויף אַ שטח פון דרייסיג־פיער־ציג קילאָמעטער, איינגעטיילט אין פערשיעדענע גרופּעס. יעדע גרו־פּע האָט זיך איהר נאָמען.

צוויי און זיעבעציג טויזענט אַקער לאַנד איז אין בעזיץ פון די קאָלאָניסטען און מיט זייערע הענט בעאַרבייט! ברייטע וועגען פוןביידע זייטען מיט בוימער פערפלאַנצט ציהען זיך צווישען די אידישע פעלדער אויף גרויסע לאַנגע שטרעקעס. און אַז איהר שפּאַצירט מיט אַ קאָלאָניסט איבער די וועגען, ווייזט ער מיט שטאָלץ אָן:

— מיר זיינען די איינציגע, וואָס קענען זיך בעריהמען, אַז אַלץ איז דאָ מיט אידישע הענט געטאָן געוואָרען. זעהט איהר די בוימער? אַלץ אַליין געפלאַנצט. אַליין געפלאַנצט...

און די היסטאָריע פון בוימער־פלאַנצען?

מיט אַ צוואַנציג יאָהר צוריק האָט זי זיך אָנגעהייבען. וואָס צו טהאָן מיט דער ערד האָט קיינער ניט געוואוסט. ניט די קאָלאָ־ניסטען וואָס האָבען זיך שוין דאָרט אַזוי לאַנג געוואַלגערט און

ניט די „מענשען" פון באראָן הירש האָבען פערשטאַנען, וואָס מען הויבט דאָרט אָן צו טאָן מיט די אידען, מיט דער ערד. אויף איי־נעם פון די ערשטע דירעקטאָרען, דעם ענגלישען קאָרנעל גאָלדסמיט, ווערט דערצעהלט, אז כאָטש ער איז געווען אַ גוטער מענש, דאָך האָט ער בעסער פערשטאַנען ווי אזוי מיט זעלנער צו מושטרירען איידער אידען מאכען פאַר קאָלאָניסטען.

מען האָט דאָך אָבער געמוזט ! אידען האָבען חודש־געלד בעקומען פאַר יעדען נפש — און מען מוז זיי מאכען פאַר קאָלאָ־ניסטען. גיט די ערד גאָר ניט ארוים — אָבער ארבייט מוז מען זיי דאָך געבען.

אז די קאָלאָניסטען זענען איבערגעגאַנגען אויף קעסט צו באַ־ראָן הירש, האָט מען זיי די פעלדער ארומגעצאַמט מיט דראָטען, יע־דען געגעבען ווילדע אָקסען און געשפּאַנען און פאַר יעדען נפש צו דריי פּעזאָס א חודש, אז ער זאָל קענען לעבען און אקערען די ערד. מען האָט געבויט הייזער פאַר די וואָס זענען שוין געווען און פאַר די וואָס האָבען בעדאַרפט קומען. די ערד האָט מען געאַקערט און געזעט ווייץ — האָט דער היישריק אויפגעגעסען.

האָט מען שפּעטער אָנגעהייבען זעען ליאָן — איז געקומען דער היישעריק און האָט אויפגעגעסען.

פאַר דער ארבייט האָט מען פון באראָן הירש'ס אוצרות גע־צאָהלט. אזוי פיעל און אזוי פיעל אקער לאַנד אויפגעריסען — האָסטו דיר אזוי פיעל און אזוי פיעל קליין־געלד. ביסלעכווייז האָט מען אָנגעהויבען צו פערגעסען, אז פאַר זיך אַרבייט מען, נאָר אי־בער אימעצענעם א פרעמדענס לאַנד פערגיסט מען שוויים, פאַר אי־מעצענס שווערע זינד ווערט מען פערשווארצט און שכר־יום בע־קומט מען. ס'איז אפשר קיין וואונדער ניט. און יעמאָלט האָט מען עס גוזר געווען אויף די קאָלאָניסטען, זיי זאָלען בוימער פלאַנצען הינטער'ן שטוב פון דרום זייט, כדי אז דער שטורם וואָס קומט פון דרום זאָל דעם דאָך פון שטוב ניט אראָבטראָגען. און יעמאָלט האָט מען עס גוזר געווען, אז ביי די זייטען פעלד זאָל יעדער איד

בוימער פלאנצען, כדי ווינטער־צייט זאָל ער האָבען א שטיקעל האָלץ אָן אויוועז אויסצוהייצען. אז ניט — האָט מען שטראָף ארויפ־געלעגט. אז ניט — האָט מען . . .

אידען האָבען זיך געבונטעוועט. און פערגעסט ניט, אז יעמאָלט זענען שוין געווען גאנץ אַנדערע אידען. שוין אויפ'ן חשבון פון באראָן הירש געקומענע. בני־מלכים. אין פארטיגע שטיבער אריין זענען זיי געקומען, די הייזער האָבען אויף זיי שוין געווארט. פויי־געלאָך האָט מען זיי אין רוסלאנד צוגעזאָגט. גליקען האָט מען זיי אין קעשענע מיטגעגעבען. און אַז מען האָט געהייסען אקערן ערד גלאט אין דער וועלט אריין, און אַז קאָמאַרעס האָבען געביסען אָהן רחמנות, און אז דער היישריק איז געקומען און די שיין פון הימעל פערדעקט, און אז א טריקעניש איז געקומען און האָט אויסגעטריי־קענט ס'ביסעל פאשע, ביז די קוה איז געפאלען, ס'פערדעל האָט די פיס אויסגעצויגען — האָבען אידען אָנגעהויבען צו בונטעווען. ס'־איז אפשר ניט געווען קיין סכנות־נפשות. מען וואָלט אפשר מיט זיי אויסגעקומען: מען וואָלט זיי אפשר געקענט אריינרעדען, אז די ערד איז נאָך פון די הענט דערווייל ניט אוועקגעפלויגען און אז מען בעדארף זיך ניט „בונטעווען". אָבער אויסגעלאָזען האָט זיך טרויעריג. גאָר טרויעריג.

אז ס'איז געקומען ערב פסח, אידען האָבען געוואָלט יום־טוב מאַכען און ס'איז ניט געווען מיט וואָס, האָט מען זיך אלאָז געטאָן צום אַדמיניסטראַטאָר, וואָס איז געווען דוקא א רוסישער איד, און קאָהן איז זיין נאָמען געווען, האָט ער זיך אויף אזוי פיעל דער־שראָקען — און אפשר האָט ער זיך ניט דערשראָקען און האָט טאַקע געוואָלט אונזערע אידעלעך אנלערנען ?...

אין יענעם פסח איז עס געשעהן. מען האָט דערלאנגט א היז, וואוהין מען האָט געדארפט, אז אידען האָבען געוואָלט בע־רויבען די קאסע און פאָליציי איז אראָבגעקומען, פערנומען די אַלע „בונטאָווטשיקעס", אוועקגעפיהרט קיין „סאנקריסטאָבל" און דאָרט זיי אין אייזענס איינגעשמידט . .

ס׳דאַך אבער בלויז א קליינינקייט געוועזן מיט א צוואַנציג יאָהר צוריק איז עס געשעהן. ווי ער שרייבט די איינציגע העקטאָגראַ־פישע צייטונג, וואס איז אין יענע טעג ארויסגעגאנגען אין מאַ־זעסוויל מיט׳ן נאָמען „דער ווידער־קול“, איז יעמאָלט די אויפ־רעגונג צווישען די קאָלאָניסטען זעהר שטאַרק געוועזן. דער אמת האָט מנצח געוועזן. דער אדמיניסטראטאר קאָהן איז אראָב.

נאָר אז מען הויבט אָן נאָכפרעגען, ווי אזוי קומט עס אז אין מאַ־זעסוויל וואקסען אזוי פיעל בוימער הינטער די הייזער ? און ביי דער זייטען וועג ציהען זיך שורות בוימער און מאכען דעם וועג אזוי שעהן און געמיטליך — ווי קומט עס צו אידען ?

— געוועזן אמאָל מיט אכצעהן יאָהר צוריק אנ׳אדמיניסטראַ־טאָר, ענטפערט מען אייך, קאָהן האָט ער געהייסען, האָט ער גע־צוואונגען אידען זאָלען בוימער פלאַנצען.

— ווער האָט עס אויסגעפונען, אז דאָ קען אזוי גוט וואקסען די אלפאַלפאַ, וואָס, אז מען זעט עס איין מאָל וואקסט עס ביז צוואַנציג יאָהר ; עטליכע מאָל אין יאָהר קען מען עס שניידען און דאריבער האָט עס קיין מורא ניט פאַר׳ן היישריק — און אז די אלפאַלפאַ קען מען שניידען, טריקענען און פארקויפען, ווארום די בעסטע פאַשע פאר בהמות איז עס — ווער האָט אייך אידען אויף אזא וועג ארויפגעפיהרט ?

— געוועזן ביי אונז אמאָל אנ׳אדמיניסטראטאָר, ענטפערט מען, א צורר ישראל געוועזן, קאָהן האָט ער געהייסען. מיט געוואַלד האָט ער געצוואונגען די קאָלאָניסטען, זיי זאָלען „פּראָבעס“ מאכען; זעען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, ארבייטען פאר׳ן טייוועל...

אָבער דאָס איז דאָך געווען אַלץ אַמאָל. גאָר אַמאָל.

איך רעד דאָך איצטער ניט פון דעם גרויסען אידעאל צו קאָ־לאָניזירען אידען אין ארגענטינע. — ארגענטינע פאר א אידיש לאַנד מאכען. איך רעדט דאָך איצטער ניט פון די קלוגע ארבייט פון דער יק״א פארוואלטונג איבער וועלכער ה׳ כאזאנאוויטש האָט אנגעשריבען אנ׳ערענסט בוך מיט א צו ערנעסטע און לאנגען נאָ־

מען ווי „דער קריזיס פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין ארגענ־טינע און דער מאָראַלישער באַנקראָט פון דער יק״א אדמיניסטראַ־ציאָן״.

יענער אידעאַל איז דאָך געשטאָרבען באַלד ווי ער איז גע־בוירען געוואָרען און די פיהרונג האָט ניט געקענט באַנקראָטירען ווייל זי איז פאַר קיינעם ניט פאַראַנט־וואָרטליך געוועזן. מיט צוקערלעקערלעך האָט מען אהין אידען „פערנאַרט״. וואָס האָבען דען אידען ניט געהאט פאַר א שפּילכלעך אין זייער לאַנגען גלות וועג?

איך רעד דאָ איצטער פון דער גרויסער אידישער קאָלאָ־ניע אין ארגענטינע, מאָזעסוויל, וואָס איז געווען אמאָל אויף קעסט ביים באַראָן הירש יורשים, און שפּעטער געפּעלשט אין דעם אי־דעאַל פון יק״א, אז אנ׳ערד ארבייטער אין ארגענטינע מוז די ערד בעארבייטען און בעדאַרף אנ׳אייביגער בעטלער זיין. איך רעד פון מאָזעסוויל וואָס בעדאַרף ניט חלום׳ען פון קיין צוקונפט און לעבט איהר היינטיגען טאָג. די דאָזיגע קאָלאָניע לעבט שוין אזוי שטאַרק אויף איהר אייגענעם חשבון, אז זי רעכענט זיך שוין אין דעם „הויף״ פון יק״א פאַר דעם צו געראַטענעם זונעלע וואָס וויל ניט פאָלגען טאַטע־מאַמע. מאָזעסוויל איז רייך. און ווען ניט די לעצטע פערפלייצונג וואָלט מאָזעסוויל איהרע אָרימע קאָלאָניס־טען געהאַלטען ווי א צירונג, ווי א זכר פון די אַלטע צייטען. ווייל דורך גאַנץ אַנדערע מיטלען, דורך א גאַנץ אַנדערען וועג זענען זיי צום איצטיגען מצב געקומען.

## 12.
## ליטוואַקעס.

„אז דער קאָפּ ליגט אין דר׳ערד, געהט דער קאָפּ אין גאָלד״.

דאָס איז געזאָגט געוואָרען אויף די קינדער פון ליטא וואו מען מאַכט קדוש איבער חלות, הבדלה — איבער מילך און א גאַנ־צע וואָך לעבט מען מיט רוח־הקדש.

דאס איז געזאָגט געוואָרען אויף אונזערע לייט פון דער ליטא, ביי וועמען אסתר־תענית איז א יום־טוב. קינדער וואקסען ווי שוואָמען און אויף דער גרעסטער צרה זאָגט מען גם זו לטובה.

פונקט מיט צוואנציג יאָהר צוריק האָט דר. פיינבערג פון פעטערבורג אראָבגעבראכט די ערשטע פארטיע קבצנים פון גראָדנער גובערניע קיין מאָזעסוויל. און שפעטער מיט זעקס יאָהר האָט שוין די יק"א־אדמיניסטראציע אליין געשיקט קיין רוסלאנד דעם ה' קאצאוויץ, א ריין ליטווישער אידעאליסט און ער איז געפאָהרען און פון דער ליטא די צווייטע פארטיע צופריעדענע קבצנים געבראכט.

איך דערמאָן מיר איצטער, אז מיט זעכצעהן יאָהר צוריק האָב איך אין א ליטווישער שטאָדט, אין בית־המדרש געהערט, א איד א גאסט דערצעהלט ביים אויווען מעשיות פון דעם ווייטען לאנד ארגענטינע, וואוהין מען האָט איהם פערנארט צוזאָגענדיג גאָלדערנע בערג און דער סוף איז געווען אז „קאָמארעס" האָבען איהם שיעור ניט אויפגעגעסען. ער האָט וויב און קינד געלאָזען און אליין געלאָפען פון דאָרט.

איך גלויב, אז ס'איז דער איינציגער ליטוואק געווען וואָס האָט ניט געוואָלט פאלען קיין קרבן פון די קאמארעס.

ווי כ'האָב מיר דערוואוסט, איז ער עס פון מאָזעסוויל געלאָפען. די אייגענע בייזע קאמארעס זענען נאָך איצטער אויך פאראָנען, נאָר ווער הערט זיי און ווער פרעגט ביי זיי? איך וואָלט מיר געוואונשען אז דער ווידערשפענסטיגער ליטוואק זאָל איצטער קיין מאָזעסוויל אראָבקומען און א קוק געבען ווי ביי יעדען פון זיינע לאנדסלייט אויפ'ן פעלד שפאצירען זיך ארום בהמות אין די הונדערטער. ער וואָלט געווים זיינע לייט ניט דערקענט. ער וואָלט פערוואונדערט געקוקט אויף די פעסטע בעלי־גוף'ן וואס געהען זיך יעדען פריהמאָרגען ארוים און בעקוקען זייער פארמעגען.

אין מאָזעסוויל איז די יוגענד געבליבען אין דער היים. אין

די שלעכטע צייטען זיך ניט צולאָפען ווי ס׳האָט געטראָפען מיט אַנדערע קאָלאָניעס. די קינדער זענען אוועקגעגאַנגען אין דער פּרעמד פאַרדינען און ס׳פאַרדינסט געבראַכט אין שטוב אַריין. פאַר׳ן פאַרדינסט האָט מען א קוה געקויפט. די קוה האָט מילך געגעבען, א קעלבעל געבוירען. ס׳קעלבעל איז אויסגעוואַקסען און אויף דעם אָבגעצוימטען פעלד איז פרייליכער געוואָרען.

ביי די ליטווישע אידען אויף די פעלדער האָבען זיך גאַנצע טשערדעס בהמות בעוויזען און די שפע איז אַריינגעקומען גאָר פון אַנ׳אַנדערער זייט.

מען האָט אויפגעהערט צו אַקערען און זען פאַר׳ן טייוועל, פאַר׳ן היישעריק, וואָס סקומט יאָהר יאָהרליך און פערדאַרבט אַזוי פיעל מיה און שווערע אַרבייט. ווי נאָר מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז פאַראַן אַזאַ זאַך, וואָס קען וואַקסען אויף דער ערד און דער היישעריק קען עס ניט אויפעסען איז א ישועה געקומען. ווען דער היישעריק עסט אָב די אַלפאַלפע, וואַקסט זי אין צוויי וואָכען ווידער אָב. די וואָרצלען געהן טיעף אין דער ערד. און די געגענד פון מאַזעסוויל איז דאָך אַזוי מסוגל פאַר די דאָזיגע פלאַנצען. און דאָס איז דאָך די בעסטע פאַשע פאַר בהמות.

אַזוי ענטוויקעלט זיך דער פיהצוכט אין מאַזעסוויל אויף א העכער מדרגה. דער אַקער וואַלגערט זיך אין פעלד און ראָסטעט. די באַראַנע ברענגט מעהר קיין נוצען ניט. אידען האָבען בהמות און די בהמות שיקט מען קיין בוּנעס איירעס. פון בוּנעס איירעס שיקט מען געלד.

עס ווערט ענג ס׳אייגענע פעלד. מען דינגט צו פרעמדע פעלד אויף פאַשע.

עס ווערט ווייניג די אייגענע אָקסען, מען קויפט פרעמדע מאַגערע און מען פאַשעט זיי אויס אויף דעם אייגענעם פעלד און דערנאָך שיקט מען קיין בוּנעס איירעס און פון בוּנעס איירעס קומט אָן געלד.

דאָס טוען די טאַטעס.

די זין, קינדער פון דעם אידישען פאָלק, ארויסגעקומענע פון דער ליטא, בעדאַרפען גאָר קיין פעלד ניט האָבען. מען קויפט אָקסען און מען פערקויפט זיי ווידער און מען פערדיענט דערביי. און טאָמער ניט, איז עס דאָך מסחר, און טאָמער דערלעגט מען — לאָזט דער טאַטע ניט פאַלען.

דאָס איז דער גייסט פון דער קאָלאָניע: האָבען א סך אַל־פאַלפע אויף די אלאפאלפע־קיה און אָקסען, בעקומען זאָל מען מאָ־גערע און ווערען זאָלען זיי פעט. די וועלט זאָגט, אז דאָס איז ניט קיין קאָלאָניזאציע נאָר מסחר. אקערען די ערד באדארף מען. ס'איז מסחר, באראָן הירש האָט עס ניט געמיינט. זיינע יורשים האָבען עס ניט געוואָלט. איז אָבער דען א זיכערע זאך אין אר־גענטינע פאראנען?

זענען אָבער פאראן די וואָס ווילען דוקא זיין קאָלאָניסטען, ווי ס'איז געשריעבען. די ערד אקערען, תבואה זעען, ווארטען ביז ס'וועט אויפגעהן, ווארטען ביז ס'וועט צייטיג ווערען, טוט ער עס פון גוטען ווילען, צו פון בייזען ווילען, ווייל ער קען זיך ניט דערשלאָגען בהמות צו קויפען — אנ'ארימאן וועט ער בלייבען. דער היישעריק לאָזט מאָזעסוויל ניט דורך. דער שטורם־ווינט פער־בלאָזשעט אהין און פון רעגענס ניט אין דער צייט און ניט אין דער מאָס ווייסען אויך מאָזעסווילער קאָלאָניסטען . . .

און אזעלכע ניט געראָטענע זענען פאראן ביי מאָזעסוויל. די גרופע ביי דער סטאנציעי מאָניגאָטעס, א פיערציג קילאָמעטער וועיט פון צענטער־פונקט, דאָרט וואו מיט פינף און צוואנציג יאָהר צוריק האָבען אידען א בית־עולם פערלעגט — דאָרטען זיינען די אינגסטע, ניין יאָהריגע קאָלאָניסטען פון כערסאָנער גובערניע און זיי געהט ניט. זיי ווילען ניט און גאָט וויל ניט. ס'קומט גאָר ניט ארויס. יענע געהען ארום מיט לעדיגע הענד, אהן בהמות אויפ'ן פעלד און אהן תבואה צום דרעשען.

אָבער דאָס איז דאָך ניט דער גייסט פון מאָזעסוויל.

איז עס אפשר דער גייסט פון ארגענטינע, איז עס אפשר דער

גייסט פון יק"א איהרע קאָלאָניסטען אַלס בעטלער צו בעטראַכטען און אַלס בעטלער זיי טאָג־טעגליך ביי זיך אין קאָנטאָר בעגעגע־נען — אָבער פאַר מאָזעסוויל אין כּלל איז עס קיין בעווייז ניט די לעצטע עטליכע יאָהר.

בהמות, בהמות און בהמות.

פאַר לאַנגווייליגקייט, פאַר א ציערונג, און אפשר פון גאוה וועגען לאָזט זיך איינער פון די עכט מאָזעסווילער אקערען זיין פעלד און זעען ווייץ. ער ווערט גאָר ניט נתפּעל, אז ער נעהמט פון פעלד גאָר ניט אראָב. טאָמער זעהט איהר א איד אקערט, געהט איהר צו און פרעגט :

— וואָס וועט איהר דאָ אזעלכעס זעען ?

אביסעל קאקארוזע וועל איך פערזעען, די אַלטע מיינע זאָל האָבען וואס די היהנער צו געבען.

דאָס איז שוין א לוקסוס. א ליטווישער איד האָט די האנד פון הארצען אראָבגענומען. מאַכען א נחת־רוה דער אַלטער. ער וועט פארזעען אביסעל מאיס, זי זאָל האָבען די היהנער וואָס צו געבען...

נו, און ווייטער? ברויט עסען צו זאט? איז עס א תכלית !

אידען בלייבען דאָך אידען. וואו ווערען עס אידען פערפאַ־לען. חלילה פארגרעבט? וואָס א מאָל איז געווען ווילט זיך גאָר ניט קלערען. איצטער איז פאר מיר געגנוג וואָס איך האָבען גע־זעהן און ועמען איך האָב געזעהן.

אידען בלייבען דאָך אידען. און ווער שמועסט, אז דאָ האנ־דעל זיך פון א קליינען ליטווישער מלוכה — איז דאָך אַלץ כּמקדם. מען זאָרגט אין נחת.

און ווער זאָגט נאָך, אז פרישע אַנגעלאָפענע אימיגראַנטען אזוי פיעל זיינען פאראַנען — איז דאָך א אידיש לעבען פאראַנען.

די אַלטע האָבען בתי־מדרשים און שולען.

די יונגע פעראיינען מיט ביבליאָטעקען ; חברות פון אַלע מינים, יום טובים גוי'אישע, אידישע אַלע ווערען געפייערט :

צייט איז דאָ. גאַנץ זעלטען, אָבער דאָך קענט איהר נאָך א רוסיש ווארט הערען. דאָס מיינט דאָך, אז מיט דעם אידישען איז נאָך ניט אזוי שמאָל...

ליעבהאבער שפּיעלען דעם „יודישען פּרינץ“. ציוניסטען האַלטען רעדעס אויף העברעאיש. אידישיסטען ענטפערען אויף אידיש. מען צוקריגט זיך — אָבער צו קען דען לאנג אָנהאַלטען א ברוגז אין אזא ווייט לאנד ?

די מאָזעסווילער יוגענד האָט זיך פערגונען אויף אזוי ווייט צו געהן, און דאָס האָט עפּעס צו זאָגען ; ס'בעווייזט ווי שטאַלץ זי איז :

מיין שיף האָט מיר געבראכט אין בונעס־איירעס. פארשטעהט זיך, אז אין בונעס־איירעס האָב איך געמוזט אראָב. מאָזעסוויל ליגט אכצעהן שטונדען רייזע פון בונעס־איירעס מיט דער יבשה דוקא. פארשטעהט זיך, אז אין בונעס איירעס האָב איך געמוזט פריהער זיין און דאָך אין דער איינציגער טעגליכער אידישער צייטונג וואָס געהט ארויס אין בונעס איירעס איז געווען געדרוקט א ליבליכער פּראָטעסט אויף מיין נאָמען, אז ניט רעכט האָב איך געטאָן וואָס כ'האָב זיך אָבגעשטעלט אין בונעס איירעס און דעם ערשטען וויזיט ניט געמאכט מאָזעסוויל.

---

## 13.

## דורך פערטרוקענטע געגענדען.

עלטערע מענשען דערצעהלען, אז מיט עטליכע און צוואנציג יאָהר צוריק זענען אין דעם געגענד געווען אזעלכע פארפלייצונגען ווי דעם יאָהר, דאריבער האָב איך מיט א כונה פארלאָפען אביסעל א פריהער מיט מיין שרייבען און דערצעהלט פון דעם אל־געמיינעם גוטען מצב וואָס איז אין מאָזעסוויל, כדי מיט מיינע

ווייטערדיגע שילדערונגען פון די זומפען און בלאָטעס ניט פאַר־
ווישען ס'ריכטיגע בילד פון דער קאָלאָניע, וואָס האָט מיט דעם
לעצטען טרויעריגען צופאַל קיין שייכות ניט. בלאָטעס טריקענען
זיך אויס. שלעכטע וועגען פאַרבעסערט מען. און די פֿייף און
דרייסיג פּראָצענט פון די שטאַרק געליטענע קאָלאָניסטען אין
מאָזעסוויל וועלען זיך זיכער צוריק אויפקומען. איך האָב גע־
וואוסט אַז דער געגענד איז זעהר פערטרונקען דאריבער בין איך
ארויסגעפאָהרען קיין מאָזעסוויל נאָך דעם ווי כ'האָב פערווײלט
אַ פאָר וואכען אין בונעס איירעס.

די אידישע קאָלאָניעס אין ארגענטינע זענען זעהר ווייט איי־
נע פון דער אנדערער. צואוואָרפען אין פארשיעדענע פּראָווינ־
צען. דער רייזענדער וואָס וויל די קאָלאָניעס בעזוכען מוז זיך
יעדעס מאָל אומקעהרען קיין בונעס איירעס און פון דאָרט אַן
אנדערע ריכטונג נעהמען אויף צעהן, פופצעהן שעה רייזע פון בונעס
איירעס. פאראַן זאָגאר אזעלכע קאָלאָניעס, וואָס ליגען ביי דריי־
סיג שעה פון דער הויפּט־שטאָדט.

די יק"א איז אין דעם גראדע ניט אין גאנצען שולדיג. ווי
עס ווייזט זיך ארויס האָט די פערוואלטונג פון יק"א די פּראָ־
ווינץ סאנטאפע וואו מאָזעסוויל איז אין גאנצען פאַרבראַקירט.
מעהר ניט די ערשטע קאָלאָניסטען פון פּאָדאָליער גובערניע וואָס
האָבען זיך דאָ אליין בעזעצט האָבען געצוואונגען די ערד אָב־
צוקויפען. געגען איהר ווילען האָט די יק"א אָבגעקויפט דעם ריי־
זיגען שטח ערד הונדערט אַכצעהן טויזענד אקער לאַנד. און
ביסלעכווייז געקאָלאָניזירט פרישע צוגעקומענע אידען. יעמאָלט
האָט זיך די הויפּט־טהעטיגקייט פון יק"א ענטוויקעלט אין דער
פּראָווינצען ענטרא־ריאָס און בונעס איירעס, וואָס ליגען זידליכער
פון בונעס איירעס. האָבענדיג אין זינען צו פיהרען א ריינעם
ארט קאָלאָניזאציע, האָט די פּראָווינץ סאנטאפע, צוליעב דעם
שטענדיגען היישעריק, וואָס קומט יאָהר יעהרליך, זיך ניט צו־
געפאסט פאר דעם דאָזיגען אידעאל. און נאָך א לאנגע צייט שפּע־

טער האָבן די לייט פון יק״א גע׳חלום׳ט פון מאכן אידען פאר רייגע פויערים. זיי האָבן ניט געקענט זעהען ווי אידען פערלאָזען דעם אקער און פאשען בהמות. און ווירקליך האָט אין „ענטרא־ריאָס״ א פּאָר יאָהר א בלישטש געטהאָן. די רעזולטאטען פון רייגע קאָלאָניזאציע האָבן זיך אויסגעוויזען כמעט ווי גוט פאר דעם ערשטען בליק. אָבער די לעצטע יאָהרען איז דאָרט אלץ אוועק קאפויער.

מיט דריי יאָהר צוריק ערשט, האָט יק״א ווידער געקויפט ערד אין דער פּראָווינץ סאנטאפע און פאר צוויי יאָהרען האָט זי דאָרט אָנגעהויבען צו בעזעצען קינדער פון קאָלאָניסטען און איבער־הויפּט ניט קיין גריגע אין דעם ענין פון דער ארבייט. מיר וועט נאָך אויסקומען צו רעדען פון אָט דער אינגסטער קאָלאָניע, וואָס רופט זיך מאָנטעפיאָרע אָדער סערעס, ווייל זי ליגט ביי דער סטאנציע סערעס, אויף דער ליניע בונעס איירעס־טוקומאן און געפינט זיך ביי פיער שעה רייזע מיט׳ן באהן פון מאָזעסוויל.

פון די שרעקליכע רעגענס וואָס האָבן אין פערלויף פון זעקס חדשים כמעט ניט אויפגעהערט צו גיסען האָט צום מייגסטען די פּראָווינץ „סאנטאפע״ געליטען. די שטרעקעס זיינען פלאכע און די וואסערען האָבן קיין אָבגאנג ניט. אין יענע געגענדען געפינט זיך אנ׳אונבעדייטענדער טייכעל וואָס רופט זיך „מארטשיקאָ״, עס מיינט דער קליינער ים, ס׳דאָזיגע טייכעל האָט זיך ווירקליך ווי א ים צוגאָסען און אויף א שטרעקע פון הונדערטע קילאָמעטער האָט ס׳וואסער אין פערלויף פון איינינגע טעג געשטראָמט. דער דאָזיגער שטראָם האָט ניט געשוינט מאָזעסוויל; און די קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע, וואָס כ׳האָב אויבען דערמאָנט, איז זעקס וואָכען אין וואסער געשטאנען.

איינע פון די טרויעריגסטע בילדער האָט פאָרגעשטעלט דער וועג קיין מאָזעסוויל. די וואסערען זיינען שוין געווען אָבגעפאלען צוביסלאך אָבער דאך רעכטס און לינקס, פוןביידע זייטען אייזענ־באהן ליניע איז נאָך ערטערוויין געווען אויף א מעטער וואסער

און אזוי ביז צום האָריזאָנט האָט ס׳וואסער געבלאַנקט. אויף די פלאַכע פערטרוקענטע שטרעקעס זעהען זיך וואו ניט וואו ליימע־נע הייזלעך פערלאָזענע און פון די פענסטער קוקט שרעק ארויס. די גרויסע מחנות בהמות, וואָס געהן דאָ אום אין דער געגענד מאַ־כען דעם שווערסטען איינדרוק. דאָ ווייסט מען ניט פון בויען שטאַלען פאַר בהמות. פריי געהן זיי אום אויף די פעלדער ארומ־געצוימט מיט דראָטענע צוימען און עסען ס׳גראָז, וואָס וואקסט פון דער ערד ארויס זומער און ווינטער ; אונטער דעם פרייען הי־מעל געפינען זיי זיך. און טאָמער פאַלט א בהמה — ווייניג ווערט וועגען דעם געזאָרגט אין די גוטע צייטען. איצטער אָבער ווען די רעגענס האָבען ניט אויפגעהערט צו גיסען און גאנצע געגענדען שטעהען אין וואסער, זעהט מען ווי קיה און פערד אויסגעדאַר־טע, איינגעצויגענע בראָדזשען אום ביז׳ן בויך אין וואסער און זו־כען ערגעץ גראָז צו דערנעהרען זיך. אויף אזאַ וועג לאָזען זיך נאָר די מעהר געזינטערע בהמות, אָדער אזעלכע וואָס קענען זיך שוין פון דאָרט ניט ארויסקלייבען צו א טריקענערען אָרט. ס׳איז דאָך ווינטער און די לופט איז קאַלט. ביינאכט צייטענווייז א פרעסטעל און ס׳וואסער איז קאַלט. מעהר בהמות פאַלען שוין אין דעם פערגאָסענעם אָרט און קענען זיך צו קיין טריקעניש ניט דערקלייבען.

די געגענד פערמאָגט א געוויסען סאָרט רויב־פויגעל פון דער אָדלער־פאַמיליע, וואָס רופט זיך אויף שפאַניש „קאַראַנטשא“. זיי האָט די רעגיערונג פון ערגעץ אימפּאָרטירט קיין ארגענטינע ספּעציעל, זיי זאָלען אויפעסען ס׳פלייש פון די געפאַלענע בהמות. איצטער איז זייער טאָג. זיי קענען מיט דער ארבייט ניט פאַרטיג ווע־רען. פאָהרענדיג מיט׳ן באַהן זעהט איהר רעכטס און לינקס טויטע בהמות ליגענדיג, וועלכע אין וואסער און וועלכע ס׳האָט זיך דער־שלעפּט צו א טריקענערען אָרט און דאָרט די פיס אויסגעצויגען. מחנות־ווייז פליהען אום די רויב־פויגעל פון איין קרבן צום צווייטען און פון יעדען איינציגען פערזוכען זיי.

מעגליך פאר אַן'אָרטיגען איינוואוינער איז עס אַ גאַנץ וואָכענדיג בילד. ווארום וואו עס געהען אום בהמות אין די מיליאָנען מוזען דאָך טוידטע אויך זיין — אבער פאר אַ פרעמדען איז דאָס בילד שוידערליך. איך האָב מיר שפּעטער איבערצייגט, אַז אין דער פּראָווינץ סאַנטאַפּע איז זעהר זעלטען צו טרעפען אַן'אַנדער פויגעל, אָדער הערען אַמאָל פויגעל געזאַנג. די אַלע קלענערע פויגעל ווערען אין שלעכטע צייטען פון די „קאַראַנטשעס" אויפגעפרעסען.

ארויסגעפאָהרען בין איך פון בונעס־איירעס ארום ניין און אָבענד און ארום צוויי אַ זייגער אויף דעם אַנדערען טאָג האָב איך בעדאַרפט אָנקומען אויף דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס. דער באַהן האָט אָבער פערשפּעטיגט צוליעב דעם וועג, וואָס איז ערטערווייז פון די רעגענס צושווענקט. שוין ניט ווייט פון מאָזעסוויל האָב איך בעגעגענט דעם היישעריק וואָס האָט געצויגען ווי אַ כמארע פון צפון זייט. איינציגע היישעריקען, אָבגעטיילטע פון דער גאַנצער מחנה, האָבען זיך פארבייגעטראָגען געגען די פענסטער פון וואַגאָן און געבלאַנקט מיט זייערע פליגלאַך. ווי כ'האָב מיך שפּעטער דערוואוסט האָט ער מיט אַ נאַכט פריהער גערוהט אויף מאָזעסווילער פעלדער און ביי וועמען דער שטראָם האָט ס'פעלד אויסגעמיטען, האָט דער היישעריק אָבגעגעסען די אַלפּע ביז צום גרונט.

דער באַהן איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע פּאַלאַסיאָס וואו מען בעדאַרף אויסשטייגען פאָהרענדיג קיין מאָזעסוויל, ערשט ארום זעקס פארנאַכט. אויף דער גאַס איז שוין געווען טונקעלאַך. זייענדיג אַ ביסעל שווער געשטימט פון די טרויעריגע בילדער וואָס כ'האָב דורך די פענסטער אין פערלויף פון טאָג געזעהען אויף די פעלדער רעכטס און לינקס — איז מיר גאָר פון זינען ארויס, אַז איך פאָהר קיין מאָזעסוויל אַלס אידישער שרייבער און גלאַט אַ גאַסט פון רוסלאַנד און אַז מען וועט מיך בעגעגענען.

פון וואַנען אַזוי פיעל אידען האָבען זיך אויף דער סטאַנציע גענומען, ווייס איך ניט. און אידען פון אַזאַ געשטאַלט וואָס כ'האָב שוין לאַנג ניט געזעהען. אידען אין שטיוועל און מיט בערד. אי־

דען וואס דער צייכען פון שווערע פראצע ליגט אויף זייער גאנצען וועזען: אידען דארפישע, פראסטע פנים'ער און גרויסע שוויי־גערס, וואס זיינען גרייט מיט'ן שווייגען אלץ דיר אוועקגעבען און שווייגענדיג אהן ווערטער בלויז מיט א בליק א קאלטען צו בע־שטראפען דיר פאר א געוויסע עולה. אידען גרייז גרויע און ביי דער זייט געזונדע בחורים מיט פעסטע בליקען און שעהנעם, בע'חן'טען שמייכעל. אידען מיט געבויגענע פלייצעס און בלאנדע בערד און אידען מיט גרויע בערד נאר מיט א פעסטער גלייכער האלטונג. אלע האבען מיך גאר אונערווארטעט ארומגערינגעלט. איך האב מיר פערלארען און האב קיין ווערטער ניט געהאט אין דעם לעצ־טען מאמענט. ס'אייגענע איז געווען פון זייער זייט; אפשר ניט געוואוסט ווי צו רעדען מיט א ווייטען גאסט און אפשר איז דער גאסט געווען אזוי פרעמד פאר זיי מיט זיין אויסזעהן, אז זיי האבען ניט געפונען די נויטיגע ווערטער. די שטילקייט איז געווען פאר מיר שווער, גאר שווער.

כמעט שווייגענדיג בין איך אריין אין דער שווערער, פער־מאכטער קארעטע, און נעבען מיר אלטע קאלאניסטען. זעקס פערד האבען מיך אנגעהויבען צו פיהרען פון סטאנציע אין דער פינ־סטערער נאכט אריין איבער וועגען פול מיט גריבער, בלאטעס ביז די האקסען. ביים זייט האבען די עלטסטע פון די קאלאניסטען געזעסען און אין דער פינסטערער פערמאכטער קארעטע האב איך בלויז איין זאך געפיהלט:

—פאר וואס בין איך איצטער נישט גרוי, אט ווי די וואס זיצען דא נעבען מיר אין דער פינסטער און שווייגען. און ווער ווייסט וואס זיי פיהלען און טראכטען.

די שטילקייט האט זיך איבערגעריסען מיט א שמועס איבער דעם שלעכטען וועג און איבער די שטארקע פערד, וואס וועלען אונז בשלום ברענגען און אזוי מיט דעם שמועס זיך דערקליבען עט ווייט ביז מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק ווען אויף דעם ארט וואו עס ציהט זיך איצטער אונזער בלאטיגער וועג האט נאך אפשר

קיינער קיין טריט ניט געשטעלט. קיין אידישע פוס האָט דאָ געווים ניט געטראָטען.

איהר האָט געדאַרפט קומען צו אונז מיט אַ יאָהר צוריק, איידער ס'אומגליק איז געשעהן. עה, וואָס פאר אַ וועגען מאָזעס־וויל האָט געהאט! ביסלעכווייז האָבען זיך די אידישע הערצער צואוואַרימט און דער שמועס איז אַלץ לעבעדיגער געוואָרען און כ'האָב דערשפּירט, אַז מיט מיר אין דער פינסטערער קאַרעטע זיצען מיינע נאָהנטע, גאָר נאָהנטע: כ'האָב געהערט די שטימע פון מיינע קלוגע דאָרפישע פעטערס, וואָס כ'האָב אין דער יוגענד אַזוי ליעב געהאַט ווען זיי זענען צו אונז אַמאָל אין געסט געקומען און ווען צווישען זיי מיט מיין טאַטען פלעגט זיך פאַרבינדען דער רוהיגער, זיכערער שמועס פון די דאָרפס־מענשען.

די פערד האָבען מיך בשלום געבראַכט אַהין, וואו מען האָט בעדאַרפט. נאָך פון ווייטען האָט זיך בעוויזען דער „צענטער", אָדער די שטאָדט, בעלויכטען מיט שורות עלעקטרישע לאָמפּען. אַזעלכעס האָט מאָזעסוויל זייט דעם לעצטען יאָהר. און ניט צו קיין האָטעל האָט מען מיך פאַרפיהרט, אויך ניט צו קיין היימישער שטוב האָט מען מיך געבראַכט. אונזער קאַרעטע האָט זיך אָב־געשטעלט נעבען העל בעלויכטענעם זאַל פון דער ביבליאָטעק „קדימה", וואו כ'האָב ביי דעם עלעקטרישען ליכט נאָך אַמאָל בע־טראַכט אונזערע יונגע און אַלטע: אַלטע און יונגע, וואָס האָבען דאָ אין דער וויסטע אַ נייע לעבען אריינגעבראַכט. אַלץ האָט מיר אַזוי ריהרענד היימיש אויסגעזעהען, פונקט ווי היימיש האָבען פון די פּאָליצעס ארויסגעקוקט די אויפשריפטען אויף די אידישע ספרים.

און ווען דער פאָרשטעהער פון דער קאָלאָניע האָט גערעדט, האָט ער זיך ניט בעקלאָגט אויף דער שלעכטער צייט: ניט דער־צעהלט פון דעם שווערען וועג וואָס זיי האָבען געהאַט דורכצומאַכען

אין א לאנגער שורה פון יאהרען — איהם האט בלויז געפרעהט וואס א אידען פון א ווייטען, ווייטען לאנד קענען זיי איצטער ביי זיך אויפנעהמען.

---

## 14.

## די יוגענד.

מעגליך, אז אנדערע אויף מיין פלאץ וואלטען אנגעהויבען צו שרייבען פון די שוהלעס, וואס געפינען זיך אין ברייטען פעלד, אויף די וועגען וואס פיהרען פון איין גרופע קאלאניסטען צו דער אנדערער. מיר האט זיך אבער געווארפען אין די אויגען די יו־גענד וואס רייט אזוי גלענצענד און מען קען מיינען, אז דאס אידישע פאלק איז דערצויגען געווארען אויפ'ן פערד רייטענדיג.

איך האב די ערשטע נאכט פערבראכט אין צענטער, ביי איי־נעם פון די אנגעזעהענע קאלאניסטען וואו איך האב די גאנצע צייט מיין דירה געהאט. אויף מארגען אבער איז מיר שווער געווארען איינצוזיצען אין שטאדט. אין דער בעגלייטונג פון א יונ־גען קאלאניסט שוין פון נייעם דור, בין איך ארויסגעפאהרען אין פעלד. ערטערוויין איז דער וועג שוין אויסגעטריקענט — אבער דארט וואו ס'וואסער האט זיך לענגער פערהאלטען האבען די שטארקע פערד, געהאט וואס צו שלעפען. און ס'האט אויסגעזעהען א ביסעל ניט הארמאניש צו זיצען אין א וואגען און שפירען ווי די רעדער שניידען די פעטע בלאטע, אין דער צייט ווי עס טראגען זיך פארביי מיט א שמייכעל שעהנע יונגען מיט ברוינע פנים'ער, אויף זייערע דראבנע אבער שטארקע ארגענטינער פערד. גאר א נייער שניט מענש. גאר אן אייגענארטיגער בליק און קעהר. ליט־ווישע קינדער און אזוי גלייך און פעסט געוואקסען! אזעלכע דרייסטע בעוועגונגען און גראציעזע רירעוודיגקייט. און די אר־גענטינער ווילדע פערד, ווי שנעל זיי ווערען פארענדערט, און מיט

וואָס פאר א גערולד, און כ׳וואָלט זאָגען — מיט ליעבע, זיי טראָ־גען אויף זיך דעם יונגען עולם ארום.

די קינדער פאָהרען אין שוהלע אריין רייטענדיג און עס טרעפט, אז פינף קינדערלאך זיצען אויף איין פערדיל. פון קאָפּ ביז צום עק נעהמט דאָס פערדיל קינדערלאך אָן אויף זיך. מיט א דראָבנעם גאַליאַפּעל טאַנצט זיך ס׳פערדיל אונטער און אזוי האָצקען זיך די פינף קינדערלאך, אינגאַלעך און מיידעלאך אָנ־האַלטענדיג זיך איינער אונטער דעם אנדערענס אָרעמס, און ביז צום שוהלע קומט דאָס פערדיל און לאָזט פון זיך די פּיצעלאך אראָב.

מען בעדארף צוגעבען, אז ביז אידען זיינען אָנגעקומען אין יענעם געגענד, האָט ס׳פערדיל געווילדעוועט. אקערען די ערד האָט מען מיט די אומעטיגע אָקסען וואָס האָבען הערנער לאַנגע, אויף הפקר צואווארפען אויף רעכטס און אויף לינקס. לאַנגווייליג שלעפּט זיך דער אקער־אייזען נאָך דעם אקסען־טריט. דער אונ־געדולדיגער אידישער כאראקטער האָט עס ניט געקענט איבער־טראָגען און האָט זיך אָן אויסוועג געזוכט. איצטער ציהען דעם אקער־אייזען זעקס פערד מיט היים בלוט און אויפ׳ן זאָטעל פון פלוג זיצט א אידישער יונג מיט נאָך פיעל הייסערע בלוט און קנאקט מיט דער בייטש אין דער לופט. ווען איך בין דארט געווען האָט מאַזעסוויל די ערד געאקערט. דאָס איז געווען נאָך א גרויסער הפסקה פון יאָהרען. לאַנג, לאַנג איז די אלפאלפע געוואקסען אָהן איבעריגע זארג, יאָהר איין יאָהר אויס, און דער פלוג האָט געראָס־טעט. די לעצטע פערפלייצונג האָט די אלפאלפא אויסגעווייקט און מען האָט אויף איבער אנייעם בעדארפט אקער׳ן און זעען. הונ־דערט פופציג, צוויי הונדערט אקער לאַנד אויפצורייסען איז ניט קיין צוקערלאך אויפצועסען. איך בין איבער די פעלדער געפאָהרען און געזעהען דעם טעמפּעראמענט פון דעם יונגען דור און ווי רייך עס לעגט זיך די גליבעס בלוי־שווארצע ערד הינטער דעם רייטער

וואָס זיצט ווי אַ צוגעשמידטער צום אייזערנעם זאָטעל פון אקער־אייזען.

צוערשט האָב איך בעזוכט די אלטע קאָלאָניסטען. די הייזער געמויערט פון היימישען ציעגעל, ס'הייסט געקנעטען פון דעם אייגענעם פעטען באָדען פון וואנען עס וואקסט די שפע, און דאַ־דיבער זעהן די הייזער אויסערליך אוים שווארצליך. דאָס זענען שוין גאנץ נייע הייזער, גראמערע. די וואָס זיינען געבויט געוואָרען פון יק"א זיינען צו ענג געוואָרען מיט דער צייט. האָט מען פון היימישע בלאָטע געקנאָטען ציגעל, אויסגעברענט און פערגרעסערט דעם פּאלאץ. און כאָטש גרוי זעהט ער פון אויסענווענינ אוים דער בנין, אָבער די ווייסע פּאָרהאנגלאך אויף די פענסטער פון אינוועניג ווינקען און שמייכלען מיט ליעבליכקייט, מיט ליכטיגקייט.

— א גאסט, א גאסט! פון אזוי ווייט געקומען צו אונז געוואָהר ווערען — שמייכעלט מיט מוטערליכער גוטסקייט די מוטער פון שטוב. און לויפט צום קוימען א פייער אָנלעגען . . .

— אין אַ שלעכטער צייט צו אונז פערבלאָנזשעט, אָבער גאָט פערלאָזט נישט — רעדט מיט א טיפען ערענסט דער בעל־הבית.

— ס'איז נאָך צו אונז א גרויסער וואסער — לאכט צופריעדען די שעהנע טאָכטער.

— רייטענדיג איז זיך גרינגער פון די בלאָטעם ארויסצוקלייבען

— בעמערקט ווי פאר זיך דער שווארץ־חנ'עוודיגער זוהן.

— נו, ווי לעבט זיך אייך דאָ אין דעם ווייטען, פרעמדען לאנד?

— צו זיין ליעבען נאָמען, לעגט מען חלילה גאָר ניט צו. ער פערלאָזט ניט — די מוטער ברעכט טרוקענע צווייגלאך און לעגט צום פייער ס'זאָל גיכער ס'וואָסער אויפזידען.

— די קינדער אונטערגעוואקסען, גרינגער געוואָרען צום לע־בען, נישטאָ זיך דאָ וואָס צו קלאָגען אויף קינדער — בעמערקט

דער פּאַטער, ווען דער שווארץ חנ׳עוודיגער זוהן געהט אויף א ווײַ־
לע ארוים פון שטוב.

— גאָט צו דאנקען, גאָט צו דאנקען, קינדער האָבען מיר דאָ
גילדערנע — א סך פּראַצע האָט מען געדאַרפט אריינלעגען אין דער
ערד אריין און ס׳איז גאָר נישט ארויסגעקומען, מיט פרעמדע הענט
וואָלט מען עס ניט געקענט דערוויי־זען.

— דו בעריהמסט זיך אזוי מיט דיינע קינדער, רויטעלט זיך
די שעהנע טאכטער, מען טאָקע מיינען, אז דיינע קינדער זענען די
געראָטענסטע.

— וואָס אן אמת איז אן אמת, ארגענטינער קינדער זענען
סמירנע — איז מסכים דער פּאַטער. פוילען זיך נישט. געהן אין
שוהלע מיט חשק, און אז מען בעדאַרף צוהעלפען טאַטע־מאַמע —
פוילט מען זיך נישט...

און וואָס וואָלטען טאָקע די קאָלאָניסטען געטאָן, ווען ניט
זייערע קינדער? מיט פרעמדע הענט, אז מען זעט שפּראָצט
דער דלות פון דער ערד ארוים. ניט אומזיסט געהן ארום צווישען
די קאָלאָניסטען אזעלכע כאראקטעריסטישע שפּריכווערטער, שוין
דאָרט, אויף יענעם באָדען אויסגעוואקסענע:

— מען בעדאַרף האָבען צעהן קינדער און זיי זאָלען קיין מאָל
ניט ווערען עלטער פון פופצעהן יאָהר.

אויף א קאָלאָניסט וואָס האָט ניט קיין אייגענע קינדער זאָגט
מען ער איז א „גאָלענישט“.

ווארום איז ערגעץ זעהט א מענש ניט אוים אזוי עלענד
ווי אין ברייטען, ברייטען פעלד ווען ער איז איינער אליין. ווייט,
זעהר ווייט ציהען זיך די פעלדער אין ארגענטינע. פלאכע, פלאכע
און גאָר ווייט פערלויפען זיי ביז צום זוים פון די הימלען. און וואָס
פאר פּנים האָט עס אויף אזא פרייער וועלט און ברייט־ברייטער גע־
גענד, ווען סע געהט אום א מענש נאָך דעם פלוג איינער אליין? אָט
דאָס קליינע שטיפערעל וואָס בעט זיך איין ביים טאַטען ער זאָל
זיך איהם לאָזען זעצען אויף דעם אקער זאָטעל געפינט אפילו ביי

די פערד פיעל חן און שנעלער און מיט מעהר פייער שלעפּען זיי דעם אקער.

פון די קליינע בעבעלאך וואָס קלעפּען זיך ארום דער מאַמען אין שטוב ביז צום עלטעסטען זוהן, וואָס געהט אום ארום זיין פעלד ביי די דראָטענע צוימען און טראכט זיינע יונגע געדאנקען, פון דעם פעטערס טאָכטער וואָס האָט היינט צו איהם ליכטיגערע אוי־געלעך געמאכט; פון ס'קליינע טעכטעריל וואָס באקט אין שער־בעלעך חלה'לאך פון שווארצע ערד ביז דער זיבצען־יאָהריגער טאָכ־טער וואָס שטעהט א פערקאלכטע און ווייסט די שטוב לכבוד דער שוועסטערס תנאים — אלע אין איינעם פון גרוים ביז קליין זיינען מלא חן. קינדער געבוירענע דאָרט אין פרייען פעלד און דער־צויגענע ווייט פון דעם שטאָטישען געטומעל האָבען גאָר אנדערע בעוועגונגען. האָבען גאָר פעסטערע טריט. האָבען גאָר ברייטערע אויגען, און ברייטער קוקט פון זיי דאָס אידישע ארויס.

אזוי אלט און אזוי גרוי איז דאָך שוין דאָס אידישע פאָלק געוועזען יעמאָלט ווען מען האָט עס פון שפּאניען געטריבען; יע־מאָלט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק. איצטער אונטער איין הי־מעל זעהט מען אומגעהן קינדער פון די אלטע פארפאָלגער און קינדער פון די אלטע פערפאָלגטע. קינדער פון דעם אידישען פאָלק און קינדער פון דעם שפּאנישען פאָלק. און דו פרעגסט ביי זיך אליין: פון וואנען האָבען זיך נאָך אזעלכע זאפטען אין דעם אידי־שען קערפּער גענומען אזעלכע יונגע שלאנקע דעמבעס אויף גאָטס וועלט ארויסצוברענגען? און אין דער רגע פון קליינמוטיגקייט האָט זיך מיר דאָרט געוואָלט פערגלייכען די אידישע יוגענד אין פעלד — צום ליכט אין פריהמאָרגען איידער די זון געהט אויף; און די יוגענד פון די שפּאניער — צו דער ליכטיגקייט פון דעם פאר־נאַכט איידער די זון פערגעהט.

יונגע קינדער פון אן אלט פאָלק!

האָבען דען די שטורם ווינטען וואָס טראָגען זיך פון עק וועלט, פון דרום זייט, אייך געמאכט וואקסען אזוי שעהן און אזוי

בויגיג ? אין יענע געגענדען וואקסען קיין בוימער ניט. פון דער פרעמד האָבען מענשען בוימער געבראכט און דאָרט פאר־פלאנצט. אידען האָבען אויך בוימער געפלאנצט ביי די זייטען פון וועג און הינטער די הייזער. די בוימער טראָגען ניט קיין פרוכטען. פרוכט בוימער ווערען פון הײשעריק אומגעבראכט. איז דאריבער אָרים די געגענד אָהן פלאנצונגען. —

איז אָבער די יוגענד ווי די שעהנע בוימער אויסגעוואקסען פון דער אידשער שטוב אין פעלד. און איך, וואָס כ׳בין אויף דעם גרענעץ פון דער ליטא צווישען ווערבעס ארויסגעוואקסען, האָב איך מיר געשפּירט אין די מאָזעסווילער פעלדער, צווישען דער יוגענדליכער יוגענד, ווי פון יונגע דעמבעס ארומגערינגעלט.

— וויפיעל אידען איז דאָ אויף דער וועלט ? — פרעגט מיך איינער.

— מען זאגט ביי אַ פיערצעהן מיליאָן.

— אַ וואו ! אזוי פיעל אידען ! שרייט ער פערוואונדערט אויס.

און זעהט איהר, אימיצער האָט איין זאך פארגעסען צו דער־צעהלען יענער יוגענד וואָס איז אין פעלד ארויסגעוואקסען, — אז אידען זיינען אַ גרויס פאָלק.

---

15.

## „ווילדע אידען.“

אזעלכעס האָב איך פיעל מאָל געהאַט די געלעגענהייט צו הע־רען קומענדיג אין בעריהרונג מיט די אָפיציעלע מענשען פון דער אדמיניסטראציאָן. נאָך מעהר האָב איך עס געפיהלט בעזוכענדיג די שוהלעס פון יק״א און בעקענענדיג זיך מיט דער פּראָגראם, וואָס ווערט אין שוהלע אויסגעפיהרט. איך האָב דערמאָנט, אז אימי־

צער האָט פערגעסען צו דערצעהלען אונזער שעהנער יוגענד, אז אידען זענען א גרויס פאָלק. קומט מען אריין אין די איינזאמע שוהלעס וואָס שטעהען ביים זייט וועג און וואוהין עס ציהען זיך רייטענדיג אויף פערדעלעך אינגלאך און מיידעלעך — דאָרט אינווייניג זעהט מען ווער ס'איז אין דעם שולדיג.

די שוהלע בעשטעהט פון א שטוב, וואָס איז אין דער העלפט איינגעטיילט אין איין האלבער שטוב זיצען קינדערלאך און לערנען שפאניש, די לאנד־שפראך, און אין דער אנדערער העלפט לערנט א לעהרער מיט די קינדער העברעאיש־אידיש. ס'הייסט, ער לערענט העברעאיש, פערטייטשענדיג אויף אידיש. די קינדער בייטען זיך: אז זיי האָבען אָבגעלערנט א שעה שפאניש, געהן זיי איבער אין דעם אידישען קלאס. צוויי לעהרער, פערשטעהט זיך, זענען פאַראַן. און געהסטו אריין אין דעם שפאנישען קלאס, זיצען די קינדערלאך מונטערע, לעבעדיגע; די אויגעלעך, פינקעלדיג, קוקען זיי צום לעהרער און שלינגען יעדען וואָרט. ער דערצעהלט בעגייסטערט, פון די העלדישקייט פון סאן מארטין, וואָס האָט ביטערע מלחמות געפיהרט צו בעפרייען דאָס לאנד, וואָס הייסט ארגענטינע און וואו פרייהייט ווערט איצטער געשעפט מיט א גרויסער מאָס, און וואו זייערע טאַטעס, אָרימע אידען, געניסען איצטער פון דער פרייהייט.

— ליעבען זאָלט איהר דאָס לאנד, וואָס טוט מיט אייך און אייערע טאַטעס חסד. ליעבען זאָלט איהר דאָס לאנד, וואָס האָט אזעלכע גרויסע מענשען ווי סאן מאַרטין.

געענדיגט מיט די גרויסע נאַציאָנאַלע העלדען, געהט דער לעהרער איבער צו היימישע זאכען. און ווי אָוים די נאַטור אין ארגענטינא זאָל ניט זיין, דאָך איז עס גאָט'ס גרויסע וועלט. געהט דאָך דאָרט אויך די זון אויף און פערגעהט יעדען טאָג. בליהען דאָך די פעלדער, פרוכפּערען זיך דאָך אויף זיי שאָף און רינדער, פערד און מויל־עזלען. און דער לעהרער דערצעהלט אין שפאניש ווי שעהן ס'איז דער פריהלינג, און ווי ס'גרעזעלע שפּראָצט פון דער ערד ארויס. און די קינדערלעך, וואָס וואקסען אין פעלד, זענען

מסכים, אז אלץ וואָס דער לעהרער דערצעהלט איז אמת, איז שעהן און ליעב און צוזאמען מיט די לעבעדיגע ערצעהלונגען גיסט זיך אין זיי אריין די שפאנישע שפראך און די ליעבע צו סאן־מארטין, וואָס האָט ארגענטינע אויפגעבויט.

— קינדערלעך, קינדעלעך אידישע, ווער איז דער גרעסטער מענש אויף דער וועלט געוועזן ?

— סאן־מארטין !

געהט איהר דערנאָך אריין אין דער צווייטער העלפט שטוב, ס׳מיינט אין דעם אידישען קלאס. די אייגענע קינדער : אמאָל טרעפט זאָגאר דער אייגענער לעהרער. אָבער ביידע איז ניט צו דערקענען. דער לעהרער כמורנע, די קינדער אומעטיג און קור־קען אויף דער גאס ארויס. דאָס לערנען שלעפט זיך קאלט און לאנגווייליג. א טרוקען ביכעל מיט טרוקענע טאָוועלעך צוזאמענ־געשטעלט געווארען פון א יק״א דירעקטאר, דאכט מיר קאזעס האָט ער געהייסען. און מאָנאָטאָן, קאלט און מיט א לאנגווייליגער שטי־מע שלעפט דער לעהרער די פסוקים :

„במשפט ישפוט גוים — מיט הוסטיצע וועט ער משפט׳ן די היידען“.

און די קינדער זאָגען נאָך :

„מיט הוסטיצע וועט ער משפט׳ן די היידען“.

— פאר וואָס פערטייטשט איהר ניט אויף שפאניש, אויף ריין שפאניש די קאפיטלאך פון די נביאים ?

— זיי זענען נאָך יונג די קינדער, ניט לאנג געקומען פון רוס־לאנד, נאָך גאָר ווילד, — גיט ער צו מיט ליעבע, — און מען מוז נאָך זשארגאָן אויך נוצען.

אזוי, פערשטעהט זיך, ענטפערט אַ נאַרישער לעהרער, וואָס פערשטעהט אפילו ניט דעם שפאס פון דער פראגע. דער קלו־גערער לעהרער ענטפערט אין דער שטיל :

— נישט צו מאכען. אזא פראָגראם האָט מען אונז ארויס־געגעבען. ניט קיין אידיש און ניט קיין העברעאיש איז עס. זיי־

ערע ביכלעך, זייער סיסטעם; אבטרעטען אין א זייט קען מען ניט.

—פאר וואס דערצעהלט איהר ניט די קינדער, אז אידען זע־גען, ניט נאר אין מצרים בלויז געווען א פאלק, נאר, אז איצטער איז נאך פאראן אידען אזוי פיעל אויף דער וועלט כמעט נאך אמאל אזוי פיעל ווי ארגענטינא פערמאגט מענשען אין גאנצען ? מיינט איהר, אז דער כבוד פון סאן מארטין וועט חלילה געמינערט ווערען, ווען איהר וועט די קינדער דערצעהלען ווער זיי זענען ?

— מען קען ניט. די רעגיערונג קוקט אזוי אויך קרום אויף די שוהלעס פון יק"א דערפאר וואס קינדער קומען ארויס ניט גענוג פאטריאטיש פאר ארגענטינע.

און א דירעקטאר פון א שוהלע, וואס קומט ארויס פון מא־ראקא און געגאסען האט ער זיין בילדונג אין די גייסטיגע אנ־שטאלטען פון אליאנץ, ער שפריכט דייטש און זאגט אזוי :

— יא, די אידען פאן רוסלאנד זינד דאך ווילד און אונווי־סענד. די פאטערס זענען שוין פערפאלענע, מוז מען דאך די קינ־דער ראטעווען. די קינדער דארפען וויסען, אז פון אברהם אבינו שטאמען זיי, אז דערנאך זענען זייערע פאטערס געווען קנעכט אין מצרים, אבער איצטער „מוססען זי ליכט געניסען".

איך האב געהאט די מעגליכקייט פיעל מאל זיך צו טרעפען מיט די לעהרער פון דער אליאנץ, מאראקאנישע אידען, און יע־דעס מאל האט מיר איינער און דער זעלבער געדאנק געבויערט דעם מוח : אזוי פיעל מאל האט זיך ס'אידישע הארץ אין רוסלאנד געפלאגט פאר אונזערע ברידער אין מאראקא, וואס ווערען דארט אהן רחמנות פערפאלגט. און כאטש מיר איז אין רוסלאנד האבען איינענע צרות מיט אזא פולער מאס, דאך הערענדיג, אז דארט, אין מאראקא, טרייבט מען אידען, איז אונזער הארץ און נשמה שטענ־דיג דארט מיט זיי געווען. און קומסטו אין בערירונג מיט א מאראקאנער אידישען אינטעליגענט, אדער זאגאר מיט איינעם פון פאלק, ווערסטו איבערראשט ווי ווייט זיי שטעהען פון אונז. ווי

פרעמד זיי זענען צו אונז. מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ, פון אויבען אַראָפּ קוקען זיי אויף אונזערע מענשען!

„די קינדער זינד נאָך גאַנץ ווילד, זינד ערשט פון רוסלאַנד געקאָממען" . . .

אין דער צייט וואָס איך האָב בעזוכט די אידישע קאָלאָניעס אין ארגענטינע איז עס שוין געווען אין דעם דריטען צעהנדליג יאָהר, צייט די ערציהונג פון די קינדער אונזערע איז איבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט, און דאָך איז דאָס לעבען פיעל שטאַרקער. איך האָב געטראָפען יונגע טאַטעס, וואָס זענען שוין אין ארגענטינע געבוירען געוואָרען און דאָ אויף דער נייער ערד קינדער געבוירען, און די יונגע טאַטעס געהן אום מיט איין אומצופריעדענקייט אין הארצען: זיי קענען זייערע קינדער קיין רעכטע אידישע ערציהונג ניט געבען.

איך האָב געטראָפען קאָלאָניסטען, וואָס האָבען אליין לעהרער אויסגעשריעבען, און די לעהרער זענען געזעסען ביי אַ קאָלאָניסט אין הויז, וואו נאָך קינדערלעך האָבען זיך פערזאַמעלט און דער לעהרער האָט לעבען ארייגעבלאָזען אין דעם טויטען אידישען לימוד וואָס די קינדער האָבען נאַר וואָס געגאָסען אין דער שוהלע.

און אין מאָזעסוויל, אינ'ם צענטער, וואו אַזאַ שעהנע אידישע ביבליאָטעק איז פאַראַנען, און וואו אידיש-אידישע פערזאַמלונגען ווערען זעהר אָפּט געפיהרט — דאָרט אין מאָזיסוויל, זענען די מעהרערע מיטגליעדער פון „קדימה" די ווייטע קאָלאָניסטען, וואָס זענען ווייט פון צענטער, שטענדיג אין פעלד פערוואָרפען; קינדער וואָס האָבען זיך אַזוי פיעל אָנגעהערט איבער די גבורות פון סאַן מארטין און געוואוסט בלויז, אַז אידען האָבען אמאָל ציגעל געקנעטען אין מצרים.

דער אידישער גייסט האָט אין פעלד אויפגעוואַכט און ציהט זיך צום צענטער וואו כחות פון ווייטען געקומענע האָבען זיך קאָנצענטרירט. און געגען דעם ווילען פון די אליאַנץ-לעהרער.

די ווילדע רוסען צו מאַכען פאַר „מענשען“, וועבט זיך דאָרט ס׳אידישע וואָרט, בעוועגט זיך דאָרט אידיש דאָס אידישע האַרץ...

---

16.

## וואוהין זאָלען געהען די קינדער?

קינדערלאך, קיין עין הרע, געראָטען ביי אונזערע קאָלאָניס־טען: און ווען זיי זענען קליין איז מיט זיי קיין דאגה ניט. ביי דעם דאָרפּס־מאַן איז א קינד ניט איבריג. ווארום נאָר אייגענע הענט קענען פון דער ערד ברויט ארויסברענגען. מיט פרעמדע הענט איז אין ארגענטינע ניט היימלאך. דאריבער, ווען די קינ־דער זענען קליין געווען און געהאָלפען די עלטערען אין פעלד איז גאר קיין רייד ניט געווען פון צופיעל קינדער. פאר אלעמען איז א געלעגער געווען, פאַר אלעמען איז אין טעפּיל גענוג געווען. פאר די צוואנציג — פינף און צוואנציג יאָהר זענען די פּיצלאך גרויס געוואָרען, קליינע קינדער האָבען זיך פון דער ערד אויפגעהויבען און זעהר אָפט טרעפט מען ביי א קאָלאָניסט אין שטוב איינעם אָדער צוויי אויסגעגעבענע זיהן און ביים זייט א יונגע שנור וואָס קוקט ארויס דורכ׳ן פענסטער מיט בענקשאפט:

— ווי העלפט מיר שוין גאָט אז איך זאָל מיר אליין פאר זיך זיין א באַלעבאָסטע.

און ניט נאָר די יונגע זיהן געהן ארום מיט דער מחשבה אליין פאר זיך שבת צו מאַכען. די טאַטעס אליין האָבען די לעצטע צייט שטאַרק אָנגעהויבען צו זאָרגען וועגען דעם ווייטער־דיגען גורל פון זייערע קינדער. איין פאָטער וואָלט וועלען מאַכען זיין קינד בעזאָרגען דערפאר, וואָס ער האָט איהם מיט זיין פראצע ארויסגעהאָלפען אין די שלעכטע צייטען; און אנ׳אנדער פאָטער וויל פראסט, אביסעל גראמער מאַכען אין שטוב. בעזונדערס

שארף האָבען זיך פאר מיר אָבגעשפּיעלט אָט די דאָזיגע דאגות. פערברייננענדיג א נאָכט מיט די קאָלאָניסטען ווען כ'בין פארבלי־בען נעכטיגען, ווייט פון דעם צענטער.

ארומיגע שכנים אפנים, זעהט אויס, האָבען געוואוסט אז איך נעכטיג ניט ווייט פון זיי. און זייענדיג זשעדנע א פרעמדען מענשען ערגעץ פון א ווייטען לאַנד צו זעהן, האָבען זיך ביי א פּאָר מנינים פערזאמעלט אין דער שטוב וואו איך האָב זיך גע־קליבען נעכטיגען. כמעט אַלע ליטווישע אידען וואָס האָבען א טבע פריהער דיך ארומצוקוקען שווייגענדיג, בעטראכטען דיך, א קאַלטען שלום־עליכם געבען און שפּעטער א זיפץ טאָן. און דו ווייסט ניט, צו דאָס איז א קרעכץ פאר צופריעדענקייט; ער ווייזט עס דיר אויף אזא אופן זיין שמחה ארויס, אָדער אפשר איז עס א מינע פון ביטול. גיכער פון אַלץ אָבער, קרעכץ דער איד אויף מיר קוקענדיג, ווייל ער האָט זיך אז זיין אַלטער היים דערמאָנט מיך דערזעהענדיג. איך פיהל עס. און מערקווירדיג, נאָר טאַטעם האָבען זיך צונויפגעקליבען. האָבען ווייזט אויס אין מיר דערקענט א שטיק פון זייער היים און האָבען זיך צו ערשט געוואָלט אָנקוקען געגוג . . .

דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבען איבער דעם שעהנעם וועט־טער און פון דער קיהלער נאָכט. פון דעם, אז אויב עס זאָל נאָך א בלאָז טאָן א דרום־ווינט, וועט עס אין א פּאָר טעג איינ־גאנצען די בלאָטעס אויסטריקענען, און אז די פערדלאך זענען גאָר שוואך און עס איז שווער מיט זיי א סך אויפצוטאָן. איינער האָט מיר מיט אַמאָל א פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, איהר פאָהרט דאָך עפּעס ארום אויף דער וועלט, טאקע אומעטום לעבען שכנים צווישען זיך ניט אין שלום?

דער עולם האָט זיך צולאכט, און ער ווייזט אויס, איז דער־פון געטראָפען געוואָרען:

— איך האָב אָבגעלעבט א לעבען אין דער היים, און קיין מאָל

מיט די שכנים זיך ניט איבערגערדט, און דאָ — איבער א הון, איבער א גאנז, איבער א בוידעם, אבי ברוגז׳ן.

זיין פלוצלונגע מסירה, האָט געמאכט א שלעכטען איינדרוק. און איינער א אינגערער האָט זיך איינגעשטעלט און בעוויזען, אז אייגענטליך איז בלויז אייןביישפיל פערהאנען וואָס א קאָלאָניסט זאָל ניט לעבען בשלום מיט זיינע שכנים און אז . . .

דער זייטיגער שמועס איז איבערגעריסען געוואָרען. עס איז געווען בלויז א פאָרשפּיל צום ווייטערדיגען ערנסטען ענין וואָס האָט דעם עולם טיעף געריהרט. און גערעדט האָבען די טאַטעס וועגען דעם תכלית פון זייערע קינדער.

— אין שטוב איז ענג געוואָרען, פון די גרויסע קינדער.

אייגענטליך ניט דערפאר וואָס אין שטוב איז צו ווייניג פּלאַץ פאראַן. די קינדער ווילען זעלבסטשטענדיג ווערען און עס איז ביי איצטיגע צייטען כמעט קיין אויסוועג ניטאָ. קינדער בעדארפען שידוכים טאָן, און אז איין שנור איז שוין פאראַן אין שטוב קען מען שוין קיין צווייטע אין שטוב אריין ניט נעהמען. אין ערגעץ שפּירט זיך ניט די דאָזיגע דאגה, ווי אין מאָזעסוויל וואו די מעהרערע טייל פון דער יוגענד איז אין דערהיים פערבליבען. דאָס האָט געהאָלפען די קאָלאָניע זאָל אויפבליהען און דאָס האָט גע־בראכט אז אין שטוב זאָל אזא ערנסטע דאגה אויסוואַקסען. ביי מאָזעסוויל גופא האָט די יק״א זעהר ווייניג ערד און אין אלגעמיין קאָלאָניזירט זי שוין מעהר ניט. די לעצטע פּראָבע צו קאָלאָניזי־רען קינדער פון די קאָלאָניסטען איז געמאכט געוואָרען מיט עט־ליכע יאָהר צוריק. מען האָט בעזעצט די קינדער אין שכנות מיט די טאַטעס און זעהר שנעל האָבען זיי זיך ארויפגעארבייט. איצטער אָבער איז אנדערש. ארום מאָזעסוויל איז פאראַן ביי איצטיגע צייטען גענוג ערד, דער פּרייז איז אבער אזוי הויך, אז עס איז אונמעגליך פאר אַ מענשען וואָס האָט אין זיין פערמעגען בלויז געזונטע הענט און ליעבע צו דער ערד. ווארום ווייניגער ווי מיט הונדערט אקער לאַנד איז ניטאָ וואָס צו מאכען. שפּעקולירען מיט

דעם היישעריק און אנדערע שטערונגען — אויף דעם בעדארף מען א סך ערד האָבען. עס איז דעריבער אויסגעשלאָסען, אז די קינדער זאָלען זיך מיט דער צייט בעזעצען נאָהנט נעבען די על־טערען. ערד, צו נידעריגע פּרייזען געפינט זיך נאָך ערגעץ, אבער אין דעם אנדערען עק וועלט. און אין דעם ליעגט דער גרעסטער צער פערבאָרגען. ערשטענס וואָלטען די קינדער דעם אָרט ניט וועלען פערלאָזען. צוגעבונדען, אויף דעם אָרט אויסגעוואקסען, די קינדער־יאָהרען פערבראכט און איצטער לאָז זיך ווידער אין ערגעץ, דער גוטער יאָהר ווייסט וואוהין. און צווייטענס, אז ווען אפילו, די קינדער זאָלען שוין נאָכגעבען און וועלען זיך צושיידען מיט דער היים און געהן ערגעץ ווייט גליקען זוכען — יאָ, עס איז גוט פאַר א „גרינעם“ וואָס קומט איצטער ערשט פון רוסלאנד. זיי אָבער האָבען שוין איינמאָל פערזוכט דעם טעם פון „אקערען די ערד מיט דער נאָז“ און א צווייטען מאָל ווילט זיך עס ניט איבער־חזר'ן.

— אָט אדרבה, טענה'ט א טאַטע, נעהמט אייך צונויף א הונ־דערט יונגע לייט און פאָהרט אוועק ערד זוכען. ערד איז נאָך פאַראַן גענוג אין ארגענטינע. פאַראַן געגענדען וואו מען קריגט נאָך פאַר צוואנציג פעזאָס אן אקער לאַנד. די פאָטערס וועלען בעהילפיג זיין.

די אייגענע קינדער געדענקען נאָך אָבער וויפיעל פּראצע זיי האָבען אוועקגעלעגט צו מאכען פאַר א ישוב די ווילדע געגענד, וואָס הייסט איצטער מאָזעסוויל, זייער היים. געהענדיג שפּאצירען מיט יונגע קאָלאָניסטען, קינדער פון די ערשטע אריבערגעקו־מענע אהער — האָט זיך א וואָלקען יעדעם מאָל אויף זייער גע־זיכט פאַרצויגען ווי נאָר דער שמועס איז איבערגעגאנגען צו די פריהערדיגע יאָהרען ווען די געגענד איז נאָך ווילד געווען. נאָך אמאָל דורכמאכען דאָס אייגענע ווילען זיי ניט.

— ווידער אין ערגעץ זיך אוועקלאָזען, פערשווארצט ווערען,

די ווילדע ערד אויפרייסען און ווער ווייסט וואָס פון דער ארבייט וועט ארויסקומען ! . . .

איך האָב גוט אכטונג געגעבען ווי עקשנות׳דיג די ערד איז אין ארגענטינע. איך האָב עס געזעהען ביי מיינע ווייטערדיגע רייזעס איבער די אידישע קאָלאָניעס און האָב רעכט פערשטאַנען פאר וואָס די קינדער פון מאָזעסוויל האָבען אזוי קיין חשק ניט צו פערלאָזען זייער היים און ווידער אָנהויבען פון דאָס ניי. און דאצו ווילט זיך טאקע פון דעם היים ניט אוועקגעהן ; און אין דער היים ווערט אלץ ענגער און ענגער. איהר קענט עס זעהן פון דעם ביישפּיעל: אין מאָזעסוויל זענען פאראן פיער הונדערט צוויי־און־פופציג קאָלאָניסטען, וואָס בעשטעהען פון זעקס הונדערט פאמיליעס. דאָס הייסט, אז כמעט הונדערט פופציג פאמיליעס יונגע לעבען איינ־איינעם מיט זייערע עלטערען. נעהמט אין אכטונג, אז איצטער ערשט, האָט זיך ביי די צוואנציג־יאָהריגע קאָלאָניסטען א יוגענד אין שטוב ביז צום באלקען דערהויבען, און מען בעדאַרף זיי, די זיהן, אויסגעבען, וועט איהר פערשטעהען וויפיעל זאָרג עס פער־שאפט.

אויף א גאנץ פשוט׳ען אופן, אבער מיט א טיעפען ערנסט האָט דער עולם ווידער און אָבער די ערנסטע פראגע צעגלי־דערט.

די יק״א איז אונמעכטיג וואָס עס איז צו טאָן. איהרע יכולת, איהרע מעגליכקייטען אָרגאניזאטארישע זענען קלענער פון די בע־דערפנישען און די אדמיניסטראציע אליין זאָגט זיך כמעט אָפּ פון דער גרויסער היימישער זאָרג, די קאָלאָניסטען ארויסצוהעלפען. פאר די לעצטע יאָהרען האָט די יק״א זעהר א קליינע צאָהל קאָ־לאָניסטען איינגעאָרדענט. און מען בעדאַרף צוגעבען אז חוץ א קליינער אויסנאם — איז אלץ ארויסגעקומען זעהר ניט געראָ־טען.

פארברענגענדיג מיט די קאָלאָניסטען, צוהערענדיג זיך צו זיי־ערע שמועסען, האָב איך איין זאך אויסגעפונען, דאָס וויכטיגסטע:

די קאָלאָניזאַציע האָט דאָרט טיפערע וואָרצלען געלאָזען ווי מען האָט זיך געקענט פאָרשטעלען. וואוהין די קינדער וועלען זיך אהין טאָן דאָס וועט שוין די צייט אַליין ווייזען. איינס איז מיר קלאָר געוואָרען, אז די קינדער וואָס האָבען זיך צו דער ערד צוגעבונדען וועלען די שטאָדט און ווילען זייערע כחות דער שטאָדט ניט שענקען.

---

17.

## אַ שלאָפלאָזע נאַכט.

אידען האָבען צייטענווייז אַ שלעכטע טבע, ניט צו פאַרגינען יענעם ווען עס לעבט זיך איהם גוט. טאָמער האָט מען פון מיר געהערט, אז כ׳בין צופריעדען מיט דער לאַגע פון די קאָלאָניסטען ארומפאָהרענדיג צווישען די מאָזעסווילער „גרופּעס“, האָט מען מיר שטיל איינגערוימט אין אויער אריין:

— עס פיהרט אייך ארום ניט דער, וואָס האָט עס בעדאַרפט טאָן; מען פיהרט אייך ארום נאָר צו די ר״יכערע און ווי אזוי עס לעבען די אָרימע, די ניט געראָטענע, ווייזט מען אייך ניט.

— איהר האָט זיך פערקליבען צו אונזערע אַלטע מאָזעסווילער פּריצים, נעבייך וואָלט איהר פאָהרען קיין „סערעס“, און זעהן וואָס דאָרט טוט זיך.

— נו, גוט, ענטפער איך, איך וויל פריהער זעהען ווי עס לעבט זיך די אַלטע און דערנאָך וועל איך די אינגערע בעזוכען. איך קלייב מיך טאַקע מאָרגען קיין סערעס.

—אומזיסט, פעטער, אייער טרחה, איהר וועט זיך אהין ניט קענען דערקלייבען, די קאָלאָניע שטעהט פערטרונקען שוין באַלד צוויי חדשים.

— טאָ פאַר וואָס זאָגט איהר מיר מוסר, ווען איך פאָהר ניט אהין?

— נאָר אַזוי איז שוין דער שטייגער. אַפּילו דאָס ביסעלע פּערגעניגען האָט מען מיר ניט פאַרגונען. איך האָב זיי צוליעב געטאָן, און כאָטש זיי האָבען מיר אויפגעוויזען אז קיין סערעס וועל איך זיך ניט קענען דערקלייבען, דאָך בין איך אָהין ארויסגעז פאָהרען. מיין שטענדיגער בעגלייטער — א יונגער זון פון אנ׳-אַלטען, רייכען קאָלאָניסט — האָט מיך דאָס מאָל אויך ניט פערלאָזען.

די קאָלאָניע מאָנטיפיורע, אָדער סערעס, ווי מען איז זיגע־וואוינט צו רופען, ווייל זי ליגט ניט ווייט פון דער אייזענבאהן־סטאַנציע סערעס, איז ביי פיער שעה רייזע מיט׳ן באהן פון מאָ־זעסוויל. מיט צוויי יאָהר צוריק האָט מען זי אָנגעהויבען צו גרינדען. זי איז די אינגסטע אידישע קאָלאָניע, דאָס מיזשיניקעל פון יק״א בלויז מיט זיבען חדשים צוריק האָט מען דאָרט פאַקטיש דעם לעצטען קאָלאָניסט בעזעצט. עטוואָס מעהר ווי צוויי הונדערט קאָלאָניסטען זענען דאָרט פאַראַן. מענשען שוין געקליבענע. יק״א איז דאָס מאָל געווען פאָרזיכטיג. די אדמיניסטראציע פון יק״א, האַלטינדיג איהר אייגענע ארבייט פאַר פאָלקאָמען און אויסגעצייי־בענט, האָט שטענדיג דעם גאַנצען שלים־מזל אויף די קאָלאָניסטען ארויפגעוואָרפען.

— אידען זענען ניט פעהיג צו ערד־ארבייט.

און דעריבער האָט יק״א איהר לעצטע קאָלאָניע געגרינדעט מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט. אַלע האָבען געמוזט זיין טיכטיגע ערד־ארבייטער. געקליבען האָט מען קינדער פון אַלטע קאָלאָניסטען אָדער אַזעלכע וואָס האָבען ניט ווייניגער ווי צוויי יאָהר ביי דער ערד געארבייט אונטער דער השגחה פון די יק״א אדמיניסטראטאָרס און זיך אויסגעצייכענט. א חוץ דעם האָט יעדער איינציגער געמוזט האָבען, ביים אָנקומען, ניט ווייניגער פון דריי הונדערט פּעזאָס, אויף א יאָהר צייט צום לעבען, כדי ער זאָל זיך קענען דעם ערשטען יאָהר אָבגעבען מיט׳ן לאַנד און ניט בעדאַרפען געהן ערגעץ ברויט זוכען פאַר דער פאַמיליע. ווארום

דעם ערשטען יאָהר קען מען פון דער ערד גאר ניט ערוואַרטען. יע־
דער קאָלאָניסט האָט בעקומען בלויז צו פינף און זיעבעציג אקער
לאנד אנשטאט הונדערט פופציג, ווי עס איז געווען אין די אלטע
צייטען, אויף דעם מקח פון הונדערט פינף און צוואנציג פעזאָס אן
אקער. (די עלטערע קאָלאָניסטען האָט מען אמאָל גערעכענט צו
פינף און דרייסיג פעזאָס אנ׳אקער). אויסער דעם האָט יק"א ארויס־
געגעבען קרעדיט יעדען קאָלאָניסט אויף צוויי טויזענט פינף הונ־
דערט פעזאָס. די אויבענדערמאָנטע סומע האָט בעדארפט ווערען
אויסגעגעבען לויט די אָנווייזונגען פון דער אדמינסטראציע : אויף
א שטוב, צוימען ארום די פעלדער, מאשינען, פערד און קיה. אלץ
האָט בעדארפט דורכגעהן דורך דער האנד פון דער אדמיניסטרא־
ציע ; זי האָט איהר חתימה אויף דעם געלעגט און מיט דעם איהר
הסכמה.

דאָס מאָל וואָלט איך בלויז וועלען איבערגעבען אַ טייל פון
דעם איינדרוק וואָס די אינגסטע קאָלאָניע האָט אויף מיר געמאכט ;
אין א שווערער לאגע האָב איך זי געפונען. א ים יסורים האָט
זיך פאר מיינע אויגען אויסגעברייט און יעדער טריט האָט מיר
גרוים צער פערשאפט.

ארויסגעפאָהרען בין איך פון מאָזעסוויל נאָך מיטאָג און
ערשט ארום פארנאכט איז אונזער צוג אָנגעקומען אויף דער
סטאנציע סערעס. דער וועג אליין האָט מיר פאַראויס געזאָגט אז
קיין נחת וועל איך דאָרט ניט האָבען. די פעלדער פון ביידע זיי־
טען אייזענבאָהן פערגאָסענע און ווילדע קאָטשקעס שווימען אום.
פון וואסער שטארצען ארויס שטארע פיס פון געפאלענע בהמות.
וואו ניט וואו זעהט זיך עטליכע לעבעדיגע בהמות קריכען ביז׳ן
בויך אין וואסער זוכען גראָזען. די דראָטענע צוימען ארום די פעל־
דער זענען פערטרונקען, נאָר דער אויבערשטער דראָט זעהט זיך
ארויס און אַ טייל פון די סלופקעס וואָס האלטען די דראָטען אויף
זיך. אויף די סלופקעס שטעהען רויב־פויגעל, סאָוועס און קוקען
גלייכגילטיג ווי אונזער צוג געהט פארביי. דער וועג אליין איז

צושווענקט. די וואגאנעס ווערען געשליידערט פון זייט צו זייט און ס'דאכט זיך אַט, אַט פאלט דער צוג פון די רעלסען אראָב. ווי אזוי מען האָט געוואוסט, אז מיר פאָהרען קיין סערעס איז איין גאָט אין הימעל ווייסט. ניט וויסענדיג פון וואנען און פון וואָס איז אונז אויסגעוואקסען א בלאסער יונגער מאַן אויף א סטאַנציע אין מיטען וועג און זיך פאָרגעשטעלט, אז ער איז א אידישער לעהרער אין א יק"א שוהלע פון „מאַנטעפיורע".

— מען ווארט שוין דאָרט אויף אייך, מאַכט ער צו מיר, געמיינט נעכטען, אז איהר וועט קומען.

ביז דער צוג איז צו דער סטאַנציע געקומען האָט דער יונגער לעהרער געהאלטען אין איין דערצעהלען פון די צרות וואָס די קאָלאָניסטען האָבען געהאט אויסצושטעהען פון די לעצטע פערפלייצונגען און ס'איז געווען א פאַרשפּיעל צו דעם אלעמען וואָס כ'האָב שפּעטער אליין געזעהען.

— אויף דער סטאַנציע וואוינט א איד. א שעהנער מענש. ער לעבט שוין דאָ אריבער פופצעהן יאָהר, האָט א געשעפט. פיעל גוטס געטאָן פאר די קאָלאָניסטען. ער ווארט אויף אייך, — אזוי האָט מיר דער לעהרער דערצעהלט.

דאָך בין איך צום אידען ניט פאָרפאָהרען. מיר האָבען אין דער פינסטער אבגעזוכט עפּעס א שטיקעל אכסניה ביים באהן. איך בין געוואָהר געוואָרען, אז צו דער קאָלאָניע איז אונמעגליך צו דערקלייבען זיך ביי נאכט, כאָטש אין גאנצען איז עס א פופצעהן קילאָמעטער פון דער סטאַנציע. דער וועג איז זעהר שלעכט און מען קען קיין פוהר ניט קריגען. ס'איז ערשט די ערשטע וואָך וואס מען קען זיך אהין דערקלייבען. איך האָב מיר דערוואוסט, אַז דאָ אויף דער סטאַנציע וועל איך קענען טרעפען א גרופּע קאָלאָניסטען, וואָס זענען געקומען נעהמען מאַאיס פאר די פערד און דאָ זענען זיי פערליבען נעכטיגען. די איבערגעבליבענע פערדלאך זייערע זענען אזוי שוואך, אז שפּאַנען קען מען זיי ניט, דאריבער פיהרט דער קאָלאָניסט זיין פערדיל ביים צוים טריט ביי טריט

ביז ער קומט צום סטאנציע, דאָ נעכטיגט ער איבער און אויף מאָרגען לעגט ער ארויף אויפ׳ן פערדיל׳ס אויסגעדארטען רוקען א הונדערט פונט קאַקאַרוזע, אין צוויי זעקלעך צוטיילט, עס זאָל איינ־ליגען אויפ׳ן פערדיל און אזוי לאָזען זיי זיך אויף מאָרגען דורך די בלאָטעסביידע, דער קאָלאָניסט מיט׳ן פערדיל, צוריק א היים.

און כאָטש כ׳האָב אין אַנהויב בעשטימט דעם אָבענד קיינעם ניט צו זעהן, דאָך אין א ווײַלע ארום, אין דער בעגלייטונג פון מיין יונגען מאָזעסווילער קאָלאָניסט און דעם יק״א לעהרער, האָב איך מיר געלאָזט זוכען דעם אידען וואָס וואוינט שוין פופצעהן יאָהר אויף דער סטאנציע סערעס.

פון זיין גרויס געשעפט האָט א שיין געשלאָגען און בעלויכ־טען א טייל פון דער בלאָטיגער גאַס, דורך וועלכער מיר האָבען פאַר־זיכטיג געשפאַנט, אויסקלייבענדיג טרוקענע ערטער א פוס צו שטעלען.

דער ווירט, שוין א זיידע פון אייניקלעך, און מיט א יוגענד־ליך בלאַס פנים פון א אידיש־חסידישען וואוילען יונגען מאַן, האָט אונז פריינדליך בעגעגענט. פאַרגעשטעלט פרוי און קינדער און אייניקלעך, האָט ער אונז געבעטען צום טיש, אָבענד־ברויט עסען. אויפ׳ן טיש איז כרמל וויין געשטאַנען. כ׳האָב מיר דערוואוסט, אז ער איז א הייסער ציוניסט און רעדט האלב מיט העברעאיש.

— און וואָס הערט זיך מיט א „טשארטער“ אין פאלעסטינא, האָט ער מיר גאַנץ ערענסט געפרעגט.

ער האָט רוסלאַנד פערלאָזען פונקט אין דעם רעכטען ברען פון ציוניזם און דער וואָרט „טשארטער“ איז אויף זיינע ליפּען געבליבען נאָך פון יענע צייטען אָן.

דער ביסען האָט מיר אָנגעהויבען צו ווארגען:

דורך דער גלעזערנער טיר וואָס פיהרט צום געשעפט האָב איך געזעהען ווי עם האָבען זיך אָנגעהויבען ציהען פון דער גאַס פערפינסטערטע געשטאַלטען, שאָטענס פון מענשען און זיך גרו־פירט אין קלייט אין איין בינטעל און זייערע בליקען האָבען גע־

ציעלט דורך די שויבען צו דעם טיש, וואו מיר זענען געזעסען און געהאט אונזער אָבענד־ברויט.

— דאָס זענען קאָלאָניסטען, דא שוין פערבליבען נעכטיגען.

— זאָגט צו מיר דער בעל־הבית. יק"א גיט זיי ארוים מאאים פאר די פערד קומען זיי עס נעהמען.

ביסלעכווייז האָט זיך דערהערט א וכוח פון קלייט, ס'האָט זיך דאָרט עפּעס א סכסוך צווישען זיי פארבונדען און איינער האָט אויפ'ן הויכען קול געשריען:

— איך קען מיין טויט פערד ניט שפּאנען, און אליין קען איך דעם אקער ניט שלעפּען!

איך בין ארוים צו זיי. מיין אונבעקאנט פּנים האָט זיי אביסעל איבעראשט און אלץ איז מיט אמאָל שטיל געוואָרען. א מאן צוואנציג זענען זיי געווען. דער גרויסער קעראָסין־לאָמפּ וואָס האָט די קלייט בעלויכטען האָט ארום דעם עולם, מיט זיין רויט געלען שוין, נאָך מעהר שאטענס אָנגעווארפען. דאָס שווייגען און די פערדעכטיגע בליקען האָט אויף מיר א פּחד אָנגעוואָרפען. לאנג, אזעלכע אויסגעמאטערטע, פער'חושכ'טע פּנים'ער ניט געזעהן. א וועלט בלאָטע און פּינסטערקייט איז אויף זיי געלעגען. באקען איינגעצויגענע, מיט האָר בעוואקסענע און בליקען קאלטע, שארפע, אויפגערייצטע; ליפּען פארטריקענטע און הענט לאנגע, אָהן א תכלית אויסגעצויגענע, אבגעריסען אָב־געשליסען באָרוועסע און ווער מיט שמאטעס אויף די פיס — כ'בין צווישען דעם עולם אריין און ס'האָט מיר מיין בלוט פאר־גליווערט.

— שלום עליכם, מאך איך מונטער און שטרעק מיין האנט אוים — וואָס מאכט איהר? איך בין געקומען אייך בעזוכען.

דער עולם שווייגט און קוקט קאלט פערדעכטיג.

— וואָס מאכט איהר? איך בין אזש פון רוסלאנד געקומען זעהן ווי עס לעבען אונזערע אידען אין ארגענטינע, וואָס קוקט איהר מיך אזוי אָהן מיט חשד?

— ווען מיר וואָלטען וויסען מיט וועמען מיר רעדען, גלייבט זיך איינער אוים און בעטראכט מיך מיט דרייסט.

— איהר מיינט, אז דאָס איז אן אדמיניסטראטאָר פון יק"א? איהר האָט א טעות — איך בין א אידישער שרייבער, געקומען א קוק טאָן, וואָס ווערט דאָ מיט אונזערע לייט אין אזא ווייטען לאנד.

— אזוי, א שרייבער זענט איהר ? א שרייבער.

און אלע מיט אמאָל זענען רעדעוודיג געוואָרען. אלע, אלע מיט אמאָל האָבען זיך ווי פערלאָרען. יעדער איינציגער איז מיט אמאָל אָפּענהערציג געוואָרען און זיינע צרות אָנגעהויבען צו דערצעה־לען. דער, פון זיינע קינדער וואָס ליגען קראנק און דער אנדע־רער פון זיין ווייב וואָס שטארבט פון הונגער. ווער מיט טרערען אין די אויגען און ווער מיט א שוים אויף די ליפּען האָבען גערעדט, געוויינט, געבייזערט זיך, בעקלאָגט זיך . . .

—איהר קוקט אויף אונזערע באָרוועסע שווארצע פים. — אידען, שעהנע אידען, באָרוועסע און פערשמירטע — שמייכעלט ביטער איינער ווייזענדיג אויף זיינע באָרוועסע פים.

מען קען זיך אנדערש ניט דערקלייבען. זעקס וואָכען זענען מיר געלעגען פערטרונקען אין וואסער. פון ערגעץ קיין הילף ניט געקומען.

איך וועל מאָרגען פאָהרען אין דער קאָלאָניע צו אייך.

— אוי וועה, ווען איהר זאָלט עס ארומשרייבען אונזערע צרות, אפשר וואָלט די וועלט דערפון כאָטש געוואוסט.

— מיר ווערען פון הונגער אויסשטארבען, פאר וואָס שווייגען זיי די באנדיטען, די יק"א־מענשען.

— מען בעדארף אזוי ניט רעדען — ציהט איהם איינער ביים ארבעל. וואָס זענען זיי שולדיג, אויב א רעגען איז אָנגעקומען און האָט צוויי חדשים געגאָסען און די פעלדער פערטרונקען ?

ביסלעכווייז, האָט זיך דער עולם אויסגערעדט און אנגעהוי־בען איבערצו'חזר'ן דאָס אלטע, מיט מעהר חנינה, מעהר אונטער־

טעניגקייט. איך האָב פערגעסען, אז איך שטעה פאר אַנ׳עדה מע־נער. דערוואקסענע מענשען. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאכט אז אין א שווארצער כמארע בין איך אריינגעפאלען וואו א מחנה פאר־בלאָנזשעטע עלענדע קינדער קליינע האָב איך געטראָפען און זיי אלע האָבען זיך פאנאנדערגעוויינט איך זאָל זיי צו הילף קו־מען.

— וואָס זענט איהר אזוי פערצווייפעלט? אָט זעהט איהר דעם יונגען מענשען וואָס איז מיט מיר געקומען? ס׳איז א מאָזעס־ווילער. מיט צוואנציג יאָהר צוריק געקומען. האָט נאָך ערגערס פון אייך דורכגעמאַכט — און איצטער זיין לאגע אויף אייך גע־זאָגט געוואָרען . . . .

איך פיהל אָבער, אז מיינע רייד איז ניט צו דער זאך. א טיע־פע וואונד נאָגט אין זייער הארצען און אין נשמה און איך קען זי ניט אויסהיילען. איך טראַכט:

— אידען זענען דאָך עס. א פאלק וואָס קען אַמוועניגסטען ליידען יסורים און דאָך ליידט עס מעהר ווי אלע פעלקער אינאיי־נעם גענומען. עס ווערט מיר אונענדליך שווער צווישען זיי און כ׳הויב מיר אָן ארויסצומאכען. מארגען וועל איך פאָהרען צו זיי. בייטאָג איז דער עלענד ניט אזוי שווער.

און נאָך א שווערער, שלאָפלאָזער נאכט בין איך אויף מאר־גענס געפאָהרען צו זיי אין דער קאָלאָניע אריין.

---

18.

## דער דלות אונטער׳ן בלויען הימעל.

שווערע חלומות האָבען דורך מיין קאָפּ זיך געצויגען א גאנצע נאכט און איך בין געווען צופריעדען וואָס ענדליך איז אנגעקומען דער פריהמארגען. איך בין נאָך געווען איינגאנצען אונטער דעם

איינדרוק פון מיין נעכטיגער בעגעגעניש מיט דער גרופע פערפינס־טערטע אידישע קאָלאָניסטען, וואס איך האָב אין קלייט געטראָפען. צו מיין אכסניה איז צוגעפאָהרען א גרויסע געלע קארעטע, נאָך גאר א נייע און אין קארעטע געשפאנט פיער אויסגעדארטע פערד:

דאָס האָט דער שטארקסטער און טרוקענסטער קאָלאָניסט זיי־נע פערד געשפאנט און געקומען נאָך מיר, מיך נעהמען אין דער קאָלאָניע אריין.

בעטראכטענדיג די שווערע, היימישע קארעטע און די מאָגערע פערד, איז מיר שווער געווען זיך אויפצוזעצען און ס'האָט מיך גע־מאכט נערווען, דאָס וואס נאָך איינע יונגע לייט האָבען זיך אין קארעטע אריין גענומען שפארען. קוקענדיג אויף די פארשמירטע רעדער, האָב איך פערשטאנען וואס די פערדלאַך שטעהט נאָך פאר ביז זיי וועלען די צוועלף־פופצען קילאָמעטער דורכמאכען.

— ווי קומט צו אייך אזא שעהנע קארעטע? — פרעג איך אונזער פיהרער, נאָך דעם ווי מיר האָבען געריהרט.

— איך בין פון דער היים א שמיעד. אליין געמאכט. מייז שטיק לאנד ליעגט אביסעל העכער, דאריבער האָט די וואסער מיך אינגאנצען ניט פארכאפט. מיר איז ביים שטוב פערבליבען א צוואנציג אקער לאנד ניט פארטרונקען און עס וואלט מיר ביי איצ־טיגע צייטען גארנישט געפעלט, נאר דער יישריק איז דאָ געווען מיט עטליכע טעג צוריק און האָט מיר ס'ביסעל פאשע אבגעגעסען און איצטער האָב איך פאר די פערדלאַך גאר נישט. געווען גאנץ פיינע פערד, הונגערן זיי איצטער.

און ער דערצעהלט מיט א ביטערען געלעכטער:

— די פעטע ערד איז פון די רעגענס אזוי צואווייקט און שי־טער געווארען אזש די בהמות האָבען געגומען זינקען אין דער ערד אריין לעבעדיגערהייט. איך האָב מיינע פערד ברעטלאך אונטער־געבונדען אונטער זייערע טריט, זיי זאלען ניט איינזינקען.

— כע, כע, ביי מיר איז די בעט אין שטוב איינגעזונקען ווען

מען האָט זיך ביינאַכט געלעגט שלאָפֿן. מיין שטוב איז אָהן אַ דיל, ערד; איז עס צואַווייקט געוואָרען.

אונזער וועג ציהט זיך צווישען פעלדער פאַרצוימטע מיט דראָטענע צוימען. די פעלדער זענען נאָך ווילד. קיין אַקער דורך זיי ניט דורכגעגאַנגען. אהער זעהט אויס, האָט דאָס וואַסער ניט געגרייכט. צווישען די ווילדע, ווינטערדינע, טרוקענע און גראָבע גראָזען געהען אום צונויפגעקאַרטשעטע איינגעצויגענע בהמות. די זון שיינט העל און דער פריהמאָרגען איז ליכטיג. נידריג ביי דער ערד ציהט זיך אַ קאַלטער שטעכענדיגער דרום־ווינטעל, וואָס פאַרנעהמט זיך מיט'ן טריקענען די בלאָטעס.

פון צייט צו צייט קומט אונז אָן אַנטקעגען אַ קאָלאָניסט, באָרוועס, פיהרט ביים צוים אַ פערדעל, וואָס פּלאָנטערט קוים מיט די פיס און אויף זיין רוקען אַ לעדיג זעקעל. דאָס געהט מען צו דער סטאַנציע „סערעס" בעקומען מאַיס פאַר די פערד וואָס די יק"א האָט אָנגעהויבען ארויסצוגעבען. קומענדיג גאַנץ נאָהענט בלייבט דער איד מיט'ן פערדיל שטעהן און קוקט אונז נאָך ווי מיר פאָהרען פאַרביי. טראַכט געוויס:

— מסתמא עמ־צער פון דער יק"א פאָהרט, אפשר הילף. און איך וועל עס דאָביי ניט זיין.

באַלד קומט אָן אַ גרויסער, נייער וואָגען, ווי אַ פּלאַטפאָרם, פלאַך, משאות צו פיהרען. אין וואָגען צוועלף פערדלאַך געשפּאַנט. פּונקט ווי מאָגערע קעץ זעהען זיי אויס. מאָגערע, אויסגעדאַרטע קעץ נעביך, וואָס מען האָט איינגעשפּאַנט אַזאַ שווערען וואָגען צו שלעפּען. אויפ'ן וואָגען זיצט אַ אינגעל באָרוועס און פאַכט מיט אַ לאַנגער בייטש איבער די דאַרע רוקענס פון די פערדלאַך און הינטער דעם וואָגען געהען נאָך עלף אידען און שמועסען, און היצען זיך. אום צו מאַכען גרינגער זיך און די פערד, האַלטען זיי צו איין האַנט אויפ'ן וואָגען און די אַנדערע האַנט ווערט בענוצט אין שמועס. ווען מיר פאָהרען פאַרביי, שטעלט זיך זייער פּראָצעסיאָן ניט אָב, נאָר צוועלף אידען ווענדען אום זייערע צוועלף

געזיכטער אין דער ריכטונג וואוהין מיר פאהרען און אלע טראכ־טען דערביי געווייס:

— ווער ווייסט, אפשר פון בונעס איירעס א מענשען גע־שיקט זעהן וואס פון אונז איז געווארען.

דאס פאהרען זיי נאך מאאים צום סטאנציע. זיי האבען זיך צונויפגעלעגט צו איין פערדעל און איינגעשפאנט א וואגען, — אונ־זערע וועגענער וואס יק״א האט ארויסגעגעבען. זעהר נוצלי־כע וועגענער אין פעלד, נאר איצטער האבען די פערד קיין כח ניט צו שלעפען זיי.

מיר קומען צום פלאץ, וואס מען מוז דעם פערגאסענעם וועג אויסמיידען; אונמעגליך זיך דורכצושניידען. מען פארנעהמט רעכטס אויף א פרעמד פעלד, דער צוים איז געעפענט און עס זעהט אויס א צייטווייליגער וועג, דורך די פרעמדע אבער נאך קיין מאל ניט קיין געריירטע פעלדער. מיר פאהרען אזוי א פאר קי־לאמעטער ביז מען קומט צו א שטוב. א דיקע איטאליענערין קומט ארויס און מען צאהלט איהר צו צעהן סענט פאר א נפש. א פרנסה זיך געמאכט זינט די וועגען זיינען קאליע געווארען.

— טערעזען, פיהרסטו? האסט בעדארפט טייערער בעצאה־לען, דינגט זי זיך.

מיר קומען ווידער ארויס צום וועג. אונזערע פערד זענען אויסגעאנצען אהן כח געבליבען און עס זעצט פון זיי א פארע. פון ווייטען זעהען זיך שוין איינציגע הייזלאך. די ערשטע אידישע הייזער. די געגענד ווערט אביסעל טרוקענער און איך קריך אראפ פון וואגען און גיי צופוס. די בעגלייטער טהוען עס נאך. איצטער ערשט זעה איך ווי די פערד זענען פערמאטערט און וואס פאר אן עולה מיר האבען געגאנגען אנטקעגען זיי. מיר זענען שוין גאר נאהענט צו דער קאלאניע. די זון קלייבט זיך ארויס העכער און שיינט העלער. עס בעווייזט זיך א געזעמעל מענשען פון ווייטען און צוואווילדעוועטע פערד. עס איז א פלאץ וואו מען „מאר־קירט" פערד. די אדמיניסטראציע גיט עס ווידער פערד די קא־

לאַניסטען. די אַלטע זענען אויסגעפאַלען. און דאָס בילד זעהט שרעקליך, אומגעלומפּערט אויס.

די פערדלאַך דאַרע, קליינע, אבער נאָך ווילדע זענען אין איין פלאַץ פאַרטריבען און די איינגעצויגענע פעל ציטערט אויף זיי. צווישען זיי יאָגט זיך איינער אום, רייטענדיג מיט דער „ליאסע", מיט דעם לאַנגען שטריק, פאַכט אין לופטען און פערוואַרפט א שלייף אויפ'ן פערד'ס האַלז און עס הויבט זיך אָן א געשיכטע מיט'ן שלעפען איהם צום פלאַץ וואו מען דאַרף אויף איהם די חתימה לעגען. דאָס פערדיל ווילדעוועט, בעקומט פייערדיגע שמיץ, וואַרפט ארויס קונציג מיט די הינטערשטע און פאָדערשטע פיס צוזאַמען און שליידערט מיט'ן קאָפּ. עס העלפט איהם ניט. מען פערכאַפּט איהם מיט א שלייף אויך די הינטערשטע פיס און ער פאַלט. ס'לויפט צו איהם צו א יונג מיט אַן אייזערנע חתימה וואָס ער האַלט די גאַנצע צייט אין פייער און ברענט, און טוט די חתימה צו שטעל דעם פערד אויף דעם הינטערשטען חלק. עס געהט א רויך. דער פערד צאַפּעלט זיך. מען לאָזט איהם אָב. ער פליהט משוגע אוועק און פון ווייטען שוואַרצט זיך אויף זיין פעל די אויס־געברענטע אותיות: יק"א. דאָס מיינט „אידישע קאָלאָניזאַציאָנס אָרגאַניזאַציע".

מען הויבט אָן א ווילד עקסיל אנידערלעגען. עס גוואַלדע־וועט נאַריש. דריגעט מיט די פיס. שטעקט ארויס א צונג אין דעם קרים און לאָזט ארויס א משונה'דיגען טעמפּען קול. אויך אַן עצה געגעבען. דער עקסיל האָט שוין די אידישע חתימה געכאַפּט און לויפט פאַר'סם'ט. דער רויך געהט אזש נאָך פון פעל און אזוי לויפענדיג און וועלענדיג עמיצען א כאַפּ טאָן אויף די הער־נער, האָט זיך עס אזש איבערגעקעהרט. לאָזט זיך אויס, קיה זע־נען עס. יק"א האָט זיך ארומגעזעהן, אז עס איז גלייכער צו גע־בען די קאָלאָניסטען קיה. ווייל די פעלדער צו בעארבייטען האַ־בען זיי שוין דעם יאָהר, א דאַנק דעם רעגען פערשפּעטיגט, וועט מען די קאָלאָניסטען געבען צו זיבען קיה און פון די מילך וועלען

זיי א לעבען מאכען. און אָט די ווילדע עקסלאַך, אין דעם געשטאַלט פון צוקונפטיגע קיה, וועלען עס מילך געבען.

— וואָס וועט מען מאכען מיט אזעלכע פערדלאַך?

— א גוט פערד קאָסט איצטער זיבעציג, אכציג פּעזאָס און די יק"א גיט ארויס קרעדיט, בלויז צו פינף־און־צוואַנציג פּעזאָס אויף א פערד. אזוי איז געווען אין די ערשטע צייטען. נאָר דאַ־מאָלט האָט יעדערער פון זיין קעשענע צוגעלעגט און בעסערע פערד געקויפט, איצטער ווייס איך ניט, וואָס מיר וועלען מיט אזעלכע פערד מאכען.

— און אָט די קיה?

— אויך די אייגענע געשיכטע. א גוטע מילך־קוה קאָסט איצ־טער אריבער הונדערט פּעזאָס.

— עס איז דאָך אָבער אָקסען ניט קיין קיה.

— דער אדמיניסטראטאר זאגט, אז עס איז גוט. וועלען אמאָל מילך געבען.

איך בין אריין אין צענטער פון דער קאָלאָניע. די שטיבלאַך קוקען אַלע מיט אזא גלייכגילטיגקייט. נאָך נייע הייזלאַך. קיין בוי־מער נאָך ביי קיינעם נישטאָ. ביי א שוועל זיצט א בלאָנדער איד מיט א שמאָל, לאנג פּנים פון א יאָהר פינף־און־פערציג. איך געה צו איהם. גאנץ קאַלט און גלייכגילטיג ענטפערט ער אויף מיין גוט־מאָרגען. די טיר איז אָפען און אין טיר בעווייזט זיך א גוט־מו־טיגע רעדעוודיגע אידענע און א שמאָלע, בויגיגע טאָכטער. א מיי־דעל פון א יאָהר אכצען, אין פאָטער געראָטען. מען דערצעהלט זיי ווער איך בין און די מוטער טראגט א בענקעל ארויס.

נאָך א לאנגען שווייגען, פארבינדט זיך דער שמועס, און ער ציהט זיך ערענסט און קאַלט. פון כערסאָנער גובערניע געקומען. נאָך א ברודער זיינער דאָ פאראַן. דאָרט קאָלאָניסטען געווען. גאָר נישט געפעלט. געקומען אהער און אין גאנצען זיך רואינירט. א פּאָר טויזענד רובעל געהאַט, גע׳פּטר׳ט. געוואָלט אַלץ אליין מאכען. בעסער מאכען. יק"א גיט צו פינף־און־צוואנציג פּעזאָס

אויף א פערד — אייגענע אויסגעלעגט און בעסערע געקויפט. כמעט די גאנצע ערד אויפגעריסען. איצטער בין איך געבליבען נאקעט. די פערד געפאלען. די קיה געפאלען און איצטער זיץ מיט צונויפגעלעגטע הענט. שוין באלד צוויי וואכען אז די וואסערען זיי־נען אוועק. טרוקען, מען קען שוין עפעס אנהויבען טאָן, האָב איך קיין פערד ניט.

איך מערק ערשט איצטער, אז נעבען אונז שפּראצט פון דער ערד אן אפּעלסין בוימעלע, ביי א מעטער די הויך.

— וואס איז דאָס פאר א בוימעלע?

— אָט זעהט איהר. אפּעלסינען, זאגט מען, עסט דער היי־שריק ניט. איך זיץ און קוק צום בוימעלע ווי עס גרינט און מיר זיצען דאָ פערשמאכט.

— מען וועט דאָ אין קאָלאָניע פון הונגער אויסשטארבען — זאָגט די טאָכטער גאנץ אונגעריכט מיט א געוויסער בייזקייט ארויס.

איך קוק נאָך אמאָל צו איהר געזיכט און מערק ערשט, אז די ליפּען איהרע זיינען פארטריקענט און די יונגע באַקען איינגעצווי־גען. איך בעטראכט נאָך אמאָל דעם פאָטער, דער מוטער און צווי־שען אונז הויבט אָן צו הערשען א שווערע שטילקייט. דאָס הארץ פארקלעמט.

— מען זאגט, אז די יק״א וועט קיה ארויסגעבען פאר די קאָ־לאָניסטען.

— עט. — טוט ער א מאך מיט די הענט. — די מילך וואָס עס וועט שוין זיין פון זייערע קיה!

איך געה אריבער דעם וועג. פונקט אזא שטוב. אין טיר א פרוי מיט א קינד אויפ'ן האנט. נאָך גאָר א יוגענדליך פּנים און אלע איהרע בעוועגונגען זאָגען, אז זי איז א גרויס־שטעדטישע. א יאָהר דרייסיג זעהט זי אויס. ווארעם נעהמט זי אונז אויף, אבער אויף דער ערשטער פראגע מיינער, וואָס זי מאכט, הויבען טרערען אן

צו פליסען פון איהרע אויגען און דאס יאהריגע קינד וואס אויפ'ן האנט, הויבט אן וויינען.

— אזא אומגליק אויף זיך געבראכט. ועמען זאל איך בע־שולדיגען. מען וועט דא פון הונגער אויסגעהן, איך האב ניט מיט וואס דאס קינד צו דערהאלטען. דער מאן איז אוועק ערגעץ פאר־דינסט זוכען. פון אדעס אוועק, אהער געקומען און איצטער ווער איך פערפינסטערט. זעקס וואכען איז אונזער שטוב אין וואסער געשטאנען. אט זעהט איהר דעם צייכען אויפ'ן וואנט? מיט פארפוילטע קאקארוזע זיך געשפייזט. קראנק געווען.

איך געה ווייטער. עס קלויבען זיך ארום רעדלאך. מען דער־צעהלט, מען קלאגט. מען בעקלאגט זיך, מען מסר'ט אויף יק"א, וואס זי היילט זיך ניט מיט הילף.

עס פאהרט פארביי א וואגען, צעהן „פערד" געשפאנט. אויפ'ן וואגען שטיקלעך מעבעל, בעטגעוואנט און קליינע קינדער. א שווארצער, פערשווארצטער איד און א בלייכע, איינגעדארטע אי־דענע געהן נאך. דאס פערלאזט מען די קאלאניע. מען לויפט וואוהין די אויגען וועלען טראגען.

— מיר וואלטען אויך אנטלאפען, איז ניטא וואוהין.

— מען בעדארף זיך ניט פערלירען. מיר וועלען אונזערס דערגרייכען. מיר בעדארפען אויף יק"א זיך ניט פערלאזען. אליין, מיט אונזערע כחות וועלען מיר די קאלאניע אויפבויען. זאלען זיי לויפען די שוואכע, דער געזונטער עלעמענט וועט בלייבען. און די קאלאניע וועט זיין — קאלאניע. ניט אייביג רעגענט.

לאזט זיך אויס, דאס איז דער אידעאליסט פון דער קאלא־ניע. האט זיך עס אזוי צוהיצט מיט אזא מאדערנער שפראך. א וויל־נער יונגערמאן, נידריג געוואקסען, דאס געזיכט מיט האר בע־וואקסען און ווי פון בלאטע וואלט ער ארויסגעקראכען. די אוי־גען פינקלען און זיין שטים קלינגט:

— די ערד איז דא א גוטע, דער עלעמענט פון די קאלאניסטען איז א גוטער, טא פארוואס האבען מיר דא מורא צו האבען?!

זאָלען זיי געהן די שוואכע! האָט ער אנגעוויזען אויף דעם וואָגען וואָס האָט זיך דערוויטערט... — — —

— — — איך האָב זיך שפּעטער אין דער אייגענער קאָלאָניע געטראָפען מיט דעם אדמיניסטראטאָר, א יונגערמאן. קומט פון דייטשלאַנד. דאָס ערשטע וואָס ער האָט מיר געזאָגט איז געווען:

— אלעס וואָס די קאָלאָניסטען האָבען זיך אנגעדערצעהלט איז א ליגען.

ווען איך האָב איהם בעמערקט, אז איך האָב ניט געפרעגט ביי די קאָלאָניסטען וואָס זיי מאכען, ווייל איך האָב עס געזעהן נאָך די טויטע בהמות וואָס וואלגערן זיך אויף זייערע פעלדער און נאָך די לעבעדיגע וואָס זענען פערבליבען הינטער'ן שטוב — און דאביי צוגעגעבען, אז אויב די אדמיניסטראציע רעכענט עפּעס צו טהאָן האָט זי זיך בעדארפט אביסעל צוהיילען, ווייל אין פיעל הייזער הונגערט מען איינפאך.

— אונזער ציעל איז ניכט יודישע פּריצים צו בעשאפען. דער ציעל פון יק"א איז פון די רוסישע אידישע פּראָצענטניקעס ארענטליכע ערד־ ארבייטער צו מאכען...

איך האָב איהם ניט געענטפערט. פאר מיינע אויגען האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען א גרויס פעלד וואו אידישע האָפנונגען בליהען און איבער דעם שפּרייזט א נאר מיט א פערשייט פּנים און צור־ טרעט די אלע האָפנונגען מיט זיינע פיס נאָך איידער זיי זענען אויפגעקומען.

און ווי טוט וועה דאָס הארץ טראכטענדיג אז אלץ האָט דאָך געקענט זיין ווי ביי לייטען. איך דערמאן מיר א קליינעם צופאל וואָס האָט מיט מיר געטראָפען אין דעם הויפּט־קאָרידאָר פון דער הויפּט אדמיניסטראציע פון יק"א...

19.

## דער שווייצאַר פון יק״אַ

אין בונעם איירעס איז פאַראַן אַ גאַס קאַזשאַאַ; זי ליגט אינ׳ם האַרץ פון דער שטאָדט. אויף יענער גאַס, אין איהר אייגענעם פיער־שטאָקיגען בנין האָט די יק״אַ איהר פערוואַלטונג. די צענט־ראַלע פיהרונג. דער בנין איז מאַסיוו און גרוי, ברייטע טרעפּ פיה־רען אַרויף צום ערשטען שטאָק, און דאָרט אויבען אַרום די טרעפּ, אין פאָדער־הויז בעדאַרף יעדער בעזוכער פון אחינו בני ישראל וואַרטען. יעדער אונגעדולדיגער אימיגראַנט, וואָס וואָלט וועלען אַ קאָלאָניסט ווערען און אויף גיך געהאָלפען ווערען — דאָרט לעהרענט מען איהם הלכות געדולד; דאָרטען ערשט בעגרייפט אַ איד אַז ניט מעהר ווי אַ איד איז ער און בעדאַרף קענען וואַרטען. דאָס אייגענע האָב איך אויך פערזוכט. ס׳איז אָבער ניט מיין שולד געוועזען.

אַז איך האָב אויסגעדריקט מיין וואונש צו פאָהרען אין די אידישע קאָלאָניעס פון באַראָן הירש, האָט מען מיר געגעבען צו פערשטעהן, אַז ס׳וואָלט זעהר גלייך געוועזען צו מאַכען אַ בעזוך אין דער אַדמיניסטראַציע פון יק״אַ און זיך פאָרשטעלען. אגב האָט מען מיר געשריעבען פון דער קאָלאָניע מאָזעסוויל אינ׳ם נאָמען פון דעם אָרטיגען אַדמיניסטראַטאָר, איך זאָל עס טאָן. זאָלען די אָר־טיגע מענשען פון יק״אַ ניט בעדאַרפען זיך האַלטען אָפיציעל צו מיר און פון דער ווייטען, ווען כ׳וועל די קאָלאָניעס בעזוכען. דעם אמת זאָגענדיג אָבער בין איך ניט געגאַנגען אין דער דירעקציאָן, כדי אַן ערלויבניש צו נעהמען, איך זאָל מעגען פאָהרען בעזוכען די אידען אין די קאָלאָניעס. אויב איך בין יאָ געגאַנגען איז עס גע־ווען מיין פערזענליכער ווילען צו קומען אין אַ נאָהענטער בערירונג מיט די פאָרשטעהער פון דער צענטראַלער אידישער פיהרונג אין אַרגענטינאַ. אין דער בעגלייטונג פון אַ יונגען אידיש־שפּאַנישען

זשורנאַליסט בין איך אהין אוועק. בעגעגענט האָט אונז אין פּאָדער הויז דער שווייצאַר. א דייטש פון א יאָהר עטליכע און פיערציג מיט א שטרענגען בליק. טראָגט ברילען, אָבער דעם בעזוכער בע־טראַכט ער איבער די ברילען, עטוואס אן א זייט דעם קאָפּ פערבוי־גענדיג, ווי אן ערפאַהרענער פּראָפעסאָר, — ער בעדאַרף גאָר דעם חולה ניט אויסהערען — בלויז אויספרעגען. דער שמועס געהט אין שפּאַניש.

— פון רוסלאַנד געקומען אָדער קאָלאָניסטען?

— ניט פון רוסלאַנד און ניט קיין קאָלאָניסטען.

און איך דערלאַנג איהם מיין וויזיט־קאַרטע מיט א בקשה אי־בערצוגעבען דעם אדון אליין. ער בעטראַכט אונז נאָך אמאָל און געהט אוועק. איך בין זיך מודה אז מיר איז גאָר ניט איינגעפאַ־לען צו קלערען, אז דאָרט אינעווייניג קען מען מיין נאָמען. איינ־פאַך; אזוי אָנגענומען ביי דער וואויל ערצויגענער וועלט — מען שיקט אריין א קאַרטע: א מענש וואָס הייסט אזוי און אזוי וואַרט דאָרט דרויסען.

דער שווייצער האָט זיך אומגעקעהרט און מודיע געווען, מיר זאָלען וואַרטען. וואַרטען מיר. איך בעטראַכט די גרויסע מאַפּעס אויף די ווענט מיט די פּלאַנען פון די קאָלאָניעס. גרויסע קאַרטעס פערנעהמען אלע ווענט פון פּאָדערהויז. פּראַכטפאָל אלץ געצייכענט. ווירקליך א אידישע מדינה אויפ'ן פּאַפּיער צו זעהן. עס געהט פאַרביי א האַלבע שעה און מעהר.

— וויפיעל איז דער שיעור צו וואַרטען? געהט מיין בעגליי־טער פרעגען דעם שווייצאַר.

— דאָ איז א מנהג, אז דער וואס האָט ניט קיין צייט צו וואַרטען קען זיך אוועקגעהן.

א קלאָרע תשובה. מיין בעגלייטער איז זעהר אויפגעבראַכט געוואָרען. פערשטעהט זיך, דער מנהג איז פאַר אונז קיין דין ניט געווען און מיר זיינען זיך בשלום אוועקגעגאַנגען.

איך האָב די געשיכטע דערצעהלט בלויז צוליעב דעם, ווייל

אומגעהענדיג איבער דער קאָלאָניע מאַנטיפיאָרע האָב איך געזעהן דעם פּועל יוצא פון אזא מנהג.

— ווער עס האָט ניט קיין צייט צו וואַרטען, דער קען זיך אוועקגעהן. איינפאַך. און וויפיעל אומזיסטיגע ליידען האָט דער איינפאַכער ענטפער פערשאַפט אונזערע קאָלאָניסטען אין דעם לויף פון יאָהרען.

וואָס הייסט א גוטער שווייצאר? אזעלכער וואָס פערשטעהט דעם ווילען פון זיין האַר. וואָס פערשטעהט דעם וואונש פון זיין האַר. און דער אויבענדערמאָהנטער ענטפער האָט פאַר מיר אויפ־געעפענט דעם סוד פון אלע סודות, דעם וועג צו דער נשמה פון דער יק"א פערוואלטונג. ס'איז מיר דאריבער שוין קיין גרויסער וואונדער ניט געווען ווען דער ארטיגער אדמיניסטראטאר פון „מאַנטעפיאָרא" האָט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אז יק"א איז ניט קיין פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט און אז יק"א האָט בלויז איין ציעל:

— מאַכען פון די רוסישע אידישע פּראַצענטניקעס אָרענט־ליכע ערד ארבייטער.

דאָס איז דער קוק פון יענע מענשען אויף אונזערע רוסישע אידען, דער בליק פון דעם שווייצאר פון וועמעס מויל דער האַר רעדט ארוים.

— ווער עס האָט קיין צייט ניט צו וואַרטען דער קען זיך אוועקגעהן.

און וואַרטען האָט מען געלאָזט די קאָלאָניסטען פון מאַנטע־פיאָרע, וואָס זעקס וואָכען זענען זיי געלעגען אויף די דעכער פון זייערע הייזער אונטער דעם שלאַקס רעגען; וואָס זעקס וואָכען האָבען זיי זיך געשפּייזט מיט דעם פלייש פון די דערטרונקענע עופות, מיט דעם פלייש פון געפאַלענע בהמות פון הונגער.

זעקס וואָכען זענען די מענשען געווען אין זומפּ פערטרונקען. און ווי ווייט גרויס די וואַסערען זענען געווען, בעווייזען די שיפ־לעך וואָס וואַלגערען זיך איבער דער קאָלאָניע. די יק"א האָט

שיפלעך געשיקט פאר די קאָלאָניסטען זיי זאָלען זיך קענען איבער־
שיפען פון איין אָרט צום צווייטען. ס'איז א שעהנער שטריך.
פרעמדע שכנים האָבען עס בעוואונדערט. ס'איז געווען אן ענטפער
אויף א פארשלאג פון א קריסטליכען גוט בעזיצער ביי דער סטאנ־
ציע סערעס, וואס האָט פארגעשלאָגען די אַלע פערטרונקענע קאָ־
קאָלאָניסטען, אז זיי זאָלען קומען זיך בעזעצען אין זיינע
גרויסע שטאלען ווייל טרוקען איז דאָרט. און מעל האָט ער פאר־
געשלאָגען אויסצובאָרגען די קאָלאָניסטען, איז אבער אן ענטפער
געקומען פון דער יק"א פערוואלטונג:

— מיר זארגען אליין פאר אונזערע קאָלאָניסטען.

שיפען, שעהן אויסגעפארבטע האָט מען זיי אריינגעשיקט—
אבער אָן ברויט האָט מען פערגעסען. ווען איך האָב בעזוכט די קאָ־
לאָניע זיינען די שיפען געלעגען און געטריקענט זיך און די קאָלאָ־
ניסטען האָבען זיך ביטער געוויצעלט איבער זיי:

— מסתמא האָט מען ביי די שיפען געקענט מאכען א פּאָר
גראשען מעהר, דאריבער האָט מען אונז שיפען אנשטאט ברויט
געשיקט.

ניט קיין בעזונדערע גרויסע טובות טוט דאָך די יק"א מיט די
קאָלאָניסטען. זיי דערקלערען דאָך אליין, אז ניט קיין וואוילטהע־
טיגע געזעלשאפט זענען זיי. פאר דעם געלד נעהמען זיי פּראָ־
צענט. די ערד, אלץ, אפילו אויפ'ן קעלביל וואָס ווערט געבוירען
לעגט די אדמיניסטראציע אנידער איהר חתימה און דער קאָלאָ־
ניסט קען עס ניט פערקויפען. און טאקי ווער ס'האָט א קעלביל
צו פער'משכון'ען יענעם האָט מען אויסגעבאָרגט און ביי ווע מען
אלץ איז פערטרונקען געוואָרען איז ווי אויפ'ן וואסער געבליבען.
טאָ פאר וואָס אָבער קומען זיי אפילו די משכנות נעהמען אזוי
שפעט?

בעטראכטענדיג די אויסגעצייכענטע מאָפּעס וואָס דעקען צו
די ווענט אין פאָדערהויז פון דער צענטראלער פערוואלטונג אין
בונעס איירעס זעהט מען ווי אלץ ווערט געמאכט, אז אויף דעם

פאפיער זאל עס שעהן אויסזעהן. אבער אין דער ווירקליכקייט איז עס לעבערליך. ווען עס ווערט דער פלאן געמאכט א קאלאניע צו גרינדען, נאך דעם ווי מען האט א שטיק ערד געקויפט, מאכט מען ניט דעם פלאן אויפ'ן ארט, נאר אויפ'ן פאפיער. אויפ'ן פאפיער מעסט מען אויס וואו די הייזער צו שטעלען און וואו די וועגען צו מאכען. אזוי פיעל און אזוי פיעל פלאץ בעדארף פון איין שטוב צו דער אנדערער זיין, און אויב עס קומט אויס נאך דעם פאפירע־נעם פלאן נאך, אז די שטוב זאל שטעהען אין א גרוב — ווען־מען געהט עס אן? און ביי איצטיגע צייטען איז מיר אויסגעקומען צו זעהן, ווי דריי קלאפטער ווייט פון שטוב איז טרוקען, דארט איז העכער; און די שטוב שטעהט אין בלאטע, אין א גרוב. אזוי איז דער פלאן אויסגעקומען. די הייזער זענען אהן א דיל און די בלאטע איז שיטער. און אויב דער פלאן האט בעוויזען, אז די שטוב זאל שטעהן אויף דעם פלאץ וואו א בוים איז געוואקסען, האט מען דעם בוים אויסגעהאקט און די שטוב געשטעלט. די שטוב איז אהן א דיל און פון דער ערד ארויס וואקסט זיך דער בוים פונקט אין רעכטען מיטען שטוב.

ס'איז דאך ניט קיין שפאס. איך בין דאך אומגעגאנגען צווישען די קאלאניסטען אין דער צייט וואס די מעהרערע פון זיי האבען געליטען הונגער. די זון שיינט. פון דער ערד שלאגען זיך די גראזען ארויס און מענשען געהען ארום הונגעריגע. אויף אלע זייטען וואו דו ווארפסט א בליק, ליגען ביינער פון געפאלענע בהמות. קעפ פון פגירות מיט אויסגעשטשירעטע ציינער און מיט א משוגע־נעם געלעכטער א שטומען צו די מענשען וואס דרעהען זיך דא ארום.

—וואלט מען אונז פון דער אדמיניסטראציע ניט געזאגט, אז זיי וועלען אונז פערד געבען וואלט איך אויף דעם א מאך געטאן מיט'ן האנד און פארשפארען צו קוקען אויפ'ן פעלד מיט הארץ־וועהטאג. ס'איז שוין טרוקען. כ'וואלט געאקערט. נו, געה מאך, טו?

— וואָס פיהרט איהר אזעלכעס אויפ'ן וואגען, רב איד?
— כע־כע, איך פיהר א שפיגעל־שאפע פאר מיין ווייב. א זעקעל מעהל מיין איך, כע־כע. מען האָט מיר אויסגעבאָרגט א זעקיל מעל, כע־כע...
— נו און ווייטער?
— ווייטער... „כי אמרו כלנו מתים", די קיה זאָגען, אז מיר וועלען אלע מיט די פיס אויסציהען, אויב ס'וועט ווייטער אזוי געהן. — אזוי וויצעלט מען זיך הונגעריקערהייד.
די אידישע קאָלאָניסטען האָבען געדולד און וואַרטען אויף אלע הבטחות וואס וועלען אפשר אמאָל מקוים ווערען, די פערד און די קיה האָבען אבער קיין געדולד ניט געהאט און ווען איך האָב „מאנטיפיאָרע" בעזוכט האָט דער שארפער דרום ווינט זייערע ביינער געטריקענט....

---

20.

## אידעאליסטען.

אידען, שטאַרקע מיט ברייטע פּלייצעס פון יעקאטערינאָסלאווער גובערניע ; רייכע און איינגעפונדעוועטע אונטער דעם זיד־רוסישען הימעל — זיי האָבען עס געגרינדעט די קאָלאָניע „ריווערא" אין דער ווייטער ארגענטינע.
מיט ניין יאָהר צוריק האָט זיך די ערשטע גרופּע פון ע ל ף פאמיליעס ארויסגעריסען מיט די ווארצלען פון דער רוסישער ערד. פערנעהמענדיג מיט זיך קאפיטאל און די רוסישע שפראך, האָבען זיי זיך אהער אריבערגעקליבען.
— די פערפאָלגונגען און בעליידיגונגען אויף דער רוסישער ערד, די בעליידיגונג פאר אונזערע קינדער וואָס מען האָט ניט געוואָלט אריינגעהמען אין דער רוסישער שולע, — דאָס אלץ האָט געמאכט, אז מיר זאָלען מיט רוסלאנד צורייסען. — אָט אזוי

דערצעהלען די אמאליגע עשירים און איצטער פעראַרימטע קאָ־לאָניסטען.

איצט פערמאָגט ריווערא צוויי הונדערט איין־און־זיבציג קאָ־לאָניסטען; ביי דריי הונדערט צוואַנציג פאַמיליעס.

אויף א גאַנץ אַנדערען אופן האָבען זיי זיך קאָלאָניזירט:

זיי האָבען גע־פּועל'ט, אז יק"א זאָל אויף איהר חשבון, אויס־צוצאָהלען, איינקויפען בלויז ערד. הייזער, בהמות און אלע פעלד־מכשירים — דאָס האָבען זיי איינגעשאַפט פאַר זייער אייגען פערמעגען. זיי האָבען דערפאַר אויסגעווירקט ביי דער יק"א, אז מען זאָל זיי זאָלען אליין זיך פערוואַלטען; זיך איינצואָרדנען מיט דעם אייגענעם געשמאַק.

און דעריבער זיינען טאַקע די הייזער לייטישע, גאָר ניט ווי אין אַנדערע אידישע קאָלאָניעס; און דעריבער זיינען די הייזער מעהר דערנעהנטער איינס צום אַנדערען, מיט א טאָלק; גאַסען־מעסיג.

ניט אזוי אָבער איז עס מיט דער ערד וואָס די יק"א האָט פאַר זיי איינגעקויפט פאַר הויכע פּרייזען. שוין גאָר ניט אזוי לייטיש איז די ריווערער ערד:

— אויבען א ברוינער זאַמד; אין דער טיעף — קאַלך־שטיין.

און דער קלימאַט אין יענער געגענד איז קאַפּריז און שטי־פעריש:

ווען די תבואה בליהט — טרעפט א פרעסטיל.

ווען די תבואה דערשטעהט אין די זאַנגען — קומט א האָ־געל.

א היישריק פערבלאָנזשעט אויך צו גאַסט אויף די ריווערער פעלדער.

און די ווינטען, וואָס טראָגען פון דרום זייט מיט א שנייי־דענדער קעלט, טראָגען זיך איבער זייערע פעלדער מיט אזא ווילדקייט, אז צייטענווייז טראָגט עס די דעכער פון די הייזער.

„אויבען זאמד און אונטען — שטיין" — און דאך בעמיהען זיך די קאלאניסטען דארט איינצופלאנצען, און פרעמד איז זיי דער געדאנק די קאלאניע אויפצוגעבען.

אנגעקומען בין איך אהין פון בונעס איירעס אין א פריה־מארגען, דורכמאכענדיג מיט'ן באהן א רייזע פון א שעה פער־צעהן. ס'איז געווען אין איינעם פון די קאלטע, ווינטיגע פריהמאר־גענס. און פון שטויב איז געשטאנען אין לופטען א געלער נעבעל. דורך דעם געלען, שטויביגען נעבעל גרינען די ניט לאנג פערזעעטע פעלדער. שיטער שלאגט זיך דאס גראז ארויס פון דער ערד און עס דערמאנט אן די ארימע ליטווישע פעלדער צווישען ווילנא און גראדנא.

די געגנעד איז דא ניט פלאך; פונקט דער היפוך פון דער פרובטבארער פראווינץ סאנטא־פע. ביים ערשטען אויגענבליק דערקענסטו, אז די רונדע בערגלעך, כאטש מיט א שיטערען גראז בעדעקט — זענען עס קינדער פון דעם ווינט. דאס האבען די ווינטען מיט דער צייט דעם זאמד אין דעם געגענד אויפגעהור־בעט. אזוי פיין די בערגלעך אויסגעקיילעכט. קוקענדיג פון מיין וואגאן־פענסטער אויף די הארבאטע פעלדער, האב איך ניט ווילענדיג געטראכט:

— ניט קיין ברכה, טראגט איהר פעלדער, אין דער טיפעניש פאר אונזערע לייט דא.

א גרופע עלטערע קאלאניסטען האבען מיך בעגעגענט ביים באהן־סטאנציע, וואס געפינט זיך אין צענטער פון דער קאלאניע. ווי דער שטייגער, שוויינענדיגע, מיט בליקען וואס פארשען, האבען זיי מיר דעם שלום־עליכם אבגעגעבען.

די קאאפעראטיווע פון דער קאלאניע, וואוהין מען האט מיך געפיהרט, איז געווען פול געפאקט מיט קאלאניסטען. ארום הויז — וועגענער און פערד ווי אויף א מארק אין א קליין שטעדטעל. דאס זענען די ווייטערע קאלאניסטען געקומען אין צענטער אריין, ווער נאך זריעה און ווער נאך אנדערע מכשירים. אגב איז מען געקומען

אויסהערען א בעריכט פון דעם שליח וואס איז געפאהרען קיין בורנעם־איירעם דורכצורעדען זיך מיט די יק"א דירעקטארען וועגען דער שווערער לאגע פון די קאלאניסטען. איך בין גלייך אריינגעצויגען געווארען אין דעם אינערליכען לעבען פון דער קאלאניע. זייער לאגע איז מיר מיט איין מאל קלאר געווארען:

איך האב געזעהן פאר זיך, פנים־אל־פנים, די אבגעקומענע עשירים, וואס זענען געוועהנט געוועזען צו טאן אלץ מיט דער ברייטער האנט און איצטער דארפען זיי אנקומען נאך קצבה; זייער זעלבסטשטענדיגקייט האט זיך אנגעהויבען צו וויגען און די יק"א ווארפט זיי אויף, אז זיי ווייסען ניט ווי אזוי זיך אליין צו פערוואלטען.

צוהערנדיג זיך צו די אלע רייד האט מען קלאר געקענט זעהן ווי ווייט די פערדוואלטונג פון דער יק"א אליין איז הילפלאז און קינדיש. דורך א שורה יאהרען פון קאלאניסטישער טעטיגקייט אין ארגענטינע האט מען ממש גאר ניט געלערענט:

עס האט זיך געהאנדעלט, אז מען בעדארף מאכען נייע פראבעם מיט דער ערד, ווארום די אלטע פראצע איז צום גרונד געגאנגען. אפשר איז ניט גוט דער אופן ווי מען בעארבייט די ערד; אפשר איז ניט גוט דער וועג ווי מען זעט דא אין פעלדער.

זעהר פיעל האבען ניט געהאט מיט וואס די פעלדער צו פערזעען און עס האט זיך געהאנדעלט אז יק"א זאל אויף זריעה אויסלייהען.

אנדערע פעלען בהמות אויס און עס איז ניטא מיט וואס א האנט אויפצוהויבען.

— די ערד איז שלעכט און מיר ווייסען ניט וואס צו טאן — וויל מיר איינער געבען צו פערשטעהן — מיר וואלטען געקענט ווייגערטנער איינפיהרען איז אבער א צרה מיט די פרעסטלאך וואס קומען ניט אין דער צייט.

— ביי מיר איז געלעגען אן עשירות אין מיינע ווייגטרויבען זיינען זיי אויסגעפרוירען געווארען . . .

און ממש דאָס האַרץ טוט וועה ווען דו פאָהרסט אַרוים איבער דער קאָלאָניע, קוקסט אויף רעכטס און אויף לינקס, זעהסט ווי די קאָלאָניסטען מאַכען זייערע „עקספּערימענטען" אויף די פעל־דער. זיבען יאָהר עקספּערימענטען!

יק"א האָט דאָך איהרע אַגראָנאָמען, איהרע חכמים און דער גוטער יאָהר ווייסט וואָס זיי טוען. דער עולם פון ריוועראַ איז אָהן ספק דאָס בעסטע, וואָס האָט זיך קיין אַרגענטינע געצויגען צו ווערען ערד־אַרבייטער.

און אַזוי הילפלאָהז האָב איך זיי געטראָפען!

איצטער איז דער עולם פערנומען מיט פלאַנצען בוימער אַרום די פעלדער כדי די קאַלטע ווינטען זאָלען ניט האָבען אַזאַ שליטה. אַנדערע פערפלאַנצען בוימלעך אַזוי געדיכט ווי אַ וואַנט און האָ־פען, אַז הינטער דער שוץ פון די בוימלעך וועלען זיי קענען וויין־גערטנער פלאַנצען.

דער אַגראַנאָם ע. איז געווען דאָרט אַ קורצע צייט און ער האָט עס זיי אויף דעם וועג פון בוימער־פלאַנצען אַרויפגעפיהרט. דער גייסט פון יענעם אַגראַנאָם רוהט אין דער קאָלאָניע. מען פלאַנצט די בוימלעך מיט אַזאַ גלויבען און מיט אַזוי פיעל ליכט אין די אויגען.

יענער אַגראַנאָם אָבער אַליין איז שוין לאַנג ניטאָ אין אַר־גענטינע. אַ גוטער אַגראָנאָם געווען; אַן אמת'ער פאָלקס־מענש געווען און דעריבער האָט איהם די יק"א משלח געווען. אַזוי אַמוועניגסטען דערצעהלען די קאָלאָניסטען. די בוימער אָבער פלאַנצט מען און זיי וואַרצלען זיך איין. און כאָטש קיין פּירות גיבען זיי ניט דאָך פערפלאַנצט זיך מיט זיי שטאַרקער דער גלוי־בען אויף בעסערע צייטען.

אין דער פיהרונג פון די טאַטעס, די אָבגעקומענע גבירים, ליגט אַ ברייטקייט. אַזעלכעס, וואָס מען מערקט ניט אין אַנדערע קאָלניעס.

א ברייטקייט ליגט אין דער פיהרונג פון די קינדער, בעמיהען זיך אנצוהאלטען דעם היימישען אריסטאקראטישען טאן:

מען קען זאגען, אז די הויפט־שפראך אין דער קאלאניע איז רוסיש.

די ביבליאטעק אבער איז שטארק אידיש. לויט די מיטלען — איז זי גרויס און מיט רחבות.

פאראנען א ליטעראריש־דראמאטישער פעראיין און מען שפיעלט טעאטער אויף א היימישען קינסטלערישען אופן. דאס זוכט די יוגענד מיטלען ווי אזוי זיך צוצובינדען צו דער ערד, צו־נויפבינדען זיך מיט דעם לעבען פון דער קאלאניע.

געווען צייטען ווען די קינדער האבען די טאטעס פערלאזען און געצויגען אין שטאדט אריין גליק זוכען. אין דער צייט אבער וואס איך האב זיי בעזוכט, האבען זיי זיך געהאלטען אין ציהען צו־ריק אהיים העלפען די טאטעס פלאנצען בוימער און הינטער די בוי־מער ווייגערטנער אויפצובערענגען.

אויף דעם פנים פון די קינדער ליגט נאך אויסגעגאסען דער גייסט פון דעם רוסיש־אידישען אידיאליסט וואס האט זיך צו אלץ גענומען און אויף יעדען וועג שטערונגען בעגעגענט.

ווארים זעהר שווער ווערט אויפ'ן הארצען ווען מען שטודירט אויס דעם קורס פון א גימנאזיע און שפעטער ווערט מען ניט צוגע־לאזט צום עקזאמען, ווי עס פיהרט זיך אין רוסלאנד.

אבער פיעל שווערער איז אויפצואקערען די ערד, זעען און פלאנצען און שפעטער זאל דערפון גאר ניט ארויסקומען.

און יעדעס מאל ווען איך טראכט פון דער קאלאניע ריווערא אין דער ווייטער ארגענטינע, שרעקט מיר דאס הארץ פאר דעם גורל פון איהר אידיאליסטישער, גוטער עלטער און ערדלער יוגענד.

ווי וואלט איך וועלען, אז מיין שרעק זאל זיין אומזיסט!

---

## 21.

## ענטרא-ריאס.

צווישען די צוויי גרויסע טייכען, פארנא און אוראגוויי, איז די ערד פרוכטבאר; פאשע און ברויט איז דארט פאראן גענוג און דער היישריק, מיט זיין אנקומען יאהר איין יאהר אויס, איז ניט אימשטאנד געווען צו פערצערען די גאנצע שפע פון דער ערד. אין יענעם געגענד האט די יק"א, מיט א יאהר צוואנציג צוריק געקויפט ערד און געגרינדעט א שורה אידישע קאלאניעס:

באסאווילבאסא, דאמינגאס, קלארא, דאס זענען די הויפט קאלאניסטישע צענטערס פון יענעם געגענד.

געווען א צייט, ווען דער ארגענטינער אידענטום האט מיט שמחה געטראכט פון יענע קאלאניעס. דארט איז אין פערלויף פון איינינגע יאהר ארויסגעגאנגען א וואכענשריפט, „יודישער קאלא־ניסט", וואס האט גייסטיג פעראייניגט צווישען זיך אלע אידישע קאלאניעס פון ארגענטינע.

אויף מיין גורל איז אבער אויסגעפאלען צו בעזוכען יענעם גע־געגנד, ווען די געגענטווארט איז געווען זעהר א טרויעריגע; בלויז מיט דעם זכרון פון גוטע צייטען האט מען זיך געטרייסט און גע־שטארקט:

גאנצע צוויי יאהר האט דארט געהערשט א טריקעניש; די פא־שע האט אויסגעברענט און די תבואה האט ניט דערלעבט צייטיג צו ווערען. די בהמות זענען אויסגעפאלען; און די פעטע ערד האט זיך אזש צושפאלטען פון טריקעניש, געעפענט זיך און געלעכצט נאך רעגען. ווען דער רעגען איז ענדליך אנגעקומען, האט ער מיט זיך ניט קיין ברכה געבראכט פאר די אלע וואס האבען נאך איהם די אויגען אויסגעקוקט.

ווען איך בין דארט אומגעפאהרען זענען די פעלדער געווען צוואווייקט, די פעטע ערד שיטער, ווייל שוין עטליכע חדשים, וואס

כמעט טאָג איין טאָג אויס האָט דער רעגען ניט פערפעלט צו גיסען. די ערד איז אנגעקוואָלען געווען און צוליעב די נאסקייטען אזוי פערוואקסען געוואָרען מיט ווילדען בוריאן, אז ערטערווייז איז שווער געווען צו דערקענען, אז צוואנציג יאָהר האָט מען די ערד בעאַרבייט, די ווילדע גראזען אויסגעראטען און געמאכט ברויט זאָל וואקסען. ס'איז געווען פונקט די צייט פון זריעה און כ'האָב זיך צוגעקוקט ווי די קאָלאָניסטען שלאָגען זיך פון די כחות ארויס, טאָמער האָט די זון א בלישטש געטאָן, צו פעראקערן א העכערען אָרט וואו די וואַסער האָט זיך ניט לאנג געהאַלטען; אויסגערייניגט דעם בוריאן פיין פערבראנעוועט און... א ביסטרער רעגען איז ווידער געקומען, צוגעפּאַטשט די ווייכע פעטע ערד און באלד נאָך דעם א שארפער דרום־ווינט וואָס האָט דעם אויבערפלאך פערטריקענט און ס'איז ניט געווען וואו צו זעען.

— וואַרט, ביז ס'וועט זיך אויסלייטערען און אקער נאָך אמאָל!

ארויסגעפאָהרען, ווי דער שטייגער, בין איך פון בונעס איירעס קיין באסאווילבאַסא (לוסינוויל) פאַרנאכט. דער וועג איז צוּשווינקט און דער צוג האָט מיר אויסגעוויזען, אז גאר ניט אויף רעלסען געהט ער נאָר איבער די הילצערנע שוועלען ווערט ער געשלעפּט. אין דעם רעסטאָראן־וואגאָן האָט עם די טעלער פון טיש געשליידערט, און מיין שכן ביים טיש וועלענדיג צוטראָגען די לעפעל זופּ צו זיין מויל האָט ער פונקט צו מיר אונטער'ן קאָלנער געטראָפען.

אז מען איז צוגעקומען צום טייך פּאַרנא האָט מען דעם צוג ארויפגעפיהרט אויף א גרויסען דאמפ־פּאָראָם און אזוי זענען מיר מיט איהם געשוואומען אייניגע שעה. א מערקווירדיגער געפיהל האָט ארומגעכאַפּט, הערענדיג ווי דאָס וואסער קלינגט אונטער דעם צוג...

קוקענדיג דורכ'ן פענסטער אין דער לבנה־נאכט אריין, האָט עס אויסגעזעהן ווי אונזער צוג איז געפאנגען פון רוחות און ווער

ווייסט וואוהין מען וועט אונז פערטראגען. מיט דעם אייגענעם גע־
פיהל בין איך איינגעשלאָפען. אויפגעוועקט האָט מיך א שרעקליכער
שטוים און כ׳בין שיעור פון בעטעל ניט אראָבגעפאלען. דאָס האָט
אונזער צוג שוין ווידער זיך געשלעפט איבער דעם צושוואומענעם
ווען.

אז כ׳בין ארוים פון צוג אויף דער סטאַנציע באסאווילבאסא,
איז געווען ארום ניין אין דער פריה. גלייך פון וואגאן אין א קלעפי־
נער בלאָטע בין איך מיט מיינע האלבע שיך אריין. כ׳האָב גע־
וואוסט, אז די אייזענבאן סטאַנציע ליגט כמעט אין דער קאָלאָניע,
דאריבער האָב איך ניט געשריבען, אז איך קום. געמיינט, אז כ׳וועל
אליין טרעפען. כ׳האָב אבער באלד מיין נארישקייט ארויסגעזעהן.
א יונגערמאן וואָס האָט זיך ארומגעדרעט און געקנאָטען די בלאָטע,
ארויסקוקענדיג עפּעס א פערדינסטעל ביים באן, האָט זיך מיט זיינע
אידישע אויגען צו מיר געווענדעט:

— זענט איהר א הינער? — פרעג איך איהם.

— איך בין א גרינער — ענטפערט ער מיר.

און דאָס פּנים זיינס איז דוקא גאר ניט גרין, נאָר פערגעלט
און פער׳חושך׳ט. ער האָט מיך צוגעפיהרט דורך זייטיגע וועגע־
לאך, איבער קלאָטקעס און שטיינער, צו דעם האָטעל „איטאַליע“,
איינגענטליך א שטאל מיט קליינע אבגעצאָמטע שטעלכעלאך. אן אי־
טאליענער, דיק און מיט בארוועסע פיס ביז צו די קניה פערבלאָ־
טיגט, האָט מיר אָנגעוויזען מיין פּלאַץ. ער האָט מיר נאָך עפּעס גע־
פרעגט און איך האָב נישט פערשטאַנען וואָס ער וויל. ער האָט צו
מיר אראָבגעבראכט א דאלמאטשער אין געשטאלט פון א זיבעצען
יאהריגען בחור ביז צו די לענדען די הויזען פערקאשערט און די פיס
מיט בלאָטע אויסגעשמירט.

— וואָס דו ווילסט? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט אויף א
מין אידיש.

— איך וויל וואסער; זיך ארומוואשען.

ער האָט פערשטאַנען, כ׳האָב אנגעהויבען ביי איהם צו פרעגען

וועגען די אידען דאָ און וואו געפינט זיך דאָ עפּעס א איד פון די אידען און... עס לאָזט זיך אויס, אז מיין בארוועסער יונגערמאן איז גאָר קיין איד ניט. אן איטאַליענער וואָס האָט זיך אויסגעלערענט אידיש רעדען.

כ'האָב פערמאכט די אויגען און גענומען ציהען איבער די בלאַטעס אהין וואו מעהר הייזער האָבען זיך ארויסגעזעהן, גלויבענדיג, אז דאָרט וועל איך געפינען וואָס איך בעדארף. אויפ'ן וועג האָב איך אן אמת'ן אידען געטראָפען, און ער האָט מיר פערנאנדערגעזאָגט ווי אזוי איך זאָל געהן צו דער ארטיגער ביבליאָטעק. ס'איז מיר פארגעשטאַנען א שווערע און ניט בעקוועמע מלאכה. די הויפּט־גאס צו וועלכער איך האָב מיר דערשלאָגען איז גענוג ברייט אבער די בלאָטע אין גאס איז קלאסיש, געדיכט און טיעף. פינף פערד שלעפּען כמעט א לעדיגען וואגען און שלאָגען זיך פון די כחות ארויס. אריבערגעהן די ברייט פון דער גאס איז א גרויסע אונטערנעהמונג און דער עולם שרייט זיך דורך פון אריבער דער גאס. א מיידעל, זעהענדיג פון ווייטען, אריבער דער גאס, ווי איך שטעה פאר א ט י נ ט ע ר ע ל און קען ניט אריבער, האָט זי גענומען שרייען און רופען:

— זעלדע, טראָג ארויס א ברעטעל!

די אונבעקאנטע זעלדע, א חן'עוודיגע יונגע מיידעל מיט א קליין קינד אויפ'ן האנט, איז ארויסגעקומען גראדע פון דער שטוב, וואו כ'בין געשטאַנען, זי האָט מיך בעטראכט און אנגעהויבען צו רופען:

— חנה, טראָג ארויס א ברעטעל!

חנה, א יונג, שעהן מיידעל איז ארויסגעקומען, האָט אויפגעזוכט א ברעטעל נעבען שטוב און האָט עס מיר א ווארף געטאָן נעבען די פיס.

שוין שטעהענדיג מיט איין פוס אויפ'ן ברעטעל, האָב איך בעמערקט ווי די מיידעל שמייכעלט קוקענדיג אויף מיר.

— אין ביבליאָטעק האָט מען געטראַכט, אז איהר וועט שוין צו אונז גאר ניט קומען, מאכט זי.

הייסט עס אזוי גאָר. ס׳טוט מיר באנק וואָס האָט זיך אזוי געמאכט.

ענדליך בין איך אין ביבליאָטעק אָנגעקומען. כ׳האָב מיר אליין געוואונדערט ווי נאריש איך בין, ווי אזוי איך פערגעס מיר אין דער גוטהארציגקייט וואָס לעבט אין פאָלק! דער יונגער עולם האָט געהאט צוגעגרייט פאר מיר אן אָרט, געזאָרגט פאר מיר און איך בין אָנגעקומען ניט מעלדענדיג און פערקראַכען גאָט ווייסט וואוהין, עפּעס צו אן איטאַליענער אין שטאָל אריין.

* * *

ווי געזאָגט, איז די לאגע פון די קאָלאָניסטען געווען טרויעריג זייט דריי יאָהר, אבער די זארג וואָס האָט ארומגעכאפּט אלעמען אין באסאווילבאסיא אין דער צייט וואָס איך האָב די קאָלאָניע בעזוכט, איז ניט געווען איבער דעם וואס מען קען די פעלדער ניט בעארבייטען און וואס א נייער ביטערער יאהר שטעהט פאַר — עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען קינדער־ערציהונג און די אידישע טאַטעס זענען ארומגעגאנגען פערצווייפעלט מיט געבויגענע קעפּ:

די שוהלעס פון דער יק״א, וואָס האָבען פון שטענדיג אָן געעקזיסטירט אין די קאָלאָניעס אויף דעם חשבון פון די קאָלאָניסטען, האָבען געהאלטען ביים איבערגעהן צו דער רעגירונג. די פיהרערס פון יק״א האָבען זיך ארומגעזעהן, אז ס׳איז א צו גרויסע טרחה פאר זיי צו זארגען וועגען דער ערציהונג פון די אידישע קינדער אין די פערוואָרפענע קאָלאָניעס. אגב האָבען די טאַטעס שטענדיג געהאלטען אין טענה׳ן, אז צו ווייניג אידישקייט בעקומען די קינדער אין דער שוהלע. די ארגענטינער רעגירונג, וואָס האָט כלומרשט אלגעמיינע בילדונג אין לאנד, האָט מיט פערגעניגען מוחל געווען די אידישע שוהלעס אין די קאָלאָניעס, לאזענדיג פאר די יק״א צו ערציהען גוטע בירגער פאר׳ן לאנד. און יעדעס מאל ווען די עלטערן

האָבען געפּאָדערט, אז די אידישע למודים זאָלען אין שוהלע אבי־סעל פערברייטערט ווערען, איז געווען דער ענטפער:

— די רעגירונג וויל עס ניט ליידען.

האָט זיך יק"א מישב געווען גאר אינגאנצען די שוהל־פראגע פון איהרע פּלייצעס אראָבווארפען.

— וואָס וועט מען טאָן? וואס זאָל מען טאָן?...

מען האָט אין אלע צרות פערגעסען און דאָס איז די גרעסטע צרה געוואָרען. אפילו דער גרויסער האָספּיטאל, וואָס די קאָלאָניסטען האָבען מיט אזוי פיל ליעבע געבויט און וואס האָט זיך איצטער געמוזט פערשליסען ניט האָבענדיג קיין מיטלען איהם אויפצוהאלטען — אפילו דאס איז אויפ'ן צענטען פּלאַן אוועק.

און אפילו, דאָס וואס דער דאָקטאר האָט געהאלטען ביים פערלאָזען די קאָלאָניע, ווייל ער האָט זיינע שכירות ניט בעקומען — עס האָט ניט דעם אויבענאָן פערנומען צווישען די גרויסע דאגות.

— ווי אזוי וועלען די קאָלאָניסטען, וואָס זענען אזוי צושפּרייט קענען זייערע קינדער ערציהען, זיי כאָטש עברי אויסלערנען.

ס'ערשטע וואָס מען האָט מיר דערצעהלט איז געווען וועגען דעם און ס'ערשטע וואס מען האָט פון מיר פערלאנגט, איז — אן עצה ווי אזוי דער יק"א אבצוהאלטען פון צו טאָן אזא זאך. די אסיפה וואָס כ'האָב בייגעוואוינט איז געווען זעהר א רירענדע און כ'וועל קיין מאָל ניט פערגעסען יענעם אויסדרוק פון צער, וואָס האָט פון די אלטע צוקנייטשטע אידישע פּנים'ער ארויסגעקוקט.

צום גליק איז געבליבען ביים אלטען צוליעב א קליינינגקייט.

— ניט דער קאָלאָניסטישער צער האָט דאבי מיטגעווירקט:

— די רעגירונג פון שטאָט ענטרא־ריאָס האָט דער יק"א מודיע געווען, אז זי, די יק"א, האָט גענוג געלט און זי זאָל אליין מוחל זיין אנהאלטען די שוהלעס אין די אידישע קאָלאָניעס ווי ס'איז געווען ביז אהער.

צו מיין פערגניגען האָט א פּאָר טעג די זון געשיינט און א

דרום ווינט האָט געטריקענט די בלאָטעס פון באסאווילבאסא, און כ'בין געווען אימשטאנד אביסעל זיך ארויסרירען איבער דער קאָלאָניע. שבת האָב איך געהאלטען אין דער גרופּע נומער איינס, ביי איינעם פון די עלטעסטע און אנגעזעהענע קאָלאָניסטען. זיין טאָכטער, וואָס איז איהם דאָרט געבוירען געוואָרען איז שוין געווען א כלה און מען האָט געוואָרט אויף בעסערע צייטען מען זאָל קענען א חתונה פּראווען. דערווייל אבער האָבען זיך געשפּרייט ארום שטוב די צוויי הונדערט אקער לאנד כמעט אינגאנצען ניט קיין פערזעעטע. און וואו מען האָט יא עפּעס געזעעט, איז עס פון דער ערד ארויסגעקומען אינאיינעם מיט דעם ווילדען בוריאן. מיט אומעטע האָט פון די פעלדער געבלאָזען.

איך האָב יעדען בעגינען געמערקט פון מיין געלעגער, וואָס איז געווען מיט ליעבע אויסגעבעטעט אין מיטען שטוב אויף א גרוי־סער היימישער פּערענע, ווי פּאר'ן שטוב ארבייטען — פאָטער, מוטער און די כלה, צוגרייטענדיג מילכיקס פון די אייגענע פּאָר קיה, וואָס איז געלונגען מציל צו זיין. שכנים האָבען איהם מקנא געווען, ווייל ניט ביי יעדען איז אזא גליק געשעהן. קוקענדיג אויף די הייזער, בעטראכטענדיג אזא רחבות ארום, איז זיך גאָר שווער געווען פארצושטעלען, אז אין פיעל פון די הייזער איז מעגליך, אז עס פעלט אפשר אוים ברויט, פעלט אוים אביסעל מילך דעם טעפּעל צו פערזוייסען.

די גרופּע נומער איינס זעהט אויס ווי א רוסישער דאָרף. עס ציהען זיך אוועק ווייט די צוויי שורות הייזער מיט שטרוי געדעקט, אויף דעם זיד־רוסישען, דאָרפישען אופן, ס'איז דערפאר, וואָס ענטרעריאָס איז א געגענד פון ווייץ, דאריבער דעקען די אי־דען זייערע הייזער מיט שטרוי. דער עלטערער עולם דאָ איז גע־בליבען מיט זיין היימישען אויסזעהן — פּעסטע. זיד־רוסישע אי־דען — אפילו די שלעכטע צייט האָט זייערע פּעסטע טריט ניט אָב־געשוואכט. מיר איז אויסגעקומען זיך צו בעגעגנען מיט דער יו־גענד; רעדען, שמועסען; און מען מוז זאָגען, אז זעהר טיעפע

וואָרצלען האָט דער קאָלאָניסטישער גערדאנק פון זיך ארויסגעלאָזען אין יענעם געגענד. דער עולם אין באסאווילבאסא, איז א געקליבענער, א גלייכער און מיט א גלייכען ווילען. אפילו די שוהל־סיסטעם איז דאָ כמעט בעסער ווי אין אנדערע קאָלאָניעס, א דאנק די גוטע לעהרער וואָס זענען אויסגעוואקסען אין דער אייגענער קאָלאָניע; און דאס ביסעל אידיש־העברעאיש האָט דאָ אנ'אנדער פנים. ס'האָט מיר שטארק פערדראָסען, וואָס פון באסאווילבאסא קיין מאזעסוויל איז אזוי ווייט, אז גאנצע פינף און דרייסיג שעה דויערט מיט'ן באן צופאָהרען. ס'האָט זיך געבעטען, אז די צוויי קאָלאָניעס זאָלען אביסעל נאָהנטער שטעהן איינס צום אנדערען.

נאָך זייענדיג אין מאזעסוויל האָב איך געהערט פון דעם גרטען שם, וואס די מיידלאך פון ענטראריאס האָבען. עס רעכענט זיך א יחוס־זאך צו קלייבען פאר זיך א כלה פון דאָרטען. ניט מיט ווייניגער אכטונג אָבער רעדט מען אין באסאווילבאסא, צווישען דער יוגענד פון די מאזעסווילער אידישע טעכטער.

— ווען ניט אזא ווייטקייט...

זונטאג בעגינען בין איך אין בעגלייטונג פון א יונגען קאָלאָניסט ארויסגעפאָהרען אביסעל בעטראכטען די גרופּעס צו וועלכע דער וועג איז געווען טריקענער. מיר האָבען זיך אבגעשטעלט פאר'ן שטוב פון דעם קאָלאָניסט ר. א הויכער שווארצלעכער מיט א גרוילאך קליין בערדעל, איז ער גראדע געשטאַנען פאר'ן שטוב און ווי אויסגעקוקט אונז. מיין בעגלייטער האָט מיר נאָך אויפ'ן וועג דערצעהלט פון איהם, אז ער איז א משכיל און אידיאליסט, נאָר אויף גרויסע צרות, און שלים־מזל'דיג זעהט זיין הויז אין ערד אויס.

נאָכ'ן הייסען שלום־עליכם האָט ער גלייך, מיט א פייער אין די אויגען גענומען רעדען איבער זיין ליעבע צו ארגענטינע. ער איז גאָר אינגאנצען אינגער געווארען רעדענדיג פון ארגענטינע.

— זעהט הי ברייט און ווי שעהן! — האָט ער אויסגעברייט

זיין האנט צו דער בלאָטיגער געגענד — וואָס זיצען אידען אין דער פערשאָלטענער, פינסטערער רוסלאַנד? איך בין דאָ פריי. די גאַנצע וועלט איז מיינע. איך בין דאָ א פרייער בירגער. איהר ווייסט, וואָס עס מיינט צו זיין א פרייער בירגער?

אין דעם מאָמענט איז ארויסגעקומען זיין ווייב מיט צוויי אויסגעוואַשענע, אויסגעצוואָגענע קינדערלאך ביים האנט. ער איז שטיל געוואָרען. איך פרעג איהר ווי עס לעבט זיך.

— שווער און ביטער, מיין פריינד, זאָגט זי מיט א אידישען ציטער און שטימע.

— עט, א אידענע האָט ליעב צו קלאָגען, ווייס איך דאָרט וואָס און ווען, מאכט ער אביסעל פערשעמט, אָט קומט אריין אין שטוב וועט איהר אָנקוקען מיין ביבליאָטעק. איך האָב דאָ די שעהנסטע ביבליאטעק אין קאָלאָניע.

כ'האָב געפאָלגט. אין קליינעם שטיבעל איז געווען אויפגע־ראמט; מיט געלען זאמד אויסגעשאטען די אבגעקערטע פאדלאגע פון הוילער ערד. אין שטוב האָט זיך געהערט א שטארקער וויל־גאָטש. נידריג ביי דער ערד, אונטער די פענסטער, מיט דער גאנ־צער לענג פון דער וואנט, איז געווען פאָליצעס מיט פארהאנגלאך איבערגעצויגען. דאָרטען איז עס די ביבליאָטעק. מיט ליעבע האָט ער ארויסגענומען יעדען בוך, וואָס איז פון פייכטקייט פערשי־מעלט; מעהרסטען אין העברעאיש.

— די ביכער האלט איך ניט נאָר פאר זיך אליין — איהר זעהט? אָט לייענט...

און כ'האָב איבערגעלעזען אויף די פאדערבלעטער פון די בי־כער, אז דאָ בעקומט מען ביכער צום לעזען פראנק און פריי; עס ווערט בלויז איין זאך געבעטען, אז מען זאל די ביכער האלטען אין אָרדענונג און ניט פערגעסען צו ברענגען צוריק נאָכ'ן איבער־לעזען.

ער האָט מיר ביים געזעגענען זיך געגעבען זיין וויזיט־קארטע: אויף גוט פאפיר געדרוקט זיין נאָמען און פאמיליע און אונטער'ן

נאָמען מיט דיקע אותיות: אַ בירגער פון אַרגענ־
טינע — קאָלאָניסט.

דער עולם וויצעלט זיך אַמאָל איבער איהם:

— אַ פיינער מענש, — נאָר אַביסעל אינגעלש.

איך מוז אבער זאָגען, אז אומפאַהרענדיג איבער די קאָלאָ־
ניעס, אָדער אפילו אין שטאָדט פערברענגענדיג, האָב איך ניט
נאָר איין אַלטען בעגעגענט, וואָס רעדט מיט גרויס ליעבע פון
אַרגענטינע; לאַנד און רעגירונג, דאָס גוטע און דאָס בייזע —
אַלץ נעהמט מען אָן פאַר ליעב.

וואָס איז שייך צום יונגען דור; שוין דער געבוירענער, אָדער
אויפגעוואקסענער דאָרט — מיט אַ פייער אין די אויגען און מיט
אַ צערטליכקייט אין דער שטימע, רעדט דער יונגער דור פון
פאַטערלאַנד, וואָס הייסט אַרגענטינע.

---

22.

## דער היישריק.

ס'איז געווען אַרום האַלבען טאָג. איך בין געפאָהרען פון
בונעס־איירעס קיין מאָזעסוויל. די בלויע הימלען האָבען זיך
ווייט ווייט אויסגעשפּרייט איבער די אַרגענטינער סטעפּעס און
איבער די קליינע פּויער־הייזלאַך וואָס זענען אין די סטעפּעס
דאָ און דאָרט צוואַרפּען.

מיט אַמאָל האָט זיך עפּעס אָנגעהויבען צו מיגלען און
בלאַנקען אַנטקעגען די פענסטער פון אונזער צוג. צו ערשט האָב
איך געמיינט אַז אַ גרויסער, שיטערער שנעע איז עס אַרויסגע־
פאַלען אין מיטען העלען טאָג.

ס'איז אבער דאָך קיין שנעע ניט. איך קוק צו מיינע שכנים
אין וואַגאָן, עס רופט ביי זיי קיין שום אינטערעס ניט אַרויס. מיט

אמאָל, כ׳ווייס ניט ווי און דורך וואנען, ס׳איז אריינגעפלויגען אין וואגאָן א שמאָל־לאנג פישעלע, לאנג ווי דער מיטעלסטער פינגער פון א געוואוינליכער האנט. מיט זיינע שמאָל־לאנגע פליגעלאך האָט ער געבלאנקט אין לופטען ארויסגעבענדיג א שטילען פאפירענעם גערויש, פלאטערענדיג דורך דער לענג פון וואגאָן.

ס׳האָט זיך אָן עפּעס אָבגעשלאָגען און איז נעבען מיר, אויף דר׳ערד געפאלען.

כ׳האָב עס אויפגעהויבען און בעטראכט. די פליגעלאך זענען געווען צונויפגעלעגט אין דער לענג. גרין מיט א ברוינליכען קאָפּ, און פון אונטער די פליגעל שטרעקען ארויס צוויי לאנגע, לאנגע זענגעלאך. ס׳האָט ארויסגעלאָזען פון מויל אזא ברוינע פליסיגקייט און מיר די פינגער ווי מיט יאד אָבגעפארבט. רוהיג געזעסען ביי מיר אין האנט און גערוהט.

— הייסט עס, גוטער ברודער, ביזטו עס א לייבליכער קרוב פון יענעם היישריק דאָרט אין חומש און א גליד־שוועסטער־קינד פון יענע שפּרינגערלאך דאָרט אין די היימישע פעלדער און גערטנער !...

און קוקענדיג אויף דעם פערבלאָנדזשעטען היישריק, וואָס ביי מיר אין האנט, האָט מיך ארומגעכאפּט א זיסער אומעט. ווייט, ווייט פון די ארגענטינער סטעפּעס, אזש ביז צו די קינדער יאָהרען האָט עס מיך פערטראגען:

זומער־לעב. אין חדר איז היים. הינטערען פענסטער, אין גאָרטען מאכט עס : דזים־דזים; דזים־דזים... מיט אמאָל טוט א שפּרונג ארויס פון די קראָפּעווע, וואָס אונטען ביים פענסטער, א גרין שפּרינגערעל, בלייבט א ווײַלע שטעהן אויף׳ן אָפענעם פענסטער, בעטראכט דעם חדר און באלד פערשפּארט זיך עס מיט די הינטערשטע פיסלאך און — דזים, מיט א טרוקענעם גערויש פאלט עס דעם רב׳ן אויפ׳ן חומש. פון חומש גלייך צום רבי׳ן אין באָרד אריין פון דאָרט צו דער סטעליע און צוריק אויף דרויסען.

און, אז א אינגעל האָט זיך אמאָל צושניטען א פינגער האָ־בען זיך חברים געלאָזען אין גאָרטען אריין כאפּען די גרינגע שפרינגערלאַך און מיט דער ברוינער פליסיגקייט וואָס זיי לאָזען ארויס פון מויל... דעם חבר'ס וואונד בעשמירט.

און אין די קעשענעס האָט מען זיי בעהאלטען און ווען דער רבי האָט געכאפּט א דרעמעל האָט יעדער ארויסגענומען זיין שפרינגערעל און געלאָזען אויפ'ן טיש: — ווער־וועמעס ס'וועט ווייטער שפּרינגען. — — —

און קוקענדיג אויף דעם היישריק, וואָס ביי מיר אין האנט, האָב איך מיר פאָרגעשטעלט, אז דאָס איז א זיידע פון יענע שפרינגערלאַך.

מיט אמאָל איז דרויסען טונקעל געוואָרען. א געדיכטע כמאַ־רע האָט זיך פערצויגען אונטער'ן הימעל. אין די שויבען פון וואַ־גאָן האָבען זיך אָנגעהויבען אבצושלאָגען הונדערטער טויזענדער היישריקען פון די שוואכערע געווים. וואָרים די עיקר כמארע האָט געצויגען גאנץ הויך, אנגעקומען פון דער ריכטונג, וואוהין אונזער צוג האָט זיך געטראגען ביי א שעה צייט האָט מען די זון ניט גע־זעהן.

בעטראַכט ווי געהעריג האָב איך איהם אביסעל שפּעטער.

בעזוכענדיג איינע פון די קאָלאָניעס, וואָס ליגען אין דרום־זייט פון בונאס־איירעס, בין איך אין א פריהען פריהמאָרגען ארויסגעפאָהרען אין דער בעגלייטונג פון א יונגען קאָלאָניסט, צו בעקענען זיך מיט די ווייטע אבגעלעגטע קאָלאָניסטען. ס'איז געווען א קאלטער ארגענטינער ווינטער־פריהמארגען. א קאלטער טהוי איז געלעגען שווער אויף די פעלדער און געשיינט אין דער פריהמארגען־זון.

מיט אמאָל זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין א געגענד, וואו דער היישעריק איז נאָך געלעגען פון דער נאכט. דער פריה־מאָרגען איז געווען צו קאלט און, ווי עס ווייזט אויס, האָט מען זיך געפוילט פון אָרט צו ריהרען. דער טונקעל־גרינער קאָליר,

וואָס דאָס ארגענטינער פעלד האָט אין ווינטער איז פערשוואונ־דען, און אלץ איז געוואָרען מיט אמאָל גרינלעך ברוין. די בוימער ביים זייט וועג האָבען זייער נאטירליכען אויסזעהן פערלאָרען. די צווייגען האָבען זיך ממש געבויגען פון דער שווערער הייש־ריק־משא, וואָס האָט זיך ארום און ארום אָנגעקלעבט. ביי ביידע זייטען וועג, וואו ס'איז געוואקסען ווילדער בוריאן, איז דער היישריק געלעגען אפשר צוויי פוס די דיק. ווי פערגליווערט זיינען זיי געלעגען. אבער ווען מען האָט זיך נאָהענט צוגעבויגען, האָט מען געהערט דעם שטילען גערויש פון די זעגעלעך זייערע און גע־קאָנט בעמערקען ווי עס געהט אָן א סיסטעמאַטישע בעוועגונג און ווי די געוויקסען ווערען אויפגעפרעסען.

מיין בעגלייטער האָט דאָס פערד א קירעווע געטאָן אין היישריק אריין, און ביז די קניה האָט דאָס פערד אין די לעבעדיגע בעשעפענישען געטראָטען. זעהט אוים אז דאָס פערד איז שוין געוואוינט צו דעם; האָט בלויז די אויגען פערמאכט, ווען בונטעגוווייז האָט זיך דער היישעריק מיט א גערויש ארויסגע־ווירבעלט פון אונטער זיינע קאָפּיטעס און געראטעוועט זיך פון אונטערגאנג.

— אָט די וועלען שוין פון דאנען ניט אוועקפליהען — האָט מיין בעגלייטער דערקלערט. — דאָ זיינען זיי שוין געקומען זיך פּאָרען און לעגען אייעלעך. ביי א פּאָר וואָכען וועלען זיי זיך דאָ ארומקאָלאָטשען.

געוועהנליך קומט דער היישריק פון צפון־זייט פון די בראַ־זיליאנער געגענדען, וואו ער פרוכטפּערט זיך אין די זומפּיגע וועל־דער. א גאנצען טאָג ציהט ער מיט'ן ווינד קיין דרום, און ווען די זון הויבט אָן צו פערגעהן לאָזט ער זיך אראָב. אויף דעם פעלד, וואו מען בלייבט רוהען, ארבייט מען סיסטעמאַטיש די גאנצע נאכט. אלץ ווערט אויפגעגעסען. ניט נאָר די בלעטער, אפילו די קאָרע פון די בוימער שאנעוועט מען ניט. ווען די זון געהט אויף, עס ווערט ווארימער, יעמאָלט הויבט מען זיך אָן פּאמעלעך, מיט

א סדר, צו ריהרען. און כאַטש ער ליעגט א צוויי פוס דיק, דאָך מיט דער בעסטער אָרדנונג רייסט מען זיך אָב פון אָרט און די היישריק־כמארע ציהט ווייטער. ביז איינעם פערלאָזט מען די געגענד. קיין פוס בלייבט ניט.

און יעמאָלט, אויף וועמעס פעלד דער היישריק האָט גע־נעכטיגט, איז שוין — אז אַך און אז וועה צו זיין פּראַצע.

ווען עס קומט אבער אָן די צייט, אז דער היישריק בעדאַרף זיך פּאָרען, יעמאָלט פערלאָזט ער שוין ניט די געגענד אזוי גיך. ביי א צוויי וואָכען בלאָנקעט ער זיך אַרום אין דעם אייגענעם געגענד. נאָך דעם פּאָרען זיך שטאַרבען די „ער'ן" אויס און די „זי" לעגט איהרע אייעלעך — ביז נײַנציג שטיק אַמאָל — און בעגראָבט זיי אין דער ערד, אזוי אז זיי זאָלען זיכער זיין, און יעמאָלט שטאַרבט זי אויך אוועק.

דאָס איז שוין דאָס שלימסטע וואָס די קאָלאָניסטען קאָנען זיך ווינשען. וואָרים אויסער דעם, וואָס דער אַלטער דור האָט פאַר'ן שטאַרבען חרוב געמאַכט א וועלט, לאָזט ער נאָך זיך איי־בער א יונגען דור, וואָס פערענדיגט די אַרבייט פון די עלטערען.

ווען דער יונגער דור קומט אַרויס פון דער ערד, קאָן ער ניט פליהען. — דער „סאַלטאָן", אזוי הייסט ער אין שפּאַניש, עס מיינט: „דער שפּרינגער". יעמאָלט איז ער גרין און גרויס ווי אונ־זערע היימישע, כמעט אונשולדיגע שפּרינגערס, וואָס אין די גערט־נער.

אז די גאַנצע מחנה בריהט זיך אויס פון די אייעלעך און קומט אַרויס פון דער ערד, — ווי אַ גרינער וואַסער בעוועגט זיך די מחנה פּאַמעלעך איבער די פעלדער און ווי פון א גאָל־מעסער ווערט אַלץ אָבגעשניטען.

ווען דער גרינער שונא רוקט זיך אָן, כאַפּען די קאָלאָניס־טען און גראָבען אויס גראָבענס איהם אויפ'ן וועג. דער גראָבען ווערט פון היישריק פול און מען פערשיט איהם מיט ערד. אָבער ווי א טראָפּען אין ים איז עס. בלויז דאָס שטיקעל גערטענדעל

וואָסביים שטוב, וואו עס וואקסען גרינצייג, דאָס געלינגט אפשר יאָ אמאָל צו ראטעווען, ווען מען שטעלט ארום דעם גערטענ־דעל מיט הויכע גלאטע בלעכען און דער היישעריק, ניט קאָנענדיג זיך אויפהויבען, קריכען אויף די בלעכען קעהרט זיך אב א זייט.

אָט די גערטענדלעך פאר'ן שטוב ראטעוועט מען ווי ס'איז אָב אויך יעמאלט, ווען עס ציהט דער אלטער היישעריק און הויבט זיך אָן פארנאכט אראָבלאָזען אויף די פעלדער. יעמאָלט לאָזען זיך ארויס די הויזלייט מיט שמאטעס אָנגעבונדען אויף שטעקענס און מען לאָזט דעם היישעריק זיך ניט זעצען. מען צינדט עפּעס אָן, אז עס זאָל זיך רויכערען, אָדער מען קלאפּט אין בלעכען, אָבשרעקענדיג איהם מיט'ן גערויש.

אזוי ארום ארבייט מען א פּאָר שעה ביז עס ווערט נאכט און דער היישעריק האָט זיך שוין איינגאנצען אראָבגעלאָזען, בע־זעצט אביסעל ווייטער פון שטוב, יעמאָלט איז מען זיכער אז די פּאָר פרוכט־בוימלעך אונטער'ן פענסטער, אָדער די פּאָר בייטען מיט די גרינצייג וועלען גאַנץ בלייבען. אין פריהמאָרגען, אז מען שטעהט אויף געפינט מען די פעלדער ארום נאקעט, שווארץ, בלויז פאר'ן שטוב א גרינער פלעק.

אז די שפּרינגערלעך בעקומען זייערע פליגעל, איז יעמאָלט מיט דעם ערשטען און בעסטען ווינד, וואָס ציהט פון דרום, פליהען זיי אוועק אהין, פון וואנען די עלטערען זייערע זיינען געקומען.

אין די פריהערדיגע יאָהרען האָט די ארגענטינער רעגירונג אָנגענומען מיטלען, ווי אזוי פּטור צו ווערען פון אָט דער פּלאָג, אז דער היישריק האָט זיך אראָבגעלאָזען אויף דער ערד, האָט מען בעפוילען, די קאָלאָניסטען זאָלען זיך ארויסלאָזען און אריינשאַ־רען איהם אין זעק. טויזענטער זעק זענען אָנגעפילט געוואָרען און בעגראָבען געוואָרען אין דער ערד. די רעגירונג האָט געצאָהלט א געוויסען פּרייז פאר יעדען זעקעל וואָס איינער האָט אנגע־שארט, און אין דער שלעכטער צייט איז דאָס געווען א מין הכנסה פאר די קאָלאָניסטען.

די אלע מיטלען האָבן, ווי ס׳ווייזט זעהר ווייניג געהאָלפען, און מען האָט עס איינגאנצען אויפגעגעבען. ווי ס׳האָט מיר דער־קלערט א מענש, וואָס איז קלאָר מיט דער גאנצער לאגע, איז דער איינציגער מיטעל פערבליבען, מען זאָל אונטערצינדען די אלע וועלדער מיט די נעסטען, וואו דער היישריק פרוכפערט זיך; נאָר צוליעב געוויסע פאָליטיק־ענינים טוט עס די רעגירונג ניט.

איך וויים ניט, אויב ווירקליך צוליעב דער פערדאָרבענער פאָליטיק עקזעסטירט דער היישריק אין ארגענטינע. נאָר, אז צו־ליעב דעם היישריק ווערט פערדאָרבען די בעסטע האָפנונג פון אונ־זערע קאָלאָניסטען — דאָס איז א פאקט.

---

## 23.
## מאריצא.

די קאָלאָניע איז אינגאנצען א שעה ניין פון בונעם איירעס, ביי דער סטאנציע קארלס קאסאראס. ס׳איז אייגענטליך די ערשטע אידישע קאָלאָניע אין ארגענטינע, וואָס איז מיט אריבער צוואנציג יאהר צוריק, געגרינדעט געווארען דורך דער יק״א. דער גרונדשטיין פון דער יק״א׳ס טעטיגקייט איז דאָ געלעגט געוואָ־רען. די ערד איז פון דאָס בעסטע, וואָס ארגענטינע פערמאָגט; פון דער געגענד קוקט ארויס א מערקווירדיגע זאטקייט. אראנ־זשען און אלפאלפאָ, טאבאק און ווייץ, עפּעל און בארנעס אלץ וואקסט דאָ. און פונדעסטוועגען בין איך נאָך פון קיין שום קאָלאָניע ניט אוועקגעפאָהרען מיט אזא טרויעריגען געפיהל ווי פון מאריצא.

שווערע געדאנקען האָבען זיך מיר געפּליאנטערט אין קאָפּ און ניט ווילענדיג האָב איך געמוזט געדענקען די יק״א אויף איינעם פון די שלימסטע פונקטען וואָס זי האָט אין איהר אבמאך מיט די קאָלאָניסטען.

לויט דעם אבמאך מיט דער יק״א קען דער קאָלאָניסט ניט

ארויסבעקומען דעם קנין אויף דער ערד, וואָס ער בעאַרבייט, פאַר פינף און צוואַנציג יאָהר. כאָטש דער קאָלאָניסט איז רייך, איז אימשטאַנד אבצוצאָהלען פאַר אמאָל דעם גאַנצען חוב פונדעסט־וועגען ווערט ער גערעכענט אלס א פרעמדער אויף דער ערד, וואו ער האָט אזוי פיעל פּראַצע ארייגגעלעגט. די יק"א דער־קלערט עס מיט דעם, וואָס זי טרויט ניט אָן די ערד מענשען, וואָס האָבען צו איהר ניט קיין גרויסע ליעבע. זיצענדיג אויפ'ן לאַנד פינף און צוואַנציג יאָהר, געבוירען דאָרט קינדער, אויפציהען א דור — יעמאָלט וועט דער קאָלאָניסט זיין מסוגל צו ווערען א בעל הבית איבער צוויי הונדערט אקער לאַנד. פערשטעהט זיך, אז פון אָנ־הייב שטימט דער קאָלאָניסט איין אויף אלצדינג. אז עס געהן אבער פאַרביי א צעהן פופצעהן יאהר, עס ווילט זיך שוין ארויסזעהן די נחמה; קענען בעטראַכטען מיין שטוב, מיין פעלד — פאַר מיינס; אין א שווערע צייט באָרגען געלט אויף דער שטוב אָדער פעלד — וואקסט דער פערדרוס אין האַרצען אוים. אין די אנדערע זאַלטע קאָלאָניעס, ווי אין מאָזעסוויל, אדער אין די קאָלאָניעס פון ענט־ראַריאָס, וואו דער קאָלאָניסטישער עלעמענט בעשטעהט מיינס־טענס פון קינדער פון דער ערד, טראָגט מען איבער גאַנץ שטיל די גזרה פון די פינף און צוואַנציג יאָהר. אבער מאַריצא, וואָס ווערט בעטראַכט אלס דער בן־יחידל פון יק"א, און וואו דעם עולם, דעם גרונד מאַטריאל פאַר דער קאָלאָניע, האָבען באַראָן הירש אגענטען צונויפגעקליבען ערגעץ ארום קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל — דאָרטען איז שלעכט. דאָרטען האָט זיך דער עולם ארויפגעאַרבייט דורך דעם פעלד און שפּעטער זיך מיט'ן פּלייצע צום פעלד אויסגעדרעהט. די ערד גיט ארויס איהר שפע; און ס'איז גאָר ניט נויטיג אליין צו ארבייטען. אויפ'ן פעלד האָט מען בעזעצט שפּאַניער, איטאַליענער, זיי האָבען געאַרבייט און גע־טיילט זיך מיט דעם אידישען קאָלאָניסט, וואָס האָט זיך אין שטאָדט אריין פערקליבען.

ס'האָט זיך אָנגעהויבען א משפּט מיט יק"א. די קאָלאָניסטען

האָבען געפּאָדערט, אז די יק״א זאָל זיי פאר דער צייט ארויסגע־בען דעם קנין אויף דער ערד און יק״א האָט גע׳טענה׳ט, אז אויב די קאָלאָניסטען וועלען זיך ניט אומקערען צוריק אויפ׳ן לאנד און וואוינען אין די הייזער, וואס פּוסטעווען, וועט מען ביי זיי גאָר די ערד צונעהמען.

איך בין דורך דער קאָלאָניע געפאָהרען און געזוכט אידען אויף די פעלדער און זעלטען ווען כ׳האָב זיי געטראָפען.

כ׳האָב מיר אָבגעשטעלט ביי א גרויסע פּריצישע שטוב, געדיכט מיט פּרוכט בוימער ארומגערינגעלט. פאר׳ן שטוב האָט זיך ארומגעדרעט א בעטאקטע אידענע מיט א שטאָטישען אויסזעהן. אינוועניג אין הויז רייך געמעבלירט. אבער לעדיג. נישטאָ קיין מענשען:

דער מאַן געשטארבען. די קינדער אין יוניווערזיטעט. און זי אליין ווארט אויף דער צייט, ווען זי וועט קענען די ערד פער־קויפען און ארויסציהען אין שטאָט אריין. דאָס איז דער אלגעמיי־נער גייסט פון דער קאָלאָניע.

אין שטעדטעל קארלאס קאסאראס, וואָס ליגט א מייל זעקס פון דער קאָלאָניע וואוינען פיעל פון די קאָלאָניסטען, כ׳האָב מיר מיט זיי געטראָפען, געשמועסט און א שאָד איז מיר געווען, וואָס אזוי פיעל קאָלאָניסטישע קינדער פון מאזעסווילער געגענד, ריי־ווערא אָדער ענטראריאָס לעבצען צו בעזעצען זיך ערגעץ אויף א גוט שטיקעל ערד וואו די פּראצע זאָל זיין אנגעלעגט, אין דער צייט וואָס אין מאריצא משפּט׳ן זיך די קאָלאָניסטען מיט דער יק״א פאר וואָס מען וויל זיי מיט געוואלד פאר קאָלאָניסטען מא־כען; מיט געוואלד צום לאנד צובינדען.

אין שטעדטעל קארלאס־קאסאראס האָב איך געהאלטען א פּאָרטראג איבער אידען אויף דער וועלט. פיעל פון די קאָלאָ־ניסטען זענען געווען אנוועזענד. נאָכ׳ן פּארטראג איז צו מיר צו־געקומען א אידעל אין מיטעלען וואוקס, פּעסט געבויט, א געל בערדעל און מיט רויטע שוואכע אויגען. ער האָט מיר אבגעגעבען

שלום עליכם און איראָניש זיך געווענדעט:

— אייער דרשה איז גאַנץ גוט; אבער גלייכער וואָלט געווען, איהר זאָלט לערנען דעם עולם תכסיסי־מלחמה.

איך האָב דעם וויץ ניט פערשטאַנען. דער עולם ארום האָט זיך צולאַכט. אויף מאָרגען זיצענדיג ביים דאָקטאָר פון שטעד־טעל, איז פאַר'ן פענסטער דורכגעגאַנגען א שפּאַניער, מיט א פּאַרטעכעל די נאָז פערהאַנגען.

— איהר זעהט — האָט דער דאָקטאָר צו מיר געזאָגט — קוקט אָן אָט דעם שפּאַניער. א גזלן געווען. די אידישע קאָלאָניס־טען האָבען פאַר איהם געציטערט. ביז ער האָט אמאָל געהאַט א מלחמה מיט אָט דעם אידעל וואָס האָט אייך נעכטען געהייסען לערנען תכסיסי־מלחמה. דער רעזולטאַט איז געווען, אז דער אי־דעל, אין קאַמף, שוין ליגענדיג אויף דער ערד מיט א מעסער אין זייט, האָט ער זיך איינגעקלאַמערט אין זיין געגנער, דעם שפּאַ־ניער, און האָט איהם אבגעביסען די גאַנצע נאָז.

דעם אידען האָט מען די צולעכערטע זייט אויסגעהיילט. אבער דער שפּאַניער האָט צוזאַמען מיט זיין נאָז זיין הייסען טעמפּע־ראַמענט פערלאָרען; מיט א פּאַרטעכעל אויפ'ן נאָז געהט ער ארום, ווי א וואָרנונג צו זיינע פריינד, אז מיט א מאָריצער קאָלאָניסט טאָר מען זיך ניט שפּילען.

---

## 24.

## ארגענטינע און די מלחמה אין אייראָפּע.

ווייט, זעהר ווייט האָט זיך א מלחמה צופלאַקערט און דאָ, אין ארגענטינע, לאָזט זיך די מלחמה אזוי שטאַרק פיהלען, אז מען קען מיינען: — ניט אין אייראָפּע שלאָגט מען זיך, נאָר טאַקי ארגענטינע אליין איז פון א שונא איבערגעפאַלען געוואָרען.

אין די גאַסען פון דער הויפּטשטאָדט קאַכט און זידט. אַזוי פּיעל לעדיגגעהערם! פון וואַנען האָבען זיי זיך גענומען? פאַר די ציי־טונגס געביידען שטעהן טויזענדער מענשען מיט פעריסענע קעפּ און וואַרטען אויף די נייס וואָס וועלען יעדע ווײַלע אין די פענס־טער אַרויסגעשטעלט. אָבער ניט דאָס איז דער עיקר. עפּעס קומט פאָר טיעפער; אין דעם לעבען פון לאַנד האָט זיך אַ בייזער ווינט אַריינגעריסען. די אונבעהאָלפענקייט און אונזיכערקייט אין די איי־גענע קרעפטען פון די נייע, יונגע לענדער האָט זיך אָמשטאַרקס־טען אַרויסגעוויזען, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז ניט נאָר געלט און אַלע זאַכען וואָס מען בע־קומט פאַר געלט שאַפט די יונגע אַרגענטינע אויס פון דער אַל־טער איירָאָפּע, נאָר אַפילו די לופט ווערט פון דאָרט אַריבערגע־בראַכט. עפּעס אַ מין וואָלקען האָט זיך איבער׳ן לאַנד אַריבערגע־צויגען; אַ כמאַרע האָט זיך איבער אַלעמענס קעפּ אַראָבגעבוי־גען. אין אַ ווילדער פּאַניק, לאָזט זיך דער עולם אַרויסנעהמען פון די בענק, יעדערער זיין שטיקעל פערמעגען. מענשען־שורות אויף מיילען לאַנג ציהען זיך אַוועק פון דער אָפענער באַנק־טיר ביז אין די זייטיגע גאַסען אַרויס. מען שטופּט זיך, מען שלאָגט זיך. היס־טעריקעס. איין באַנק שוין געפּלאַצט. די אַנדערע האַלט ביים פּלאַצען. געשעפטען פערמאַכען זיך. מענשען וואָלטען וועלען אַנט־לויפען ניט וויסענדיג אַליין וואוהין. אַרגענטינער געלט פאַלט. מסתמא האָט מען בעדאַרפט בעקומען אַן הלואה פון ענגלאַנד, און איצטער האָט מען אָבגעזאָגט. אפשר אַ געוויסע הנחה פון דייטש־לאַנד, און איצטער איז עס מיט׳ן ווינט פערפלויגען.

די אידישע גאַס איז נישט צו דערקענען, האָט אינגאַנצען דעם קוראַזש פערלאָרען; די אַלגעמיינע שווערע צייט האָט מיט אַמאָל דעם כאַראַקטער געביטען. פערשוואונדען די האָפנונג, אַז די צייט וועט אויף אַ נאַטירליכען אופן זיך פערבעסערן, ווען געראַטע־נישען אין לאַנד וועלען זיך אָנהויבען; אַלץ האָט זיך אומגעווענדט מיט׳ן פּנים צו דער ווייטער איירָאָפּע, פון דאָרט קומט דאָס אומ־

גליק און פֿון דאָרטען װעט די ישועה קומען — כאָטש מען װײסט ניט װען.

כאָטש די שלעכטע צײטען ציהען זיך דאָ שױן א מעשה פֿון דרײ יאָהר און די מלחמה איז אינגאנצען דרײ װאָכען אלט, דאָך װערט שױן דער גאנצער בלבול אױף דער מלחמה ארױפֿגעװאָר־פֿען; די רעגירונג שעהמט זיך ניט עפֿענטליך אזעלכע מעשות צו דערצעהלען.

איך פֿאל אלײן אױך ארײן אין דעם אלגעמײנעם שטראָם, די אלװעלטליכע היסטערישע אונרוהיגקײט בעהערשט מיך און איך בעשטים זיך צו לאָזען פֿון דאנען. מײנע גרױסע רײזע פּלענער, די גאנצע װעלט ארומצורײזען װערען װי שױם צורונען. מיט א שװער געמיטה קלײב איך צונױף מײנע פּעקלאך און אביסעל צו־רודערטע געדאנקען און נערװען און לאָז מיר קײן בראזיל, כאָטש נאָהנטער זײן אביסעל צו דער אלטער װעלט, װאָס געהט איצטער פֿון זינען אראָב.

און עס פֿערדריסט מיך שטארק, זעהר שטארק, װאָס אין אזא שלעכטער צײט האָב איך ארגענטינע בעזוכט; װאָס אין אזא שלעכטער צײט האָב איך בעזוכט א לאנד, װאוהין קינדער פֿון דער אלטער װעלט האָבען אזױ פֿיעל האָפֿנונגען אריבערגעטראָגען; א לאנד װאו מיר אידען האָבען אזױ פֿיעל האָפֿנונג פֿערשװענדעט, ענערגיע און כח אױסגעבראכט.

דאָך װאָס פֿאר א לאנד איז ארגענטינע?

ארגענטינע איז א לאנד, װאוהין מענשען פֿאָהרען גליקען זו־כען. זעלטען װען ס'פֿאָהרט אהין אימעצער ברױט צו פֿערדינען. װאָרים ברױט זוכען לאָזט מען דאָך זיך ניט אזױ װײט.

און אפֿשר האָבען א סך טאַקי געפֿונען, װאָס זײ האָבען גע־זוכט. ס'איז געװען אמאָל.

איצטער אָבער זענען די צײטען שלעכט און איבער'ן לאנד איז קײן ברױט נישטאָ. די מלחמה איז אין דעם ניט שולדיג. עס ציהט זיך שױן דער קריזיס באלד דרײ יאָהר, נאָר די מלחמה האָט

געבראכט דערצו, אז די הונגעריגע האָבען זיך אין די גאַסען בעווי־זען.

די פיהרער פון דער שטאָדט בונעס איירעס, וואָס שיטען מי־ליאָנען די הויפט־גאַסען שענער צו מאכען, מוזען איצטער ביליגע קיכען עפענען פאר דעם הונגעריגען עולם; דערשראקען קוקען זיי צו די מחנות, וואָס שטעהן אָנגעשפּארט אן די ווענט פון די מאַ־סיווע הייזער אויף די הויפט־גאַסען און שטרעקען אויס די הענט, בעטען א נדבה.

— אזעלכעס געדענקט גאר ניט דאָס לאנד, וואונדערען זיך מענשען.

עס בעדארף אבער קיין וואונדער ניט זיין. א לאנד, וואָס זאָגט צו גליקען בעדארף אין דער אייגענער צייט ניט פארגעסען צו בעזארגען טאָרבעס פאר די בעטלער.

וואָס איז די סבה? איז ארגענטינע א שלעכט לאנד?

ניין. דאָס לאנד איז גוט. גרויס. נאָר דאָס וואָס ביי אונז איז גוט און זיכער איז אין ארגענטינע גאַנץ אָפט שלעכט און פערשווינדעלט.

אינדוסטריע איז שוואך ענטוויקעלט. די גרויסע שטאָדט פע־דעלט מיט אייראָפּייאישע סחורות און צאָהלט מיט די תבואות פון פעלד, וואו דער פויער ווערט פערשווארצט.

— ווער עס בעארבייט זיין ערד, דער וועט שטענדיג האָבען ברויט צו זאַט. אזוי פיהרט זיך אין דער אלטער וועלט.

אָבער אין ארגענטינע איז עס ניט גילטיג. פערנעהמען זיך מיט ערד־ארבייט, זעען און פלאַנצען — דאָס איז זעהר אָפט שווינדעל און קיין ב ר ו י ט איז דאפון ניטאָ.

ווייל ברויט עסט מען פון א קליין שטיקעל ערד און אין ארגענטינע מוז מען האָבען א סך ערד, גאנצע שטרעקעס בעאר־בייטען כדי מען זאָל די ארבייט ארויסזעהן. די נאַטור איז ווילד און עקשנ׳ט זיך, די ברכות קומען ניט אין דער צייט און ווערען אין קללות פערוואַנדעלט:

רעגענס קומען ניט אין דער צייט און ניט אין דער מאָס.

דער פראָסט פערשפעטיגט זיך גאַנץ אָפט און קומט ניט אין ווינטער, ווען די תבואה איז אויפגעגאַנגען און נויטיגט זיך, אז דער גראָז זאָל ניט צופיעל שלאָגען פון דער ערד ארויס — נאָר דוקא יעמאָלט, ווען די תבואה בליהט און בעדאַרף וואַרימקייט און זון־שיין.

אין דער צייט קומט בלויז דער היישריק. אין דער צייט — קומט דער האָגעל. אין דער צייט קומען בלויז די שטורם־ווינטען פון דרום־זייט. וואָרים ווען זיי זאָלען ניט קומען, געפינען זיי וואס צו פערניכטען.

דאריבער מוז דער ערד־ארבייטער שפּילען ווי אין קאָרטען מיט זיין ארבייט. ער מוז האָבען א סך ערד כדי ער זאָל קענען ספּעקולירען:

אויף א טייל זעט ער ווייץ, אויף א טייל — ליאָן; אויף א טייל — מאַיס און טראַכט אזוי דאַביי:

ווען דער היישריק קומען און אויפעסען די ווייץ, וועט נאָך דער ליאָן נאָך ניט האָבען אויפגעגאַנגען פון דער ערד; וועט דער פּראָסט אויספרירען מיינע ווייץ אין דער צייט פון בליהען — האָב איך דאָך די מאַיס — און אזוי רעכענענדיג בעארבייט דער פּויער א פּאָר הונדערט אקער לאַנד. שווערע פּראַצעס און גרויסע הוצאות ווערט אין דער ערד אריינגעלעגט. געוואַרט אויף א גליק און — בלייבט זעהר אָפט אָהן ברויט.

און אבגעגעבען זיך מיט קליינע לאַנדווירטשאַפט, ברויט צו עסען — אלס אויסנאַם קען עס געמאָלט זיין אבער אלס א כלל —שווער. ארגענטינע פערנעהמט א שטח פון א מיליאָן מיט הונדערט ניין און דרייסיג טויזענד קוואַדראַט מייל און אין לאַנד איז איצ־טער אלואי דאָ ארום זיבען מיליאָן מענשען. א גוטע העלפט איז קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעדט. דער דאָרפס־מאַן איז אזוי ווייט פון שטאָדט און אזוי פערוואָרפען, אז ער קען גאָר מיט זיינע

פראָדוקטען צום שטאָדט ניט דערלאַנגען. און זעהר וועניג ווערט דאריבער געזאָרגט.

ארגענטינע פוילט זיך ניט צו ברענגען איהרע פראָדוקטען פאר'ן „טעפּיל" אזש פון שפּאניען. צוועלף שעה רייזע פון בונעס איירעס קאסט א ליטרע מילך צוויי סענטאוור און אין בונעס איי־רעס — גאנצע צוואנציג!

איך רעד איצטער ניט ספּעציעל וועגען אונזערע אידישע אינטערעסען, ס'איז וויכטיג צו דערצעהלען, אז אייראָפּע האָט אין ארגענטינע מעהר קרבנות געבראכט פון אונז אידען. אייראָפּע אליין איז דאָ אין דעם ענין פערשווינדעלט. וואָרים, אז איהר לעזט די אָפּיציעלע בעריכטען וואָס ווערען פון דער ארגענטינער רעגירונג ארויסגעגעבען; ווען איהר לעזט די פערשיעדענע איי־לוסטרירטע ביכער וואָס ליגען אין די גרויסע אייראָפּעאישע האָ־טעלען, אָדער אין די לעזע־זאַלען אויף די שיפען — אז איהר לעזט עס אלעס און קוקט צו די פאטאָגראפישע בילדער — איז עס טאקי שעהן, און ס'איז דאָך כמעט אמת אלץ וואָס אין די ביכער איז פאראַן:

די געגענד ביי קארדובא איז טאקי שעהן; בונעס איירעס איז א ריזיגע שטאָדט, אזוי פיעל און אזוי פיעל ברויט און פלייש איז פאר דער וועלט ארויסגעשיקט געוואָרען — אלץ אמת — ס'האָט אבער מיט דעם ארימען איינוואנדערער ניט צו טאָן. די אלע אגי־טאציעס ווערען געמאכט ניט בלויז פון ארגענטינע אליין. פעלקער פון דער אלטער וועלט האָבען אין דעם אנ'אינטערעס: צו ענגלאנד געהערען אלע אייזענבאנען אין לאנד. בעדארף זי דאָך האָבען ווער עס זאָל פאהרען און פאר רייזע־קאָסטען בעצאָהלען.

דייטשלאנד האָט איהרע שיפס־קאָמפּאניעס, בעדארף מען דאָך זעהן, אז מענשען זאָלען פאָהרען; פריהער פיהרט מען די אימי־ראנטען אהין און שפּעטער וועט מען זיי דאָך פיהרען צוריק. וואָ־רים אין דער לעצטער צייט, ס'הייסט פאר'ן קריג זענען די שיפען קיין ארגענטינע געגאנגען פּוסט און די שיפען פון ארגענטינע —

געפּאַקט מיט מענשען ווי הערינג אין אַ פאַס. ענגלענדער און דייַ־טשען האָבען זיך טאַקע געקליגט אין די בעסערע צייטען צו פער־כאַפּען די בעסטע שטיקער לאַנד — גוטע לאַנד איז אין אַרגענ־טינע גענוג פאַראַן. אָבער דאָס געהערט צו וועמען איהר ווילט, נאָר ניט צו דער אַרגענטינער רעגירונג; ניט די וואָס פאַהרען קיין אַרגענטינע די ערד בעאַרבייטען און ברויט עסען — קענען זיך צו גוטע ערד דערשלאָגען.

פערגעסט ניט, אַז אַרגענטינע האָט אַמאָל געהערט צו שפּאַ־נישע פּריצים. האָט זיך אָנגעהויבען אַ היסטאָריע פון בעפרייַען זיך. פאָלקס־גבורים האָבען מלחמות געפיהרט מיט וועמען איהר ווילט. אפילו מיט ענגלאַנד אויך, וואָס האָט געפּרובט ס׳מזל מיט געוועהר־פרייהייט האָט מען געוואונען. בעפרייט זיך פון אַלע אויסערליכע מלוכות און כחות. און ווען ס׳איז געוואָרען מיט מזל אַן׳אייגענע רעגירונג האָט מען אָנגעהויבען צו טיילען מתנות די פאָלקס־העלדען. איינעם אַ גאַנצע פּראָווינץ; דעם אַנדערען דעם שענסטען און בעסטען ווינקעל; דעם דריטען די פּרוכטבאַרע גע־גענד. די העלדען זענען געשטאָרבען האָבען זיי דאָך יורשים געלאָזען. פאַר דער רעגירונג איז אויך גענוג געבליבען:

אַלע געדיכטע וועלדער, וואָס מען קען דורך זיי ניט דורכ־קריכען, אַלע זאַמדיגע געגענדען וואו די ווינטען הוליען טאָג איין טאָג אויס; אַלע נידריגע ערטער, וואָס ווערט פון יעדען רע־גען פערטרונקען; אַלע נעסטען וואו דער היישריק פרוכפּערט זיך.

און דאָס, וואָס די ענגלענדער האָבען ניט געקענט בעקומען דורך דעם שווערד מיט אַריבער הונדערט יאָהר צוריק, האָט זי עס בעקומען שפּעטער פאַר געלד, פאַר פ ל אַ נ צ ע ן ק ו ל ט ו ר און פאַר אַ גוטע עצה.

ביי איצטיגע צייטען גיט די רעגירונג אַרויס שעהנע ביכער און פערשפּרייט זיי אין אייראָפּע, דרוקענדיג בילדער פון די ענג־לישע קאָלאָניעס. אָבער וואוהין שיקט זי דעם אימיגראַנט וואָס קומט אויף איהר רוף? זי פערשיקט זיי אין כף־הקלע. גיט זיי

גרויסע שטיקער ערד מיט זומפען, מיט וועלדער, מיט זאמדען. דער פויער, וואס איז אין אייראָפּע זשעדנע געווען א שפּאן ערד, ווערט פערגאפּט קוקענדיג אויף דער רחבות און פערגעסט אויף א ווײַלע אין אלע זאכען; אזוי פערגעסענדיג זיך, רייסט ער אויף די ערד, פארזעט ברויט, ווארט און ווארט און פון דער ערד קומט דער דלות ארויס.

שפּאניען שיקט איהרע טעכטער און זיהן קיין ארגענטינע. ס'איז דאָך א געוועהנליכע זאך געווען. איהר לאנד, איהר שפּראך. דאצו פערדינגען זיך איהרע קינדער אין שטאָדט. אין שטאָדט איז דאָ גענוג פּלאַץ פאר דיענסט־מיידלעך, דיענסט־יונגען, קינדער שי־קען קליינגעלט א היים.

איטאַליען אָבער, וואָס איהרע לייט פאָהרען דיענען דער מו־טער ערד, מאכט דאָרט שוין גאר קיין גליקען ניט ביי די לעצטע צייטען. און אויף וויפיעל מיר איז בעקאנט האָט זיך ארומגעטראָ־גען א געדאנק ביי דער איטאַליענישער רעגירונג, אז זי זאָל פאר־ווערען איהרע קינדער צו אימיגרירען קיין ארגענטינע.

— פון ארגענטינע ווערט דאָך פאר דער גרויסער וועלט אזוי פיעל פלייש ארויסגעפיהרט, איז דאָך מן הסתם אזוי פיעל בהמות אין לאנד פאראן; איז דאָך געווים זעהר פיעל פּאשע פאראן וואו אָט די געוואַלדיגע מחנות פיער־פיסיגע ווערען דערצויגען?

ס'איז אלץ אמת, גרויסע מחנות בהמות געהן אום דאָרט וואו גרויסע שטיקער גוטע פּאשע איז פאראן — און אזעלכע שטי־קער לאנד געהערען שוין, ווי כ'האָב אויבען געזאָגט, צו גוטע לייט. אין די היינטיגע צייטען, איז טאָמער האָט אימעצער אויס־געארבייט זיין פעלד, אז גראז גוטע אָדער לוצערען זאָלען וואק־סען — בעדארף מען דאָך בהמות האָבען. אָקסען וואקסען פון דער ערד ניט ארויס. —

אָבער דאָך איז פיהצוכט די איינציגע בעשעפטיגונג מעהר אָדער ווייניגער זיכער געווען ביז די לעצטע דריי יאָהר.

ווען צוויי יאָהר געהט קיין רעגען ניט, פאלען אלע בהמות

אויס אין די העכערע ערטער. און, ווען גאנצע אכט חדשים גיסט כסדר רעגען — ווערען די בהמות דערטרונקען אין די פלאכע ער־טער. און אזוי איז עס געשעהן אין די לעצטע פאר יאהר. און דא־ריבער זענען איצטער טאקע אזעלכע שלעכטע צייטען אין ארגענ־טינע, פון וועלכע אלע רעדען שוין. און דאריבער קוקט די שטאדט דארט מיט שרעק צום פעלד פון וואנען דער דלות קומט צייט דריי יאהר כסדר. די שטאדט האט זיך פון דעם גאר ניט לאנג דער־וואוסט, אבער אין פעלד האט מען זעלטען ווען ברויט. געגעסען מיט א רוהיגען קאפ. אין שטאדט, וואו די רעגירונג זיצט האט מען דא־פון ווינציג געטראכט. די שטאדט האט געשווינדעלט אויפ'ן חשבון פון דעם ארימען שלים־מזל'דיגען פויער.

פאלש איז דער בעגריף, אז ארגענטינע איז א לאנד וואו־הין מען קען זיך לאזען גליק זוכען.

ארגענטינע איז אבער דאך א לאנד, וואוהין מענשען קענען זיך לאזען ברויט זוכען; ווי ס'איז פרייער א לעבען צו מאכען.

ווארום נאריש וועט דאך זיין, ווען איך וועל ארויסטראגען א שלעכטע מיינונג פון א לאנד, וואס פערנעהמט א שטח פון א מיליאן מיט ניין און דרייסיג טויזענד קוואדראט מייל, וואו דער קלימאט איז אזוי גוט ווי אין צענטראל אייראפא, די ערד איז אזוי פעט און פרוכטבאר ווי זיד רוסלאנד, אדער מיטעל וועסט פון די פעראייניגטע שטאטען.

ס'איז דאך זעהר מעגליך, אז די רעגירונג פון'ם יונגען לאנד וועט טאן דאס נויטיגע, וואס עס פאדערט זיך פון איהר, אז זי זאל עס טאן און די לאגע וועט זיך אינגאנצען ענדערען:

— מען וועט דעם היישריק דאך אויסראטען.

— מען וועט דורכפיהרען גוטע קאנאלעזאציע איבער'ן לאנד, אז די איבערפלייצונגען און די טריקענישען זאלען ניט האבען אזא שרעקליכע ווירקונג.

— מען וועט צונעהמען די געוואלדיגע שטרעקעס בעסטע לאנד, וואס ליגט אין די הענט פון „יורשים“, אלץ מתנות וואס די

אמאליגע בעפרייער, זייערע טאטעס, האבען עס פון דער רעגי־רונג אין די אלטע צייטען בעקומען — און אט די גאנצע פראַ־ווינצען פערכאפּטע, עס פערקויפען פאר מעסיגע פרייזען צו אלע וואס ווילען ברויט עסען, אנ׳ארענטליכען שעהנעם לעבען מאכען.

פריהער אדער שפּעטער וועט דאך עס געטאן ווערען און מענשען וועלען זיך אהין ווידער ציהען פון אלע עקען וועלט, כאטש איצטער, ווען איך האב דאס לאנד בעזוכט זענען די שיפען קיין ארגענטינע געגאנגען לעדיגע און צוריק — געפּאקטע מיט מענשען, וואס האבען אין יונגען לאנד כחות און האפנונגען פער־לארען.

אויך מיר, אידען, טארען אויף א ווײלע ניט פערגעסען, אז אנ׳ערענסטער פונדאמענט איז דא, אין ארגענטינע, שוין געלעגט געווארען פאר א בעדייטענדען אידישען ישוב.

---

## 25.

## בראזיליען.

פון אונטער א לייכטען ווייס־גרויליכען נעפּיל־שלייער הויבט אן ארויסצובליקען א בערגיגער פאס לאנד. עס בעווייזען זיך, דארט, וואו דער הימעל מיט׳ן ים קומט זיך צונויף, די ברעגעס פון בראזיליען. הויכע, בעוועלדערטע און צובראכענע שטרעקעס ציהען זיך אוועק אויף רעכטס און אויף לינקס; גאר נידריג ביים צופוסען שוימען נאך די כוואליעס אין דעם לעצטען געלויף און אויבען שפּרייטען זיך די גרינע קאלירען פון דעם אייביג גרינעם לאנד. אכטצעהן טעג האט מיך די שיף געטראגען פון ווייטען צפון און ס׳הארץ קלאפּט הויך, אנטקעגען דעם אונבעקאנטען ברעג אין דעם ווייטען דרום.

די אייביג־גרינע לענדער!

א קינד פון ווייטען צפון זעהט זיי בלויז אין חלום. און אין די קאלטע ווינטער־אבענדען, ווען ווייס איז די וועלט ארום, אז אפילו די נאכט קען די ווייסקייט ניט פערדעקען; נאקעט, שטייף, שטיל און ערנסט שטעהען די בוימער, און די אייגענע שטארע ערנסטקייט האט זיך צו דיר אין הארצען אריינגעקליבען — דארט אין קאל־טען צפון, וואס קען יעמאלט דיין הארץ צארטער מאכען, אויב ניט א חלום פון אן אייביג־גרין לאנד?

און אז דער שווערער געמיטה הויבט אן צו פרעסען, שווער ווערט דאס לעבען, שווער זיינען די קייטען אויף די פיס — צו די אייביג גרינע לענדער רייסט זיך אונזער נשמה.

שעהנער איז דארט געווים דאס לעבען! — אזוי חלום'ט ס'הארץ פון ווייטען.

יא. אפשר האט עס ווירקליך אזוי בעדארפט זיין. דער צוואנ־ציגסטער יאהרהונדערט אבער האט א סוף געמאכט צו פיעל שעה־נע חלומות.

ניט קיין וואלד מיידען מיט זייער נאקעטער שעהנקייט טראַ־גען זיך אום אין די אייביג־גרינע וועלדער און ניט צום ברעג ים קומען זיי ארוים זייערע לייבער באַדען.

ערגעץ פון צווישען די בוימער קלויבט זיך ארוים א רויך־זייל און ווערט מיט'ן לייכטען נעביל צוזאמענגעגאסען.

ניט קיין פערבארגענע גאטעס־דיענסט קומט דארט פאר, וואו די שעהנקייט פון'ם לאנד האט זיך פאר א מזבח געבויגען. — אייזען, מיין פריינד, שמעלצט מען דארטען געווים; אדער אפשר איז גאר דארט א פאבריק פון לאקשען, אויפגעבויט פון א קינד פון איטאליען — וואו אין אלטע צייטען, זאגט מען, זיינען געטער אויף דער ערד ארומגעגאנגען.

מען דערצעהלט, אז אין בראזיל האט א האלץ־העקער געגנ־מען אויסהאקען א בוים. דער שטערען איז איהם פערשוויצט גע־ווארען. האט ער זיין היטעל אראבגענומען פון קאפ און אויפגע־האנגען אויף א צווייג פון שכנישען בוים. אז ער איז פארטיג גע־

וואָרען מיט זיין ארבייט און געוואָלט אנטאָן צוריק זיין היטעל, האָט ער צו איהר ניט געקענט דערלאנגען : אזוי הויך איז דער בוים פאר א קליינע ווײלע אויסגעוואקסען !...

שנעל וואקסען דאָ די בוימער. ס'איז דערפאר, וואָס די לופט איז דאָ ווארים און פייכט. באָד־מעסיג. און בוימער פרוכט־פערען זיך, גרינען, גרינען אָהן א סוף. געוויקסען הויבען זיך פון דער ערד און פלאָנטערען זיך איינער אין אנדערען.

ווי אין א באָד ווארים.

און אהער איז די ציוויליזאציאָן אראָבגעקומען פון דער אל־טער וועלט אין איהרע ווינטערדיגע, וואטענע קליידער. און דערי־בער דריקט א טרויער־געפיהל דיין הארץ.

ווי דער שוים פון די כוואַליעס ביים ברעג, אזוי ווערען צו־פלאָסען אלע חלומות ווען דיין פוס טרעט איבער דעם שוועל פון לאנד. ווייל דאָרט, וואו די בוימער גרינען צום שעהנסטען, דאָרט שוויצט די מענשהייט צום שטארקסטען. און דער ריח פון מענשען־שוויים בייסט אין נאָז באלד ווי דיין פוס בעריהרט דעם שטויב פון יענעם לאנד.

גרין, גרין און גרין זיינען די בערג ארום דיר. עס צוצווייגט זיך און צושפרייט זיך יעדער בוים און איין צווייג וויל דעם אנ־דערען מיט זיין גרינקייט איבערשטייגען — אזוי איז, ווען דו קוקסט צו די בערג.

שווארץ און ברוין, נאריש און גרוי און מיט שוויים בעפע־רילט טראָגען זיך פאר דיר די קולטור־טרעגער דורך די ווייך־צו־קאָכטע און פערשוויצטע אספאלט גאסען — אזוי איז, ווען דו קוקסט נידריגער.

אז איהר ווילט אמאָל אין דער אלטער וועלט, זאָלען מיר זאָגען, אין בערלין אָדער אין לאָנדאָן, פרובירען דאָרט אויסגע־פינען דעם גרענעץ צווישען ציוויליזאציאָן און גאלאנטריי־סחורה, עס וועט זיך אייך ניט איינגעבען. ווארים דער ענגער, שטייפער

קראַנגען איז דאָך שעהן, דער שעהנער און פיינער געוואַנטענער ראַק — וואָס איז דאָ פאַראַן צו צווייפלען?

— די מאָס פון קולטור!

אין דעם גרעסטען גאַלאַנטעריי־געשעפט, פון פאַליצע ביז פאַליצע, פון סטעגליע ביז דר'ערד — קולטור! איהר צווייפעלט גאַרנישט אין דעם.

אָבער דאָ אין בראַזיל ווערט דער שטייפער קראַגען פון שוויים צעווייקט. און וואָס מעהר די מאַשין פון דער אַלטער וועלט האָט דאָ אָנגעהויבען שאַפען פאַרמען פאַר'ן לעבען, אַלץ מעהר ווערט דאָס לעבען נאַרישער.

ווייסט איהר ווי אַזוי אַ מענש ווערט דאָ געבוירען? וואַקסט אויס? שלאַנק, מיט צאַרטע שטריכען, בויגיג און לאַנגזאַמע בע־וועגונגען און ס'פּנים „קאַווע מיט מילך"־קאָליר. אַ מאָל מעהר מילך און אַ מאָל ווינציגער מילך אין פּנים — און דער עיקר, דער ה״פט־שטריך אין איהם — ער איז דאָס, וואָס מיר רופען אָן — „פויל". אין דעם איז די לופט שולדיג. פאַמעלאַך און מיט אַ ניגון רעדט דער איינגעבוירענער אין בראַזיל, און טאַנירט מיט'ן האַנד זיינע רייד. דאָס ליעבסטע פון זיינע מאכלים איז בעבלאַך מיט רייז און אויסגעקעכטען מיט קאַקאַרוזע־מעהל. בעשיידען און, אַז אַרום גרינען די בוימער און פויגעלאַך פּישטשען און ס'איז זעהר וואַרים: ניט חלילה הייס, נאָר זעהר, זעהר וואַרים — האָט מען אײזענבאַהנען דאָרט איינגעפיהרט. ענגלאַנד, פערשטעהט זיך, און אַזוי ווערט די גאַלאַנטעריי־סחורה געפיהרט פון אָרט צו אָרט.

אַז מען האָט דורכגעשניטען די בערג און דער ערשטער לאָ־קאָמאָטיף האָט זיך געטראַגען אויף די שטאָלענע רעלסען, האָבען די איינגעבאָרענע לייט געוואָלט מיט'ן ברוסט דעם וועג פערשטע־לען: דעם שטאָלענעם שונא האָבען זיי דעם וועג געוואָלט פער־שטעלען. איך בין מיט יענער אייזענבאַהן געפאָהרען. יענע מענ־שען, וואָס האָבען געוואָלט זיך שטעלען אנטקעגען דער ציוויליזאַ־ציע — זיי זיינען שוין אָבער ניט געווען. זיי ארבייטען איצטער

אין די שטאָדט־פאבריקען און אז עס קומט דער ליעבער יום־טוב, טוט מען אָן ענגע, געפּרעסטע קעלנער און ווארימע טוכענע קליי־ דער און מען טראַכט מיט דרך ארץ פון דער אלטער וועלט.

און אז מען האָט בעדארפט אין ערגעץ בריקען בויען, ענג־ לענדער האָבען עס בעדארפט בויען, איז ניט געווען מיט וועמען. פיהרען מענשען פון ענגלאנד איז טייער און ניט בעקוועם. און דאָ? אָן אָרטיגען מענשען?

— עס וואקסען באנאנען, עס וואקסען אפּעלסינען; מיט א שטעקען די ערד צוגראבעלט, פארזעט א ביסעל טאבאק, פאר־ זעט א ביסעל קאָקורוזע און ס׳איז פאראן חיונה — פוילט זיך דער איינגעבאָרענער פון אָרט צו ריהרען. מיט א צוקער־שטעקען אין מויל זיצט ער זיך פאר׳ן שוועל פון זיין ליימענע הייזעל און נאָגט ארוים פון שטעקען דעם זיסען זאפט — וואָס בעדארף ער זיין גוף ברעכען און שלעפּען שווערע שטיינער פאר אַ ענגלישען בריק?

האָט מען זיך אָבער געקליגט. גע׳פּועל׳ט ביים גאווערנאר פון יענעם געגענד, ער זאָל בעפוילען אויסצוהאקען אלע אפּעלסין־ בוימער, אויסצוואווארצלען אלע צוקער־שטעקענס:

— מענשען בעדארפען פערדינען אויף ברויט. אזוי פערלאנגט דער שליח פון דער ציוויליזירטער וועלט. — מיט געוואלד גע־ צוואונגען געלד צו פערדיענען.

איהר ווייסט, אז דעם בראזיליאנער רופט מען „מאקאקאָ“. ס׳מיינט מאלפּע. אין בראזיליען זענען אין די וועלדער מאלפּעם פול. זעהר פיעל האָט דער איינגעבוירענער פון זיי געלערענט. דער פערלאנג נאָכצוטאָן דעם אנדערען איז דאָ צווישען די מענ־ שען אזוי שטארק פונקט ווי ביי די מאלפּעם. די פארשימעלטע אייראָפּעאישע פאָרמען פון לעבען ווערען דאָ מאלפּענמעסיג אריינ־ געבראכט און ארויפגעשלעפּט אויף זיך. און דאריבער זעהט אויס די שפּיעגעל־זייט פון לעבען, אין פערגלייך מיט דער הינטערשטער זייט, אזוי קאָמיש און לעכערליך.

האט איהר געזעהען, ווי מען בויט ביי אונז אויס א באלאגאן, וואו קונצען־מאכער בעדארפען זיך ברעכען? כ'מיין, ווי עס ווערט געמאכט אויף א יאריד, למשל? פון פארענט ווערט אויסגעפוצט מיט אלערליי געמעלאכצען און פון הינטען איז א שטעלכעל פון פערפוילטע ברעטער; אדער א לייווענטענער געצעלט. אויפ'ן ערש־טען קוק גלאנצט אלץ.

ביים ברעג, ביים אריינפאהר, ליגט די מאדערנע שטאדט, מיט איהר נאכגעמאכטען אייראפעאישען גלאנץ. און פאהרט איהר ארוים איין תהום שבת הינטער דער שעהנער שטאדט, זעהט איהר דאס ליימענע הייזעל און ביים שוועל זיצט די האלב־נאקעטע פא־מיליע, נאגט די זאפט פון צוקער־שטעקען. אבער שטיל און פויל חלום'ט יעדער איינציגער געוויס פון א נס, אז עטליכע מטבעות וועל־לען זיך פון ערגעץ קומען צוקייקלען גלייך צו זייער שוועל און זיי זאלען קענען געהן אין שטאדט אריין געניסען פון דער ציוויליזא־ציאן...

---

26.

## ריא דע זשענערא.

ריא־זשענערא, די הויפט־שטאדט פון בראזיליען, צעהלט ביי א מיליאן איינוואוינער און רעכענט זיך פאר דער שעהנסטער שטאדט אין זיד־אמעריקא. דעם אריינפאהר אין ריא'ער האפען רעכענט מען באלד פאר דעם שעהנסטען אין דער וועלט. אין דעם איז אייגענטליך די מאדערנע קולטור גאר ניט שולדיג. אזוי ווילד

און אין דער אייגענער צייט אזוי הארמאניש האט נאר די האנט פון דער נאטור געקענט צוזאמענפאסן די בערג און די פעלזן פון ביידע זייטן ארויפצוגיין. און איך צווייפל אויב די הייזער מיט די קאפעל־דעכער אין די בערג זענען שענער פון די פאלמען וואס וויקלען ווילד די בערג ארום.

און ווייל מען זעהט דעם קאמף צווישן פערשיעדענע וועלטן, פערשיעדענע זיטן און קולטורען, זאל מען קיין ריא־זשענערא קומען. ניט נאר בלויז, ווי די עלעקטרישע קראפט קאנקורירט מיט די ברוינע און שווארצע מוסקולען זעהט איהר דא — איהר קענט מערקען ווי די בלוט פון דער אלטער, בלאסער וועלט האלט אין די אדערען מלחמה מיט די בלוט פון דער נייער וועלט.

די מאדערנע קולטור האט צווישן ווילדע בערג בעשאפען א שטאדט מיט אזא מאדערנעם אויסזעהן, געקליגט זיך צווישן פעלזען — גלייכע, ברייטע, מיט אספאלט בעפליאסטערטע גאסען דורכצופיהרען און די אווענידא דע־ריא בראנקא מאכט דיר פארגעסען, אז אין א ווילדער געגענד ביסטו, נאר אין פאריז ערגעץ נעבען אפערע הויז געפינסטו זיך. דער אייגענער לוקסוס, די אייגענע אויטאמאבילען בעוועגונג. א פאלקאמער נצחון פון דער מאדערנער קולטור, און דאך — אין די אדערן פון פאלק דא איז די מלחמה נאך ווייט ניט געענדיגט.

---

שטעהט א מענש אין די מיטעלע יאהרען עלעגאנט געקליידעט מיט א מאט־בלאס געזיכט, וואס אפילו די דרום זון האט די בלאסקייט אין זיין פנים ניט געקענט בעהערשען און א נעגער מיט א בלויליך, שווארץ־גלאנציג געזיכט פוצט איהם זיינע געלע שיך. עטוואס אן א זייט ווארטען אויף איהם זיין ווייב מיט צוויי קינדערלעך. די פרוי — עלעגאנט געקליידעט, פיינע געזיכטסציגע, נאר עטוואס ברוינליך. א ווייטע אבשפיעגלונג פון דאס היזיגע, איינגעבארענע. און די קינדער — איינס אין פאטער געראטען; ס'אנדערע — שווארצלאך, געדיכט געקרויזטע האר; די לי־

פען, דער נאָז ברייטלאַך. נאָך אין גאַנצען ניט בעזיעגט! די מלחמה דויערט נאָך.

אויפ'ן בולוואר קאָנקורירען צווישען זיך — די נאַר־וואָס אַנגעקומענע פאַריזער קאָקעטע מיט'ן אָנגעפארבטען פּנים און פרעכען שמייכעל, און — די שלאַנקע, מאַט־ברוינע, גראַציעזע בראַזיליאַנערין מיט איהרע עלאַסטישע בעוועגונגען.

דאָס איז אין שטאָדט. אבער נאָך איידער דו קומסט אין שטאָדט אריין... אין דעם וועלט־גרויסען האַפען, וואָס זעהט אויס, ווי די פעלזען האָבען זיך דאָ נידריגער צום ים אראָבגעלאַזען און צוויי ארעמס ברייט אויסגעשטרעקט פאר פרעמדע רייזענדער, וואַנדערער פון פרעמדע נאַציאָנען — אָט דאָ, צווישען די פעלזען־ארעמס רוהט דער מאָדערנער מלאך־השלום:

אין דעם בלויען וואַסער, וואָס איז דאָס מאָל רוהיג און מיט ליכט פון העלען טאָג בעגאָסען, רוהען די מאָדערנע קרייצער־שיפען, מינען שיפען, קאָנטער־טאָרפּידען, אַלע אונשולדיגע ווייס געפאַרבען און אַזוי שעהן אויסגעשטעלט ווי די סחורה אין פענס־טער אין דער הויפּט־גאַס. פון די וואונדערבארע נאַטירליכע פעל־זען־ארעמס בלאַנקען ארויס אנטקעגען דער זון מיילער פון האַר־מאַטען. ווי גרויסע פינגער שטאַרצען זיי ארויס און די פינגער ווינקען און ווייזען אַן אויף דעם ווייסען מאָדערנעם פרידענס־מלאך וואָס רוהט אין האַפען:

— זעהט איהר, רייזענדער, פון דער אַלטער וועלט געקומע־נע! מיר זיינען אין קיין זאַך פון אייך ניט אבגעשטאַנען. פון אייי־ער וועלט האָבען מיר ציערונג געבראַכט אונזערע בערג־שפּיצען צו בעפּוצען. און דער מלאך פון שלום וואָס רוהט אין דעם אריינגאַנג צו אונזער הויפּטשטאָדט איז פון דעם איינגענעם שטאָל געשמידט פּונקט ווי די פריעדענס־מלאכים ביי אייך דאָרט. מעהר ניט, וואָס אַנשטאָט טונקעל־גרוי איז ער ביי אונז אונשולדיג־ווייס געפאַרבען. און ניט נאָר בלויז דער קאַמפף צווישען ב ר ו י ז און ה ע ל אין די בלוט אָדערען איז גרויס. אהער האָבען זייער קאָנקורענץ

איבערגעטראָגען די קינדער און שטיף־קינדער פון אונזער אַלטער וועלט.

אין האפען אויף די עלעקטרישע לאדונגס־מאשינען איז מיט גרויסע אותיות אָנגעשריבען, אז דאָרטען און דאָרטען אין ד י י ט ש ל א נ ד איז די מאשין געבויט געוואָרען.

אין דעם אייגענעם האפען שלעפט א קליינער לאָקאָמאָטיוו גרויסע פראכט וואַגאָנעס און ביי איהם אויפ'ן שטערען איז אָנגעשריבען, אז דאָרטען און דאָרטען אין ענגלאנד איז ער בעשאפען געוואָרען.

און באלד, א ריעזיגער קינאָמאָטאגראף מיט א גרויסען האָהן איבער'ן טיר — די בעקאנטע פאטע־פירמע, וואָס מאכט דער־פרייען די הערצער פון אלט און יונג — פראנצויזישע קולטור.

און די גרויסע מורא'דיגע רעקלאמען מיט די שרייענגע פארבען — העכט נאָרד־אמעריקאניש. אפילו די פּראכטפּאַלע אזיאטישע בערג־רום־פּאלמען וואקסען ביי זיך אין דער היים ניט אזוי דער־הויבען און שעהן ווי דאָ אין דעם בוטאַנישען גארטען אין ריאָ־זשע־נעראָ; אזוי דערקלעהרט דער דירעקטאר פון דעם היגען באָ־טאַנישען גארטען וואָס רעכענט זיך כמעט פאר דעם שעהנסטען אין דער וועלט.

און דער עלעגאנטער פּאָליסמאן מיט'ן שטעקעלע אין האנט שטעהט דאָרט וואו די גאסען צושיידען זיך און דערעזשירט מיט דער בעוועגונג — דאָס איז אלגעמיין אייראָפּעאיש. — — — —

— — גאנץ אונערוואַרטעט, צוויי יונגע לייטלעך מיט פּעקעלעך שניט סחורה אונטער'ן אָרעם. די געזיכטער ניט ברוין, ניט שווארץ — נאָר פערשוויצט און פערפינסטערט. ס'הארץ האָט מיר אָנגעהויבען צו קלאפּען. איך געה זיי נאָך. דאכט זיך א אידיש וואָרט האָט זיך צו מיין אויער דערטראָגען.

— זייט־זשע מוחל, איהר זייט אידען? איך פערשטעל זיי דעם וועג.

— סי, סי, — ענטפערען מיר ביידע מיט אמאָל.

— דאָס הייסט, איהר זייט אידען? אמת'ע אידען?

— יאָ, אודאי אידען — ענטפערט מיר איינער מיט דעם אדעסער אקצענט.

— שוין לאנג דאָ אין בראזיליען?

— ס'האָט שוין געקענט גענוג זיין.

— ווארום וואָס?

— מען ווערט דאָ פערפינסטערט.

— טאָ, פאר וואָס זיצט איהר דאָ?

— מיר פּעדלען. און זיי בעווייזען מיר אויף די פּעקלעך שניט סחורה אונטער'ן ארעם —ביידע הײנט נאָך גאר ניט געלייזט.

און זיי דערצעהלען מיר ווי שווער און פינסטער דאָ איז צו לעבען.

— ס'טרעפט גאנץ אָפט אז ס'איז ניטאָ פארוואָס צו „פיס־קעווען" — עסען מוז ער מיינען, און ער גיט מיר צו פערשטעהן גאנץ נאַאיוו, אז דאָ אין בראזיליען, איז ווער ס'האָט געלט דער לעבט און ווער ס'האָט ניט קיין געלט — איהם איז אָך און וועה...

איך קוק איהם אָן און טראכט דאביי: אָט לעבט א מענש אין א לאנד, אין א שטאָדט, וואו אלע פעלקער בעמיהען זיך זייער קולטור צו פערפלאנצען און דאָך האָט ער ביז איצטער גאָר ניט געוואוסט, אז דער, וואס האָט געלט, דעם איז גוט צו לעבען און דער וואָס האָט ניט קיין געלט...

— נו, פאָהרט מען צוריק קיין רוסלאנד?

— גענוג פאר מיר איין פּאָגראם — ענטפערט ער קורץ און שארף.

מיר געזעגענען זיך ווארעם. זיי זאָגען מיר זייערע נעמען. איך רוף אָן מיין נאָמען. דריקען זיך ווארעם די הענט. און מיט דראָבנע נערוועזע טריט לאָזען זיי זיך געהן מיט די פּעקלאָך סחורה אונ־טער די אָרעמס, צו דער „אווענידא דע ריא־בראנקא", וואו עס בליהט די מאָדערנע קולטור פון פערשיעדענע פעלקער. מיט א פיינ־

ליך גענומען האָב איך נאָכגעקוקט די צוויי פערפינסטערטע אידישע יונגעלייט און געטראַכט:

— דאָס איז די פרוכט פון דער רוסישער קולטור!

27.

## אַ איד איז קראַנק.

דאָס וואָס כ'האָב ביז איצטער געשריבען פון בראַזיל איז עס בלויז מיין ערשטער איינדרוק, וואָס כ'האָב פון דעם לאַנד בעקומען אבשטייענדיג דאָ אויף איין טאָג, אהינפאָהרענדיג קיין ארגענטי־נע. מען זאָגט, אז אַ גאַסט קומט אויף אַ וויילע און זעהט אַ מייל. ס'איז אפשר גיט אינגאַנצען ריכטיג. דאָך האָט זיך מיר געוואָלט איבערגעבען דעם ערשטען איינדרוק און כ'האָב עס אליין פאַר זיך פערצייכענט.

ווען איך פאָהר איצטער קיין בראַזיל בעהערשען שוין מיין הארץ גאַנץ אַנדערע געפיהלען. דאָס אידישע לעבען אין ארגענטי־נע, די מלחמה אויף דער וועלט, די נערוועזע שטימונג וואָס הערשט אויף דער ענגלישער שיף, וואָס פיהרט מיך שוין דעם פערטען טאָג פון ארגענטינע קיין בראַזיל — דאָס אלץ פּלאָנטערט זיך אין מוח און וועבט אַנ'אונקלאָרען, אבער אונרוהיגען געדאַנקען־געוועב.

אין ארגענטינע האָט מען מיר זעהר פיעל גוטעס און שלעכטס פון בראַזיל דערצעהלט. דאָס אונבעקאַנטע לאַנד זעהט מיר בע־קאַנט אויס, ווייל פאַר דער צייט האָבען זיך שוין אידען מיט מיר דורכגעשריבען און צו זיי פאָהר איך עס איצטער.

דער אטלאַנטיק בלאָזט זיך און בייזערט זיך ווען אונזער שיף הויבט זיך אָן ארויסצוקלייבען צו אַ שמאָלען פאַס וואַסער, וואָס פערלויפט צווישען צוויי הויכע, בעבוימערטע ברעגעס. דאָס קומט אונזער שיף אריין אין דעם טייך סאַנטאָס, דער שליסעל

צום שטאט ס׳פּאַולאַ פון וואנען מיליאַנען, מיליאַנען זעקלאך קאווע ווערט יאהרליך ארויסגעפיהרט.

ס׳וואסער איז ניט שטראָמיג, שמאָל און עס וואונדערט ווי אזוי די ריעזיגע שיפען קענען זיך דאָ דורכמאכען א וועג און ניט בלייבען זיצען אין בלאָטע. די געגענד דאָ איז א זומפּיגע. די שוואר־צע, בלישטשיגע בלאָטע ציהט זיך ארוים פון וואסער, בארג ארויף פוןביידע ברעגעס. דאָ זענען די בעריהמטע סאנטאס׳ער זומפּען וואָס ווארפען אנ׳אימה אויף דער בעפעלקערונג. אלע פּלאָגען, אלע פערדעכטיגע עפּידעמישע קראנקהייטען פּרוכפּערן זיך אין דער אומגעגענד. אנהויבענדיג פון געלען פיבער און ענדיגענדיג מיט דער שרעקליכער קראנקהייט „בערי־בערי“, וואָס פערוואנדעלט מענשען אין לעבעדיגע פּגרים.

די שיף שלייכט זיך שטיל. מיט אן איינגעהאלטענעם זיל־בער־קלאנג ריזעלט זיך דאָס וואסער פון ביידע זייטען שיף. ביים לינקען ברעג הויבט זיך אָן בעוויזען א געמויערטע וואנט, הויבט זיך פון וואסער ארויס. עס הויבט זיך אָן בעוויזען דער בעריהמטער סאנטאס׳ער האפען וואָס האָט זיך יאהרען־לאנג געבויט און וואָס האָט מענשען אָהן א צאָהל אונ׳רחמנות׳דיג פערשלונגען.

גראבענדיג די פונדאמענטען, זענען מענשען, פון די אָרטיגע קראנקהייטען געפאלען. אפילו מיר אידען, גלויב איך, האָבען דאָרט אין יענער געגענד מעהר טויטע בעגראבען, ווי די לעבעדיגע וואָס געפינען זיך דאָרט ארום סאנטאס.

איצטער קוקט ארוים דער האפען פון וואסער מיט זיין שטיי־נערנער בלאסקייט, ווארט אויף די שיפען וואָס קומען פון ווייטע לענדער; ביי איהם ווארפען זיי דעם אנקער און ווארטען ביז מען וועט זייער טיפענגיש מיט זעקלאך קאווע פול מאכען. אונטער דער זון, וואָס בלענדעט און ברענט ציהען זיך שורות ארבייטער, זייער שווארץ לייב ענטבלויזט, און טראגען אויף די אקסלען ווייסע זעק־לאך קאווע. ווי א ווייסער שנור ציהט זיך די שורה פון פּאק־הויז, אויפ׳ן ברעג, צום שיף, וואָס דרעמעלט אין וואסער. מאנטאן, מיט

אראבגעלאזענע הענט, ציהט זיך צוריק די אנדערע שורה לעבע־דיגע אויטאמאטען, וואס האבען שוין אין דער טיפעניש פון שיף דעם ווייסען זעקיל קאווע פון אקסעל אראבגעווארפען.

אונזער שיף האט זיך אויך א ווינקעלע אויסגעזוכט, מען ווארפט פון איהר שטריק צום ברעג און כ׳שפיר אז ניט דער שיף — נאר ווי טאקי מיך אליין וואלט מען עס אויסען זיין צום ברעג דערנעהנטערען, און מיר ווערט אזוי טריב אויפ׳ן הארצען.

די גאנצע פיער טעג וואס איך בין פון בונעם איירעס גע־פאהרען איז ניט געווען מיט וועמען א ווארט אויסצורעדען. און אראבגעהענדיג אויף דער יבשה האט אויף מיר מיט א שארפען אור־מעט א בלאז געטאן. כ׳האב מיר אליין ניט געקענט אבגעבען קיין רעכנונג פאר וואס דאס איז. כ׳האב געפיהלט, אז דא האב איך קיינעם ניט און ווען אפילו איך וועל דא טעג נאך אומגעהן וועל איך אליץ ניט געפינען מיט וועמען א ווארט אויסצורעדען. דא און דארט טרעפט מען איינגעבוירענע בראזיליאנער זיצענדיג אין שאָ־טען מיט געשוואלענע פיס, א היגע קראנקהייט, און א שווערער געפיהל נעהמט דורך דעם גאנצען וועזען. די שטאדט אליין איז ניט גרויס. די גאסען גאנץ ברייט. און די הייזער שיטער, מענשען ווייניג אין די גאסען. די היץ איז שטארק — ממש עס צו־מזיק׳ט דיך.

רייזענדע האבען מיר א ביסעל אנגעשראקען מיט סאנטאס און כ׳האב מורא אפילו א טרונק וואסער צו טאן.

פון ווייטען שניידען זיך ארוים די בערג גלייך אין די וואלקען אריין; זייער גרינקייט וועבט זיך אריין אין די בלויע פאסען הי־מעל. דארטען ערגעץ אין די בערג, א מייל פערציג פון דאנען, ליגט די שטאדט סאא־פאאולא, וואוהין אייגענטליך איך דארף און וואו אידען אונבעקאנטע ווארטען אפשר אויף מיר.

מיט׳ן חוש געפין איך אוים די אייזענבאהן־סטאנציע און לאז מיר פאהרען בארג ארויף, בארג ארויף.

די וואגאנעס זיינען קליינע און זיי ווערען געשלעפט בארג

ארויף מיט אייזערנע שטריק פון א צווייטען צוג וואָס לאָזט זיך גלייכצייטיג בארג אראָב. די באהן האָבען עם ענגלענדער דורכ־געפיהרט און איבעראל ליגט זייער שטעמפּעל.

עס צושפּיעלט זיך מיר אזא שארפער קאָפּ־וועהטאָג וואָס הע־בער מיר דערהויבען זיך. גלייך ווי קאלטע שפּיזען וואָלט מען מיר שטעכען דורך מיין מארך. פון דעסטוועגען רייסט די מערקווירדיגע געגענד מיין מיעדען בליק: די אויגען זוכען אויסערהאלב די פענס־טער:

די בערג זיינען אזוי געדיכט בעוועלדערט, אז לאָזענדיג דעם בליק א ביסעל ווייטער בלאָנדזשען איבער די צובראָכענע קאנטור־רען — בארג און טהאל — דאכט זיך צומאָל אויס, אז דער צוג טראָגט זיך איבער די שפּיצען פון די בוימער.

פון צווישען די בוימער, אין טהאָל, קוקען ארויס ליימענע הייזלעך און מענשען, האלב־נאַקעטע, קאראשקען זיך ביים טיר. פיעל פארביגע פאפוגייען פליהען איבער פון בוים צו בוים לאָ־זענדיג אין לופטען פאלען זייער גרילצענדיגען אויסגעשריי.

די זון בעהאלט זיך ערגעץ הינטער די וואלד־בערג און א פור־פור־בלויער דורכזיכטיגער נעבעל שפּרייט זיך איבער די שפּיצען בוימער.

עס ווערט קיהל. מען קומט אין די וואָלקען אריין. אין דער נידער, איבער'ן טהאָל, הענגט א שיטערער וואָלקען: ווי א חופּה איבערגעצויגען און אָנגעהאנגען אויף די שפּיצען־בוימער. פון צווי־שען צוויי בערג רייסען זיך דורך זונענשטראהלען און רעגענבוי־גענס בויגען זיך אוים אין דער פייכטער לופט, ציטערען איבער די בוימער וואָס שפּרייטען זיך בארג ארויף און בארג אראָב.

די נאכט הויבט אָן צוצופאלען. א טיעפע בלויקייט קומט ארוים פון דער נידער, פון צווישען די בוימער און הויבט אָן די בוימער איינצואוויקלען. קיין ווינטעלע דרויסען נישטאָ, און די בוימער ווערען אזוי אין דער בלויקייט פערגליווערט. אין הימעל בעווייזען זיך שטערען.

און מיין קאַפּ־וועהטאָג ווערט אַלץ שאַרפער. אפנים ניט גע־וואוינט צו דער לופט אין די בערג. אָדער אפשר דער פּלוצלונגער בייט — פון ים אין די בערג מאכט עס אזא שטארקע ווירקונג.

פאַר מיינע אויגען ווערט ווי א פייערדיגע נעץ פערצוויגען און דורך דער נעץ בלויז זיך נאָך אַלץ דער וואלד און די אונבעקאנטע נאכט.

פון׳ם קאָפּ־וועהטאָג ארויס, שפּראָצט אן עלענדער געדאנק ארויס; און אנטקעגען איהם — א צווייטער, און זיי, די געדאנ־קען, פערבינדען צווישען זיך א שמועס:

— וואוהין פאָהרט עס א יונגערמאן?

— אזוי זיך; בעקוקען די וועלט.

— און וואָס האָט דיר געפעהלט אין ווילנא?

— הא?

— מיינסט טאקע אז די וועלט איז אזוי גרויס און, אז פון זיך קען מען אנטלויפען?

— ניין; איך ווייס שוין, אז פון זיך קען מען ניט אנטלוי־פען — נאָר גלאט אזוי — שיפען געהען; שווימען פון וועלט צו וועלט...

— יא, אבער פאַר וואָס געפעלט דיר ניט ווילנא?

— הא?

פייערלעך בעווייזען זיך. די שטאָדט איז נאָהענט. דער צוג שניידט זיך דורך גאסען. ערגעץ אינ׳ם הארצען פון א פרעמדער שטאָדט שטעלט זיך דער צוג אָב. כ׳קוק מיך ארום. א סך מענשען. פּנים׳ער בעקאנטע און דאָך אזוי פרעמד. די שפּראָך ארום קלינגט בעקאנט און דאָך אונפערשטענדליך.

גאַנץ אויטאָמאַטיש בעוועגען זיך מיינע פיס, כ׳ווייס אז פון דאַנען בעדארף איך אוועקגעהן. כ׳דערקלייב זיך צום ערשטען און ווייט־ניט צום בעסטען האָטעל. כאָטש איך זאָג גאָר ניט דאָך פער־שטעהען די פרעמדע מענשען מיין פערלאַנג. מען פיהרט מיך ארויף אויף א צווייטען שטאָק, עפענט אויף א טהיר פאַר מיר און

מען בעווייזט, אז איך קען אהין אריין. דער אייגענער אונבעקאנ־טער דרעהט אויף די עלעקטריע און פערמאכט די טיר הינטער זיך.

א מיעדער, א צובראָכענער פאל איך אנידער אויף א שטול. דער טרוקענער גאסען־גערויש רייסט זיך דורך די אָפענע פענסטער. די שטאָדט ווייזט אויס גרויס. דער גערויש טרוקען.

ערגעץ וואו אין שטאָדט זענען פאראן ־מענשען וואס האָבען מיך איינגעלאדען. שלעכט מיט זיי זיך צונויפגערעדט און מיר האָבען זיך אויסגעמיטען.

אפשר רעדען זיי איצטער פון מיר; רופען אָן מיין נאָמען און האָבען אפשר צער וואָס אזעלכעס איז געשעהן... און דאָך איז מיר דער טרוקענער גערויש וואָס ציהט דורכ'ן פענסטער פרעמד, ער פאלט מיר ווי א שטאָלענע משא אויף מיין אָנגעוועהטאָגטען קאָפּ.

— מיט וואס איז דיר שלעכט געוועז אין ווילנא?

— הא?

* * *

די וועלט איז שעהן ווען דער קאָפּ טוט ניט וועה.

אז כ'האָב מיך ווי עס איז אויסגעטשוכעט פון שלאָף מיט א געזונטען קאָפּ, האָב איך דערשפירט די ליכטיגע וועלט וואָס רייסט זיך אריין צו מיר דורך די פענסטער פון מיין האָטעל צו־צוזאמען מיט דעם גערויש פון דער גאס. די שפראך פון לאנד כמעט אונבעקאנט, אבער וואָס געהט מיר אָן די שפראך ווען דער קאָפּ טוט ניט וועה און די זון שיינט אזוי לויטער.

דער קלימאט אין ס'פּאאולא רעכענט זיך פאר זעהר א גוטען, כאָטש א וועלט מענשען ליידען דאָ פון רומאטיזם. די שטאָט ליגט ביי דריי טויזענד פוס הויך אין די בערג און אין אבענד פיהלט זיך צומאָל א קאלטליכע פייכטקייט.

איך האָב מיך אוועקגעלאָזען זוכען דעם אידען, וועמענס אד־רעס איך האָב געהאט און וועמען מען האט פון ארגענטינע גע־שריבען אז איך קום. לאָזט זיך אבער אויס, אז מיין איד איז קראנק.

א שווערע אינערליכע קראנקהייט האָט איהם צוגעשמידט צום בעט:

מיט אַן אויסגעצויגענן ברוינלעך און איינגעפאַלענעם פּנים, די אויגען געשלאָסען און קרעכצט טיעף און שווער — אָט אין אַזאַ לאַגע האָב איך געפונען דעם אידען, וואָס האָט עס מיר געדאַרפט געבען דעם ווארימען שלום־עליכם און אָנהויבען צו פרעגען פון אי־דען אויף דער וועלט, פון רוסלאַנד — און פון וואנען ניט?

א יונגע פרוי, יונגע שעהנע קינדערלעך ארום בעט פערזאָרג־טע, מיט אויגען אויסגעוויינטע. דאָך דורך דעם טרויער דריקען מיר די שטוב לייט אוים זייער הארציגען ווילקאָמען.

פון א זייטיגען צימער קומען אריין א פּאָר יונגע לייט, געהען צו מיר אויף די שפּיץ פינגער, פארזיכטיג דעם חולה ניט אויפצו־וועקען; שטיל דריקען זיי מיר די האנט און שעפּטשען צו מיר זייער צופריעדענקייט און הארציגקייט.

לאָזט זיך אוים, אז דער חולה איז עס דער ליעבלינג פון דער ס'פּאאולער אידישער קאָלאָניע; דער היגער אינטעליגענט און חשוב צווישען דער קליינער אידישער קאָלאָניע; גאָר פון די ערשטע דאָ אין לאנד און זיין קראנקהייט האָט אלעמען טיעף געריהרט.

— שטעלט זיך פאָר, מיר זענען ניט געקומען אייך בעגעגענען קיין סאנטאס, א איד איז קראנק; אונזער שעהנסטער איד — בע־דויערט איינער.

— אונזער קאָלאָניע איז אין גרוים צער.

— וואָס איז דען?

— איהר האָט גאָר ניט געהערט? א איד איז קראנק. אונזע־רער א איד.

און עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די צוגעבונדענקייט איי־נער צום אנדערען איז אזוי גרוים. איננאנצען א צוויי הונדערט פאַמיליעס זיינען זיי דאָ. און דאָס אויך, בלויז די לעצטע צייטען האָט דער צאָהל זייערער ביז אין די הונדערטער דערגרייכט. נאָך מיט א יאהר צעהן צוריק זענען זיי געווען אין אַזאַ קליינער צאָהל, אז איינער האָט פון אנדערען ניט געוואוסט. זייט דער

אינגערער אידישער עולם האָט זיך אבער אריבערגעקליבען האַ־בען זיי איינער דעם אנדערען אויפגעזוכט. איין איד האָט דעם אנדערען געפונען — און צוזאמענגעבונדען זיך אין איין בינטעל. אן אייגען אידיש וועלטעל געשאפען.

דער חולה איז א ביסעל געקומען צו זיך, געבעטען, אז ער וויל מיך זעהן. איך האָב געמאכט צו איהם א פרעהליך פנים גלייך ער וואָלט גאָר ניט געלעגען צו בעט. ער האָט מיר דערלאנגט זיין שוואכע און אבגעצערטע האנט און געפרעגט ווי עס געפעלט מיר ס׳פּאאולא.

— אַ שעהנע שטאָדט... האָט ער קוים ארויסגערעדט... בראַ־זיל א וואויל לאנד. א שאָד וואָס אזוי ווינציג פאָהרען אונזערע אידען אהער. אז מען ווערט קראנק פיהלט מען זיך אביסעל צו עלענד.

ער האָט געבעטען, אז מען זאָל מיר בעווייזען די שטאָדט:

— זאָל א גאסט ניט אוועקפאָהרען מיט א שלעכטער מיי־נונג פון אונזער שטאָדט.

צו אונזער אלעמענס פערגעניגען האָט ער זיך אָנגעהויבען צו בעסערען און דאָס וואָלקענדעל, וואָס האָט זיך פערצויגען איבער דער ס׳פּאאולע׳ר אידישער וועלט, האָט אָנגעהויבען צו פער־שווינדען. פאַר דער וואָך צייט וואָס כ׳האָב דאָ פערבראכט אין דער שטאָדט האָב איך אָנגעהויבען גלויבען אז אין גרונד גענומען איז גאָר ניט אזוי קרום וואָס אידען בייטען ס׳מזל, פערשלעפּען־דיג זיך אין אזעלכע ווייטע לענדער גליק זוכען...

די שטאָדט ס׳פּאאולא האָט ביי א האלבע מיליאָן איינוואוי־נער, ס׳איז די הויפּט שטאָדט פון דעם רייכסטען שטאאט אין בראַ־זיל, וואָס טראָגט דעם אייגענעם נאָמען. די גרעסטע קאווע פּלאַנ־טאציעס זענען אין דעם שטאאט; די ערד איז דאָ דורכגעוועבט מיט גאָלד־אָדערען און אנדערע מיענראלען. די דייטשען זענען דאָ גרויסע בעלי־בתים אין דעם שטאאט; האָבען אייגענע מוסטער־שו־לעס וואו עס ווערט אלץ געלעהרנט אין דער דייטשער שפּראך. אונ־

זערע אידען שיקען גערן זייערע קינדער אין דער דייטשער שולע, חזר'ן אויף אויסענווענדיג די ליעדער פון לעהר־בוך „פאטער־לאנד". און דעריבער האבען די קינדער מיט מיר גערעדט אידיש מיט'ן „פתח".

ניט קוקענדיג אויף דער נאטירליכער רייכקייט פון בוימער און גרינסען, פיהרט מען דאך איין שעהנע שפאציר־גערטנער אין די מאדערנערע שטעדט אין בראזיל. דא אין ס'פאאולא געפינט זיך אין צענטער שטאדט א רייכער שפאציער־גארטען, זעהר מאדערן אויפגעהאלטען און אויפגעפאסט, נאר מיר דאכט זיך, אז אין ערגעץ ווערען ניט גערטנער אזוי ווענינ פון מענשען בעזוכט ווי אין בראזיל. אויב עס קומט נאך עמיצער אריין איז אפשר בלויז ווייל עס ציהט איהם צו די שטייגען וואו מאלפעס און פאפוגייען, קינדער פון דעם לאנד, האלטען זיך אויף אין געפענגעניש. עס איז אפשר דערפאר, וואס די ליעבע צום גרינעם פארק ווערט ביי אונזערע לייט אין די קאלטע מקומות, געבוירען אין פערלויף פון'ם קאלטען ווינטער ווען די בוימער זענען נאקעט; דאס אויג בענקט צום גריענם בלאט און גרינעם גראז. דא אבער, אין די טראפקים, איז דער בוים אייביג גרין, איהר בעמערקט ניט ווען די יונגע בלעטער זענען אויסגעוואקסען. אונטען אויף דר'ערד וואלגערען זיך אלטע, פערוועלקטע בלעטער און אויבען, דער בוים, איז גרין און יונג, פרישע, צאפעלדיגע בלעטער אויף איהם. איהר האט גאר ניט בעמערקט ווען דער בייט איז פארגעקומען; ווען גרין מיט גרין האט זיך געביטען.

אין דער פאמיליע וואו איך האב שפעטער געוואוינט און מען האט מיך מיט אזוי פיעל פריינדליכקייט ארומגערינגעלט, זענען קלענערע קינדער געווען, צו זיי זענען קינדערלעך געקומען, זיך שפילען אינאיינעם. כ'האב מיך צוגעקוקט צום דור וואס ווערט דא געבוירען און ווי אזוי ער וואקסט. עפעס גאר דער היפוך פון די קינדער אין נארד־אמעריקא, אין ניו־יארק.

דער בראזיליאנישער קלימאט איז כמעט ניט אימשטאנד אי־

בערצופארבען ס'פנים פון טאַטע מאַמע; דער קאָליר אין פּנים פון רוסיש־אידישע טאַטע־מאַמע ווערט א ביסעל צוגעברוינט נאָר אַהן א טעם. די קינדער אבער ווערען שוין געבוירען מיט א צאַר־טער אַליוועו־קאָליר הויט; אָדער קאווע מיט א סך מילך אין פּנים. שלאַנק זענען זיי און שטילע מיט לאַנגזאַמע בעוועגונגען. רעדען מיט א ניגון ווי דער היגער איינגעבוירענער: צו פופצעהן יאָהר שטעהט שוין די מיידעל אין שדוכים, איז שוין אזוי גרויס ווי די מאַמע; און דו גלויבסט ניט, אז צווישען דער מאַמען און דער טאָכטער איז בלויז איין דור, וואָס גרעניצט זיי פאַנאַנדער.

די מעהערע פון די אידען אין ס'פּאַאולא פיהרען א פאַמיליען־לעבען, האָבען פּרנסה און עס טרעפט, אז פון ריי־זשענערא קומט אריבער א יונגער מאַן זוכען זיך א כלה. אין אלגעמיין האָט דער יונגער עולם, וואָס איז די לעצטע יאָהרען אריבערגעקומען, געשאַפען אַן ענגערען צוזאַמענבונד צווישען די צואוואַרפענע גרופּעס אין דעם לאַנד.

איינער ווייסט פון דעם אנדערען; איינער אינטערעסירט זיך מיט'ן אנדערען. נאָך גאָר ניט לאַנג, אז איינער האָט דאַ אויסגעגעבען א טאָכטער זענען אידען ארומגעגאַנגען פרעגען וואו די חתונה איז. אפילו די וואָס זענען געווען ערגעץ וויט פערוואָר־פען צוליעב פּרנסה, האָבען זיך אומגעקעהרט אין שטאָדט אריין, אומגעבעטענערהייד, געקומען צום בעל־שמחה. ממש אלע האָבען זיך געפרעהט וואָס א איד מאַכט חתונה א טאָכטער.

צוליעב דער אָנגעקומענער נייער יוגענד איז דאָ א גרויסע פערענדערונג געקומען אין דעם אידישען לעבען צום גוטען.

---

## 28.

## אידען אין בראַזיליען.

וועגען די ספרדישע אידען אין בראַזיליען, וואָס האָבען אהער אָנגעהויבען צו וואַנדערען נאָך אין אָנהויב פון זיבעצעהנטען יאָהר־

הונדערט, וועל איך רעדען ביי אן אנדער געלעגענהייט. דאס מאל וויל איך דערצעהלען פון אונזערע רוסישע אידען, וועמעס איינוואנדערונג אהער האט זיך אנגעהויבען זעהר אין ניט קיין מזלדיגער שעה. און כאטש בראזיליען ליגט אויפ'ן וועג קיין ארגענטינע, דאך האט זיך די אידישע אימיגראציע אנגעהויבען גאנץ זעלבסטשטענדיג.

אין יאהר טויזענד אכט הונדערט נייניציג האבען אגענטען פון דער בראזיליאנישער רעגיערונג אנגעהויבען צו פערשפרייטען ידיעות צווישען די אידישע אימיגראנטען אין ענגלאנד, אז אין בראזיליען בעקומט מען אומזיסט ערד און צו דער ערד געלד, הייזער, בהמות און אלדאס־גוטס; אז אין בראזיליען פליסט מילך און האניג און דעריבער, ווער נור עס וויל פאהרען אהין, וועט מען איהם בכבוד אוועקפיהרען אויף דעם חשבון פון דער רעגיערונג. אויך האט מען מודיע געווען, אז ס'איז נויטיג יעדער זאל האבען א גרויסע פאמיליע; וואס מעהר נפשות איינער האט אין שטוב, אלץ מעהר ערד וועט ער בעקומען.

די אגיטאציע האט געהאט א שטארקע ווירקונג. נאך אין דעם אייגענעם זומער איז פון ליווערפולער האפען אבגעגאנגען די שיף „האמבריא“, טראגענדיג אויף זיך אריבער טויזענד אידישע נפשות. די גרעסערע טהייל איז בעשטאנען פון שניידער, פרעסערס. וועמעס פאמיליע עס איז געווען קליין, האט ער זיך פאר'ן אוועקפאהרען אויסגעבארגט א פאר טעכטער אדער א פאר זיהן פון א גוטען פריינד. געפאהרען אויף פארטיגע גליקען. דעם פינפטען יולי איז די ערשטע פארטיע אנגעקומען קיין בראזיליען, אין דער האפען־שטאדט, סאנטאס, און פון דארט האט מען זיי איבערגעפיהרט קיין סאא פאאולא. מען האט זיי פערפיהרט אין דעם גרויסען אימיגראנטען־הויז פון דער רעגיערונג, און די ביטערע צייטען האבען זיך אנגעהויבען:

אין אימיגראנטען־הויז האבען זיי שוין געטראפען א גרופע פאליאקען, וואס זענען אנטלאפען געווארען פון די ערטער, וואו־

היִן מען האָט זיי, די אידען, געדאַרפט שיקען. ווייל די רעגיע־רונג האָט אָנגעוויזען אויף דער פרייער און ווילדער געגענד:

— דאָס האָט איהר, און ווייטער בעדאַרפט איהר זיך אליין אויסהעלפען.

מעהר ווי ערד האָט מען ניט געגעבען. דערצו האָבען זיי פון די פּאָליאַקען זיך דערוואוסט, אז אין יענע ערטער, וואוהין מען וויל זיי שיקען, הערשט דער געלער פיבער און מענשען פאַלען, ווי די פליגען. דערווייל איז אָנגעקומען א צווייטע שיף מיט אימיג־ראנטען און טאַקע באלד א דריטע. דער צאָהל פון אידישע לייט האָט דערגרייכט ביז פיער טויזענד. דער עולם האָט זיך ניט גע־וואָלט ריהרען פון אימיגראַנטען־הויז. קראַנקהייטען האָבען זיך אָנגעהויבען. קינדער זענען געשטאָרבען. און אז די בעאַמטע זע־נען אריינגעקומען און געזעהען, ווי אידישע מאַמעס זיצען אויף דער ערד און בעוויינען זייערע קליינע קינדער, איז אויף זיי א א פּחד אנגעפאַלען און פאַר פּחד די אידען, אלע, פון אימיגראַנ־טען־הויז ארויסגעטריבען.

דער סך הכל איז געוואָרען זעהר שנעל:

א טייל, וואָס איז געווען פערמעגליך, איז אנטלאָפען צוריק קיין אייראָפּא, אָדער געצויגען ווייטער, קיין ארגענטינע; א טייל האָט זיך אוועקגעלאָזען קיין סאנטאס, ארבייטען אין האפען און איז פון געלען פיבער אויסגעשטאָרבען. און איין טייל האָט זיך זוכענדיג, אָנגעשלאָגען אויף א בינטעל אידען, רייכע, איינגעפונ־דעוועטע, וואָס האָבען זיך דאָרט מיט פרויען־האנדעל בעשעפ־טיגט. ביי זיי פריינדשאַפט געטראָפען און ביסלעכווייז אין'ם שאנד שוין מיט קינד און קייט פערזונקען געוואָרען. איינינגע זיינען אוועק ארבייטען ביי פרעמדע קאווע־פּלאנטאַציעס און דאָרטען זיי־נען זיי פערשוואונדען געוואָרען. בלויז טאַקע נור עטליכע צעהנד־ליג האָבען זיך ווי עס איז ארויפגעשלאָגען אויף א וועג, און ביי היינטיגע צייטען פערנעהמען זיי אַן אנשטענדיגען פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט.

בענייט אָבער האָט זיך דער אידישער ישוב אין בראזיליען ערשט אין די לעצטע עטליכע יאָהר. כמעט פאר די לעצטע פינף־זעקס יאָהר. ביי איצטיגע צייטען רעכענט מען, אז אין ריא־זשענערא זאָלען זיין א פּאָר טויזענד אידישע נפשות, און מערק־ווירדיג, כמעט ניינציג פּראָצענט פון זיי זענען פון דער שטעדטעל סוקעראָן, בעסאראביע, און פון ארום סוקעראן. דאן קומט סאַאָ פּאַאולא, וואו עס געפינען זיך ביי א פינף הונדערט אידישע נפשות, און צו אזוי פיעל אין באהייא און פארנאבוקאָ. אויסער־דעם געפינען זיך צוזאוארפען איבער׳ן לאנד, דאָ און דאָרט קלע־נערע גרופּעס אידען. כ׳האָב אבער ניט געהאט די מעגליכקייט אַלע ערטער צו בעזוכען.

קומט מען אבער אין בעריהרונג מיט די אידען, מוז מען זאָגען, אז אין בראזיליען איז שוין געלעגט געוואָרען א פונדאמענט פאר א אידישען ישוב, און מיר דאכט זיך, אז אין דער ווייטער צוקונפט וועט דאָרט דער אידישער ישוב ווערען גרעסער ווי אין ארגענטי־נע. ער איז דערפאר, וואָס דאָס לאנד אליין דאכט מיר, האָט מעהר צוקונפט ווי ארגענטינע. די מעהרערע אידען, וואָס ציהען אהער און הויבען אָן צו בעטראכטען בראזיל פאר זייער היים, קאָנצענטרירען זיך אין ריא זשענערא. כאָטש דאָס לעבען אין דער גרויסער הויפּטשטאָדט איז ניט אזוי גרינג, די אנגעקומענע לאזען זיך אפּט אוועק וואו אנדערש גליק זוכען — אָבער דאך קערט מען זיך אום צוריק און דער צאָהל אידען פער־גרעסערט זיך וואָס ווייטער אלץ מעהר.

מיין איינלאדונג צו קומען קיין ריא־דע־זשענערא האָב איך בע־קומען נאך זייענדיג אין ארגענטינע. מיך גערופען האָט דער פעראיין אחיעזר.

און פון ס׳פּאאולא האָב איך מיר אהין געלאָזען מיט באַן דורך א ווילדען בערגיגען און וואלדיגען געגענד. א נאכט האָט די רייזע געדויערט.

די היץ פון וואגאן און דער שטויב איז געווען אזוי גרויס, אז כ'האָב די נאכט מיט קיין אויג ניט פערמאכט. קיין ריאַ זשע־נערא בין איך אין פריהמארגען אנגעקומען אן אבגעקאָכטער. א גע־זעמעל אידען האָבען מיך שוין דאָן אבגעוואַרט און זייער פריינד־שאפט וואָס זיי האָבען מיר ארויסגעוויזען, איז נאָך ווארימער גע־ווען ווי דער ריאַ־זשענערער פריהמארגען. כ'האָב באמת ניט גע־ווארט אזוי פיעל היימישע פּנים'ער צו טרעפען. און בלייבענדיג א ווײלע אליין אין האָטעל נאָך איידער איך האָב דעם שטויב פון זיך אראָבגעוואשען, האָב איך פערצייכענט אין מיין נאָטיץ־בוך:

„ווי וואָלט איך וועלען זעהן דאָס געשטאַלט פון זייערע אייניקלאך, וואָס וועלען געבוירען ווערען אין דעם אייביג־גרינעם לאנד!"..

ווארום אומוואנדערענדיג צווישען די ווילדערנישען, וואו די גאנצע ציוויליזאציע האָט א פּנים ווי א פארזשאַווערט בלעכען קנעפּל אויף א גרין זיידען קלייד — דאָ אין'ם הארצען פון בראַ־זיליען כאפּען דיך פּלוצלינג ארום היימישע יונגע לייט, מיט היי־מישע רייד מיט דעם היימישען שמייכעל:

— קומט, מיר וועלען איך פיהרען אַנזעהן אונזער ביבליאָ־טהעק.

— ווי רופט מען אייער פעראיין?

— מיר האָבען דאָך געשריבען „אחי־עזר" — ווייל די ערש־טע צייט האָט מען פיעל בעדאַרפט שטיצען די נאָר וואָס אריבער־געקומענע. נו, האָט מען איינגעשאַפט א אידישע ביבליאָטהעק.

און א ביבליאָטהעק טאָקע ניט אויף קאַטאָוועס. די ביכער בלאנקען ארוים דורך די גלעזערנע שויבען פון די ביכער־שאפען און בליצען מיט די גילדערנע אותיות אויף די רוקענס:

— כ'לעבען, בעקאנט — ווינקען די ביכער — מיר האָבען דיך געזעהען אין ווארשע, דאָרט אין דעם ביכער־פערלאג צענטראל זענען מיר אויף די פּאָליצעס געשטאַנען, פאר־אַ־יאָהרען, ווען דו ביזט אהין אריינגעקומען. טאָקע פון יענע פּאָליצעס האָט מען אונז

אַראָבגענומען, אין קאַסטענס פערפאַקט און אהער, אַזש קיין בראַ־זיליען פערפיהרט.

— וואָס קוקט איהר מיר אָן אזוי פערוואונדערט... די אידען קוקען אויף מיר און שווייגען — וואָס קוקט איהר מיך אָן אזוי?

—כע־כע — נעהמט א איד און פערבלאָנדזשעט אהער...

יאַ, אזוי בלאָנדזשען מיר דאָך אַלע. אזוי בלאָנדזשענדיג, האָט זיך אויסגעבויט דער ריעזיגער אידישער ישוב אין נאָרד־אמעריקא, וואָס, ניט?

— וויפיעל זענט איהר דאָ? — פרעג איך ווידער.

לאָזט זיך אויס, אז איינער קען דעם אנדערען, און מען מאכט מיר א חשבון, אז ביז צוויי טויזענד נפשות זענען דאָ פאַראַן.

איך דערוויס מיר, אז עס איז פאַראַן נאָך א פעראיין „אגודת אחים", און נאָך א פעראיין „תפארת ציון" און נאָך א פעראיין פון די עלטערע, פרימערע. נאָך דערוויס איך מיר, אז בגנבה איז יעדער איינציגער אויך א מיטגליעד פון זיין גענגנערישען פער־איין, ס'הייסט — סאָלידאַריטעט. דער סך הכל איז, אַלע זענען פעראייניגט און אלע אינאיינעם פיהרען אָן א ביטערען קאַמפף צו בעווייזען פאר דער אָרטיגער געזעלשאַפט, אז זיי זענען עס די אידען, די אמת'ע אידען און אז...

עס וואונדערט אייך? אידען זאָלען וועלען בעווייזען פאַר דער וועלט, אז זיי זענען עס די אידען?

פערגעסט ניט, אז אין בראַזיליען, ווי אין אַלע זיידליכע לענ־דער, איז פאַראַן נאָך א סאָרט אידען. אַן עולם פון אונזער גאַס. פון ערגעץ אנטלאָפען געוואָרען. פון ערגעץ זיך ארויסגע'גנב'עט און אימיצען בעשווינדעלט; אימיצען בע'גזל'ט און די רויב מיט זיך צוגענומען; אימיצענס אונשולד בערויבט און מיט זיך לעבעדיגע קרבנות גענומען, און שטיל און אָהן רעש דאָ אין די טראָפּישע לענדער זיך איינגעוואָרצעלט. תושבים זענען זיי דאָ — מיט אונזער יונג פלייש און בלוט האנדלען זיי דאָ.

ווער איז דען בכוח צו געהן און פאַרשען, ווען זיי האָבען זיך

אהער אריבערגעקליבען? איינס נאָר איז זיכער, אז די ערשטע אומגליקליכע, וואָס זענען מיט פינף און צוואנציג יאָהר צוריק אָנגעקומען קיין בראזיל מיט דער שיף „האמבריא" פון ליווערפּול, דאָ צו ווערען ערד־ארבייטער, זענען פון פערצווייפלונג צו יענע לייט אין די אָרעמס אריינגעפאלען. און שפּעטער ביי די אונגליקליכע די טעכטער אויך ארויסגענאַרט.

— איצטער שאצט מען, אז אין ריאָ־זשענערא אליין זאָלען זיך געפינען ביז ארום פיער טויזענד אידישע עפענטליכע פרויען!

און זיי זיינען עס ביז איצט געווען די עפענטליכע מיינונג. זיי רופען זיך אפילו „רוסאָס", אבער אלע ווייסען, אז דאָס מיינט מען אידען.

— זיי האָבען דאָס לאנד פערפּעסטעט און עס איז א שאנדע געווען זיך אָנצורופען מיט'ן נאָמען איד ביז דער לעצטער צייט. די גאנצע שמוץ, וואָס האָט זיך אראָבגעזעצט אין דער טיעף פון דעם אידישען פינסטערען גלות־לעבען, האָט זיך דאָ אין די זידליכע לענדער אויפגעזאמעלט.

אזוי רעדען די ניי־אָנגעקומענע מיט טרערען אין די אויגען.

דער קאמפּף דערגרייכט אמאָל ביז צו דער פּרעסע. אבער די פּרעסע די אָרטיגע איז אויך מעהר נוטה נאָכצוגעבען, אז דאָס אידישע פאָלק בעשטעהט פון פרויען־הענדלער. א סימן, אז בלויז אין בראזיליען אליין האָט דאָס אידישע פאָלק אזוי פיעל יונגע אידישע טעכטער צוגעשטעלט.

אין ריאָ־זשענערא האָב איך פערבראכט די „יום־טובים" צייט. און זעהר שארף האָט זיך געשפּירט צווישען א ו נ ז ע ר ע אידען די בענקשאפט קיין רוסלאנד. די מלחמה אין אייראָפּא האָט שוין דאן געהאלטען אין רעכטען פלאקער, און איבער דעם אידישען בוים אין רוסלאנד האָט שוין די האק געפלאנטערט און שטארק האָט זיך געשפּירט דער וועהטאָג צווישען דער אידישער עדה דאָ אין בראזיליען. אין לאנד האָט געהערשט א קריזיס, א דאנק

פריהערדיגע סבות און וואָס צוליעב דער מלחמה האָט זיך דער קריזיס נאָך פיעל פערשטאַרקט.

— שרייבט ניט אין צייטונג, אז בראַזיליען איז א שלעכט לאַנד — בעט מיר א אידישער אינטעליגענט. — עס איז איצטער בלויז א שלעכטע צייט, אָבער ס׳לאַנד איז א טייער לאַנד פאַר אידען. מיר בעדאַרפען דאָך נאָך אנקומען צו נייע לענדער. דאָס לאַנד איז גוט, אז פאַר אידען לוינט אהין צו פאָהרען, פונקט ווי עס לוינט די ענגלענדער און די דייטשען.

— בלייבט ביי אונז, איך וועט ביי אונז גוט זיין.

איך האָב מיר אין דעם איבערצייגט פאַר די עטליכע וואָכען, וואָס איך האָב מיט זיי דאָ געלעבט. זעהר ליעב און הארציג האָבען זיי מיך אויפגענומען.

— פון וואָס מאַכען א לעבען די צוויי טויזענד אידישע נפשות פון אונזערע אידען?

— די מעהרסטע פעדלען דערווייליע. שוין א בעשערטע זאַך. אזוי איז דאָך געווען אין נאָרד־אמעריקא אויך. פונדעסטוועגען — בייטען זיך די צייטען. אפשר איז עס שוין אזוי בעשערט. איהר ווילט ניט גלויבען, אז אידען ווערען סוף כל סוף אויס פעדלער?

---

29.

## אַ בית עולם.

ביים ברעג אַנטלאַנטישען ים, הינטער דער שעהנער הויפּט־שטאָדט ריאָ־זשענערא, אין בראַזיליען — איז א גרויסער בית־עולם אויסגעברייט. בלויז א וועג פאַר טראַמווייען טיילט אב דעם בית־עולם פון ים. א שורה בערג־רום־פּאַלמען ציהען זיך ביים ברעג ים און זייערע געטאַקטע שטאַמען הויבען זיך אזוי הויך ארויס, אזש דעם קאָפּ מוז מען פעררייסען ביז מען דערזעהט די לולב־

צווייגען, וואָס גרינען זיך אין דער בלויער לופט. די הויכע פּאַלמען ציהען זיך מיט דער לענג פון ברעג און פון זייער הויך קוקען זיי אריבער צו די בוימער, וואָס וויגען זיך איבער מירמעלשטיינענע מצבות אויף דעם אנדערען זייט פון בית־עולם.

דאָרטען ליגען קינדער פון אלע וועלטען בעגראָבען, און ווער עס האָט פאר זיין פּלאַץ ניט בעצאָהלט, ווערען די ביינער מיט דער צייט ארויסגענומען, און וואו עס האָבען אמאָל ביינער פון א פראנצויז גערוהט, קומען ענגלישע און פערנעהמען דעם אָרט.

— בלויז איין מענש איז ביי אונז געשטאָרבען פאר צוויי יאָהרען, פון דער הייסער זון איז ער געשטאָרבען, האָט מען איהם אויף דעם וועלט־בית־עולם בעגראָבען.

ביי צוויי טויזענד נפשות אונזערע זענען דאָרט פאראן און בלויז איין מענשען פון די רוישיגע אספאלט־גאסען אריבערגע־פיהרט צום ברעג פון דעם אטלאַנטיק.

— ווי פיהלט זיך איין איד, איינער אליין אויף א וועלט־בית־עולם?

— אה, ווי אונשולדיג די זון זעהט אויס אין דער בלאַסער בלויקייט פון די בראזילישע הימלען! און ווי גליהט זי!

דאָך ווי פיהלט זיך איין איד אליין אויף א גרויסען בית עולם הינטער דער הויפּט־שטאָדט פון א נייער וועלט?

ברייט און אָפען זענען די טויערען פון בית־עולם. פּונקט אזוי ברייט און אָפען זעהט אויס דער אריינפאָהר אין דעם שעהנעם לאַנד. ברייטע אלעען ציהען זיך פון׳ם טויער און ווערען אין דער ווייטקייט ערגעץ פערפאַלען. בוימער גרינען. די פּאַלמע מיט דעם בלעטער־בוים קאָנקורירען צווישען זיך. רוישט דער ווינד, טרוקען צווישען די פּאַלמען־לולב־צווייגען און גיסט זיך אין א וואסער־גערויש איבער, וועז ער, דער ווינד, רייסט זיך צווישען די בלע־טער־צווייגען אריין. עס בלייכט זיך דער מירמעלשטיין פון הינ־טער די בוימער אפער; עס רויטעלט זיך און גיסט זיך מיט געלבען פארב דורך דער בלומען־קוסט ביים צופוסען פון קאַלטען, בלאַסען

שטיין. די וועגען און די שטעגען דא זענען אויך מיט אספאלט געפלאסטערט פונקט ווי די גאסען אין די גרויסע וועלט־שטעדט..

וואו איז אבער דער שפור פון דעם איין און איינציגען אי־דען, פון רוסלאנד? — וואו ליגט ער דא, דער איד פון רוסלאנד, וועמען די הייסע זון האט פון דער וועלט פערטריבען?

עס איז דאך בלויז א שפאס. ניט איהם אליין בין איך גע־גאנגען זוכען אויפ'ן קהל'שען בית־עולם.

אין ריא־זשענערא, אין'ם הארץ פון שטאדט, די געגענד רופט זיך אן לאפא, נעבען דעם גרויסען פארק, דאכט מיר, די היי־ליגע אננא הייסט ער, פון דארט צולויפען זיך גאסען לאנג און ברייט פינקלען דארט ליכט פון די פענסטער ארום יעדען פריי־טאג, ווי נאר די זון פערגעהט הינטער די בערג. ניט הויך זענען די הייזער דארט. נאהענט איז טיר פון טיר. איבערגעשניטען איז די טיר אין דער ברייט און ווען די אויבערשטע העלפט איז אפען, די אונטערשטע אבער איז פארמאכט. אויף די האלבע פערמאכטע טירען לענען זיך אן די אידישע טעכטער און קוקען ארום אין גאס אריין. שכנה מיט שכנה רעדט זיך דורך. עס קלינגט די אי־דישע שפראך:

— מיין מאמעשי שרייבט, אז זי ווייסט שוין, וואס איך טו דא און זאל איהרע הענד אבדארען, אויב זי וועט מיינס א גרא־שען אנריהרען —

— פאר זעלדקען האט מען די מצבה בעשטעלט אין בונעס־איירעס... דארטען געלאזט אויסקריצען.

עס פינקלען די בענש־ליכט פון די פענסטער ארום. אינעווע־ניג לויכט אויף די וועגט טאטעשי און מאמעשי'ס בילדער. עס הענגט דער רוסישער קייסער, רויט אויף וויים געמאלען. עס קוקט משה און אהרן אראב פון די וועגט.

וואו זענען די מאנסבילען? די טרייע מענער, וואס וועלען באלד קומען פון שול מיט דעם ברייטען „שלום־עליכם, עליכם־שלום"... און קידוש מאכען?

דאָס לאַנד דאַ פערלאַנגט ניט, אַז מענער זאָלען פערקויפען די פרויען־לייבער. ק ו י פ ע ן בלויז מעגען זיי, אבער ניט פ ע ר ק ו י פ ע ן. ווי אַ פערברעכער ווערט דער פערקויפער פון לאַנד אַרויסגעשיקט. אבער אַליין, די פרוי אַליין — איהר לייב, זי האָט פּראווו. און פרייטאָג־צו־נאַכטס, די בענש־ליכט אויפ'ן טיש, די בעט פערבעט, בויגט מען זיך פון דער האַלבער טיר אַרויס און עס קלינגט אין די גאסען די אידישע שפּראַך:

— געהסט היינט אין טעאַטער,ביילעשי?

— וואָס שפּיעלט מען היינט, חנה'שי?

„געבראָכענע הערצער" שפּיעלט מען היינט.

— די פּרימאַדאָנאַ געקומען פון בונעס איירעס.

— ווען גאָט זאָל מיר העלפען, אַז איך זאָל קענען אַהער מיינע קינדערלעך אַריבערנעהמען! די מאַמעשי שרייבט, אַז מיין נחום מאַכט שוין קדוש ווי אַן אַלטער.

— אין בונעס איירעס איז שווער געווען שבת אבצוהיטען.

— כ'האָב אין וואַרשע אויך ניט געקענט. געבענשט ליכט און געדאַרפט געסט אויפנעהמען.

— וויפיעל איז שוין, אַז מלכה איז געשטאָרבען?

עס קומט אָן פון עק גאַס אַן אַלטער אויסגעצויגענער נעגער מיט גרויליכע האָר, און שלעפּט אַ פּוס.

— ווי געפעלט ער דיר, רייזעלע?

— דאָס איז חיה פּעריל'ס אַ קונד.

— כ'וואָלט איהם אפילו פאַר פינף מיל־רייז ניט אַריבער־געלאָזען איבער מיין שוועל.

— איך לעג מיר היינט שלאָפען, זאָלען נאָר אויסגעהן די בענש־ליכט.

— בלומע העניע האָט ווידער אַן עמער בלוט אויסגעשפּיגען.

— אפשר וועט שוין נעהמען אַ סוף.

עס פלעכטען זיך די גאסען איינע פון דער אַנדערער אַרויס

און עם פינקלען ארוים די בענש־ליכט פון די הייזער, און עם קלינגט די היימישע שפּראַך:

— ס'האָרץ האָט איהר געזאָגט, אז זי וועט זיך פון שפּיטאָל שוין מעהר ניט אומקעהרען.

— כ'האָב קיינמאָל ניט געזעהען, אז אַ מענש זאָל אַזוי ניט וועלען שטאַרבען.

— וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט זי געהאַט אויף דער וועלט אָהן אַ נאָז?

— אודאי שוין גלייכער דער טוידט.

— הערסט, ווי עס פייפט ערגעץ אַ שיף אויף'ן ים? פּונקט אַזוי האָט געפייפט מיין שיף, אַז כ'בין אהער געקומען.

— רבקה'שי?

— וואָס, דאָבעשי?

— — — — — — — — — — — — — — — — —

„בלויז איינער איז ביי אונז געשטאָרבען" — אַזוי דערצעהלען די אינגערע אימיגראַנטען, וואָס געהען אום קלאַפּען אין די טירען סחורה צו פערקויפען. ווייזט אויס, אַז אויסגעמעקט האָבען זיי פון זייער הארצען אָט די אַלע שוועסטער אונזערע, יונגע און אַלטע, וואָס בענשען ליכט יעדען פרייטאָג צו נאַכטס און אַ גאַנצע וואָך האַנדעלט מען מיט דעם אייגענעם לייב און מיט דער עהרע פון אידישען פאָלק.

אָט די קליינע גרופּע יונגע לייט, ביי וועמען אין די אָדערען עס פליסט היים אידיש בלוט, פערשיט דעם פערפוילטען פונדאַמענט פאַר אַ אידישען ישוב, וואָס איז געלעגעט געוואָרען דורך פרויען הענדלער. זיי לעגען דעם גרונדשטיין פאַר אַ געזונטערען פונדאַמענט. די לעבעדיגע אין די הייזלאַך זענען פאַר זיי צו גאָר נישט געגליכענט און די טויטע וואָס ווערען פון יענע הייזלאַך ארויסגעפיהרט ריהרט ניט זייער האַרץ.

— בלויז איין מענש איז ביי אונז געשטאָרבען.

— בלויז איינער, ניט מעהר.

אָבער וואס איז דאָס אזעלכעס ? וואָס פאר א קברים שורות ציהען זיך עס פאר דיינע אויגען ? מען קען דאך מיינען, אז דאָ, אין דער געגענד איז אמאָל געווען א אידישע מלוכה, א מלוכה פון בלויז פרויען און אלע זיינען זיי אויסגעשטארבען יונגערהייד, אין עלטער פון אכטצעהן ביז פינף און צוואנציג זענען זיי אויסגעשטארבען... און ווי ברייט איז דאָס פעלד ! ס'הארץ ווערט איינגעשרומפּפען און די פיס ברעכען זיך אונטער. מצבות מירמעלשטיינענע אין די הונדערטער. ווייסער מירמעלשטיין, רייך בעפּוצט; אויסגעקריצט און אויסגעגילט. און ניט נעכטען ערשט האָט מען אהער די יונגע לעבענס געבראכט און בעגראבען אין דער ערד.

די טרויער־פּראצעסיע ציהט זיך אוועק אויף דריי צעהנדליג יאָהר צוריק.

— שוועסטער מיינע ! ווי קומט איהר אהער אין אזא גרויסען צאָהל ? !

און דער נוסח אויף די מצבות כמעט דער אייגענער. איין מצבה פון דער אנדערער דעם נוסח גענומען, בלויז א ביסעל פערגרייזיגט. און דורך די גרייזען :

„ווי א בוים געבליהט און צו אכט־צעהן יאהר פערשניטען געוואָרען".

„אין דער שטאָדט ווארשע געבאָרען און דאָ געשטארבען".

פּוילען האָט דאָ א שטיק יוגענד אין דער ערד בעגראָבען.

א"עס און „מדינת מאלדאוויא" האָבען די ערד דאָ זאט געמאכט.

גאליציע האָט פאר איהרע שעהנע אידישע טעכטער א קבר דאָ געגראבען.

אזש ביז אריבער דרייסיג יאָהר צוריק ציהט זיך דער שנור פון פערשניטענע לעבענס ! און דער יאָהר תרנ"א איז רייך גאר מיט מצבות אין גילדערנע אותיות.

וואָס איז יעמאָלט פאָרגעקומען ?

די ערשטע גרופּעס אימיגראנטען זענען אנגעקומען און פון

געלען פיבער אויסגעשטאָרבען. ערד־אַרבייטער האָבען זיי עס גע־וואָלט ווערען און מיט זיך טעכטער, אייגענע, און פון פרעמדע טאַטע־מאַמע מיטגענומען, כדי די ערד צו בעהערשען. די אייגענע און פרעמדע טאַטעס זענען געשטאָרבען. די מאַמעס געשטאָרבען.

— וואו רוהען זייערע ביינער?

— איך ווייס ניט. אפשר אינ׳ם האפען פון סאַנטאָס, וואו מען האָט אַרבייט געזוכט. די טעכטער, אָבער, וואָס זענען געבלי־בען, אייגענע און פרעמדע, זענען שוין צו גוטע מענשען אריינגע־פאַלען און אויף זייערע קברים האָט מען רייכע מצבות אוועקגע־שטעלט פון קלאָר־ווייסען מירמעלשטיין. וואָס איז אויף די מצבות ניט אויסגעקריצט?

„גיטעל פון פאַריז, געשטאָרבען צו זעכצעהן יאָהר" — אין אי־דיש געשריבען.

— איהר ווייסט, ווער דאָס איז?

„סימע שרה, דריי און צוואַנציג יאָהר אַלט. פון דער שטאָדט רוסלאַנד".

— אפשר ווייסט איהר פאָרט, ווער דאָס איז?

און צי זיינט איהר בעקאַנט מיט דער שטאָדט רוסלאַנד? דאָרטען איז דאָך נאָך אפשר די מאַמע ביים לעבען. די מאַמע ווײנט דאָרט געוויס די אויגען אויס:

— כ׳האָב אמאָל געהאַט אַ טאָכטער, געהייסען האָט זי סימע שרה. ווי די ליכטיגע זון האָט זי געשיינט און...

---

אין ריאָ־זשענערא, די הויפּטשטאָדט פון בראַזיליען, אינ׳ם הארצען פון שטאָדט, אינ׳ם טייל, וואָס רופט זיך אָן לאַפאַ, ביים שעהנעם פּאַרק, וואָס הייסט, דאַכט מיר, די הייליגע אננא, פון דאָרט צעלויפען זיך גאַסען אויף רעכטס און אויף לינקס. אין יע־נע גאַסען לאַכט דער טייוועל מיט גאַל אויף דעם אידישען גורל אין די ווייטע לענדער. אַ גליעד פון אונזערע גליעדער פוילט דאָרט און דער עפּוש צוטראָגט זיך ברייט און ווייט און מאַכט די לופט

פאר אונזערען א מענשען שווער און מאכט די טרערען שווער, וואס
ווי צושמאלצענע בליי ברענען זיי אין האלז אין דער רגע וואס
דיין געדאנק וויל שפינען א שעהן לעבען פאר'ן פאלק...

---

30.

## דער הייליגער בארג.

מיט א צייט צוריק איז אויף יענעם בארג געשעהן עפעס א
וואונדער: א הייליגער האט זיך דארט בעוויזען און דער פלאץ איז
פערהייליגט געווארען, א וואונדער־פלאץ געווארען פאר דער קאטוי־
לישער נשמה.

פ ע נ א — אזוי הייסט דער בארג; אויך אזוי הייסט דער
יום־טוב פאר אלע פרומע גלויביגע קאטוילען אין בראזיל. און
יעדען יאהר, א גאנצען חודש סעפטעמבער, ציהען זיך אהער פון
אלע עקען לאנד מחנות גאטספארכטיגע, נשמות זינדיגע, אין די
קאטוילישע נעצען געפאנגענע. ווער עס שלעפט זיך צופוס דורך
דער בערגיגע געגענד, ווער — אויף זיין אייזעל, און ביי וועמען
די גאטס־פארכטיגקייט הויבט אן שוואך צו ווערען — דער ערלויבט
זיך מיט דער אייזענבאהן צו קומען אהער.

אין די פיער זונטאגס וואס אין חודש סעפטעמבער, יעמאלט
געהט די גאטעס־דיענסט אן דורך טאג און דורך נאכט.

ביי א שעה רייזע מיט'ן באן פון ריא־דע־זשענערא איז צו יע־
נעם בארג. און אין דריטען זונטאג פון חודש סעפטעמבער בין איך
אהין געפאהרען. ס'איז געוועזן ארום זעקס אין דער פריה ווען איך
בין אנגעקומען צום סטאנציע. דא האבען זיך צוויי שטראמען
מענשען בעגעגענט. דער עולם וואס האט זיך שוין אומגעקעהרט
פון דארט האט געשמייכעלט גליקליך צו די, וואס האבען זיך נאך
איצטער געקליבען ארויסצופאהרען דער עולם, צום מיינסטען א
שווארץ־הויטיגער, אין ווייסען געקליידעט. גוטמוטיג איז דער בראַ־
זיליאנער און מיט גוטמוטיגקייט קלינגט יעדעס ווארט אפילו אויף
די עפענטליכע ווארנונגען. ניט העפליך — נאר גוטמוטיג.

„מען בעט דאָס ווערטהע פובליקום ניט צו זעצען זיך אויף די דעכער פון די וואַגאָנעס, ווייל ס'איז א סכנה".

אזאַ אויפשריפט איז ארויסגעשטעלט ביים ארויסגאנג צום פּלאטפאָרעם.

פונדעסטוועגען קלייבט זיך דער דרייסטערער עולם ארויף אויף די דעכער פון די וואַגאָנעס, ווען אינוועניג איז שוין ניטאָ קיין פּלאַץ אפילו צו אטעמען.

דער צוג לויפט דורך א פלאכע געגענד און פון יידע זייטען זעהען זיך גרינע בערג, וועלכע שניידען זיך אריין אין די בלוי־בלויע הימלען. און דאָ אינווענינ אין וואגאָן, פיהל איך די ווארימקייט וואָס שלאָגט פון די גאָטס־פאָרכטיגע.

אין אונזערע מקומות דאכט זיך אונז זעהר אָפט, אז אלע נעגערס האָבען איין פנים. ממש שווער אבצוטיילען איין געזיכט פון אנדערען. דער שטאַנדאַרט פאר שעהנקייט איז די ווייסע הויט. אויף דעם ווייסען פּנים בעמערקען מיר דעם דינסטען שטריך. דאָ אבער איז פונקט פערקערט: די אויג הויבט אָן צו פערנאַכלעסי־גען די ווייסע געזיכטער, און די פאָרמען פון דעם שווארצען ווערען בולט'ער, די געזיכט־ציגע היימישער און דו הויבסט אן אבצושיי־דען פון געזיכט ביז געזיכט אפילו — צווישען אויגען און אויגען. ס'ווייסע געזיכט הויבט אן אויסצוזעהען איינטאָניג און ווי אבגע־קאָכט.

דער צוג שטעלט זיך אב. א דיקע מענשען־וואנט ווארט אונזער פּלאַץ צו פערנעהמען אין די וואַגאָנעס. פון ווייטען זעהט זיך דער בארג. א פעלזען־שטיין, א דריי הונדערט פוס הויך, און אויפ'ן שפּיץ א קליינע קירכע.

און מענשען ארום — עס שווימעלט און גריבעלט. כמעט אלץ איז געקליידעט אין ווייסען און פון דעם ווייסען ארויס פינטלען זיך ארויס שווארצע געזיכטער. צווישען שטיינער און פאַלמען הויבט אָן דער וועג פיהרען בארג ארויף. דער געדראנג איז גרויס. אין די צעהנדליגער טויזענדער בעוועגען זיך די פערשוויצטע מענשען־

מאסען. ביים בארג־ארויף, פוןביידע זייטען וועג — צוויי שורות בעטלער.

אבער בעטלער!

עס גלויבט זיך גאר ניט, אז אזעלכע פערזעהענישען זענען פון מענשענס מוטער־לייב ארויסגעקומען, אז דאס זענען אמאל קליינע קינדער געווען, געוואקסען, געוואקסען און אזעלכעס ארויס־געקומען.

גרויע נעגערטעס מיט געשוואלענע פיס ווי קלעצער — א היי־מישע קראנקהייט — ליגען זייערע פיס ארויס צום וועג. די הויט צופלאצט און די וואונדען אייטערען זיך. מענער און פרויען־געזיכ־טער געשוואלענע פון שכרות און מיט וואונדען פון דער געקויפטער ליעבע. אויסגערונענע אויגען, אבגעפוילטע פיס, קרומע, לאמע, אנגעבלאזענע און אויסגעבלאזענע בעשעפענישען מיט שמוציגע פערפעסטעטע רעשטלעך הענט צום וועג ארויסגעשטרעקט. קוקסט און טראכסט:

— ניט דער דלות האט דא פון ביידע זייטען וועג זיינע קינ־נע קינדער אויסגעזעצט; געמאכט זיי די הענט אויסשטרעקען צו די מענשען־מאסען. — ס'האט דא די מענשהייט א קראנקען ארט פון איהר גוף אבגעדעקט. דער אנגעגריפענער און פערפוילטער גליד האט זיך אבגעדעקט פונקט אויף דעם ארט וואו די גלויביגע געהען פערביי...

עס קומט אן א ווייס־בלאנדע יונגע דאמע אין ווייסען געקליי־דעט, דער וויכער הוט ביז די אויערען אראבגעבויגען און מיט ראָ־זע בענדער אונטער געמבע פערבונדען. די באקען ראָז געפארבט און די אויגען ליכטיג און בלוי. אזא זעלטענהייט דאָ. דאס געזיכט זעהר אבגעטראגען אבער איצטער זעהט עס אוים ערענסט, מיט פרומקייט בע'חנ'ט. זי געהט פון בעטלער צו בעטלער; פון א ווייס זילבער־געשטריקט זעקעלע נעהמט זי מטבעות ארויס, און פערפעלט קיינעם ניט פון די בעטלער איהם אין האנט א נדבה אריינצולעגען.

דער עולם מיט זינדיגע געדאנקען, דערשמעקט ווער ס'איז.

מען קלייבט זיך ארום איהר; מען וויצעלט זיך, מאכענדיג צו איהר פרעכע אויגעלעך. זי אבער, קיין איין נערוו טוט ניט קיין ציטער אויף איהר געזיכט. זי קויפט איצטער אויס איהרע זינד. און מיט מוטער־ליעבע קוקען איהרע אויגען צו די, וואָס טראָגען אויף זיך די וואונדען פון דער געקויפטער ליעבע.

דער וועג צום קלויסטער ווערט שווערער און אין דעם פעלז זענען אויסגעהאקט נאטירליכע שטיין־טרעפּ. גאָר די גאָטס־פּאָרכטיגע לאָזען זיך אראָב אויף די קניה און אזוי פויזען זיי פון טרעפּ צו טרעפּ, אויסרייבענדיג די קליידער אויף די קניה ביז צום לייב.

א יונגערמאן מיט א רויט געזיכט האָט זיך שוין פון די כחות ארויסגעשלאָגען. זעהט אויס, אז א לאנגען, לאנגען וועג האָט ער אויף די קניה דורכגעמאכט, און כאָטש ביז צום שפּיץ בארג איז שוין ניט ווייט, נאָר עס דאכט זיך אויס, אז ער וועט קיינמאָל אהין ניט דערגרייכען. די קליידער אויף איהם נאס פון שוויים, ס'פּנים מיט שטויב און שוויים, בלאָטיג; די קניה אויסגעריבען און ס'נאַקעטע לייב צובלוטיגט. ער ציהט זיך מיטביידע הענט פאָראויס, און ביז ער שפּארט זיך אָן מיט דער קניה אויפ'ן נעקסטען טרעפּעל לאָגען איהם אויפ'ן פּנים אנגסטען ארויס. די אויגען פערשלאָסען און דאָס פּנים אין קראמפּען, ווען די בלויזע וואונד ריהרט זיך אָן אָן דעם רויען שטיין.

א מוטער, אויסגעמאטערט, צובראכען שלעפּט זיך אויף די קניה, געפיהרט פון איהר יונגע קינד, א מיידעלע וואָס קוקט מיט רחמנות דער מוטער אין די אויסגעלאָשענע אויגען.

דער צאָהל פון די וואָס געהען אויף די קניה ווערט אלץ גרעסער וואָס נאָהענטער מען קומט צום קלויסטער אויבען.

און דער קלויסטער אויפ'ן ראנד פון פעלזען, נאָר אראָבצופאלען, ער איז ניט גרויס און שפּאָגעל ניי. די מענשען קנוילען זיך און שטופּען זיך צום טיר אהין ארייצוקומען אָדער ארייצובליקען. פיעל טראָגען גרויסע ליכט וואקסענע, אין גרויס פון א מענשען זענען די ליכט. אויף די ליכט, צייכענס, אנדערע מיט מענ־

שען געזיכטער. די ליכט ווערען אָנגעצונדען ביים דערנעהנטערען זיך. אינווענינג איז א וואלד פון ברענענדיגע ריעזען־ליכט. און דער געזאנג פון די גלחים און בעטענדע שלאָגט זיך ארויס פון אינווע־ניג אינאיינעם מיט דער היץ און טשאד פון די אָנגעצונדע ליכט.

די געזיכטער וואס בעווייזען זיך פון אינווענינג זענען אויס־געשוויצטע, אויסגעמאטערטע און צומאָל אויסגעוויינטע.

די ווייסע גלחים מיט ווייסע, פון שוויים צושוואומענע קראַ־גענס אין זייערע לאנגע שווארצע בגדים זעהען אויס ווי זאטע, גע־פּאשעטע פערד, וואָס נאָך דעם ווי מען האָט זיי געכאָליעט און זייער פעל געפּוצט, האָט מען זיי פּלוצלונג אין א שווערער משא איינגעשפּארט, ניט געבענדיג צו עסען און טרייבענדיג ביז א פּארע שלאָגט פון זייער פעל...

די בלאָנדע ווייסע דאמע מיט דעם אבגעטראָגענעם פּנים און בלוי־ליכטיגע אויגען האָט שוין איהר חוב בעצאָהלט ביי די בעטלער און איצטער הויבט אָן א שמייכעלע ארויסצוקוקען ביי די ווינקלען פון דעם רויט־געפּארבטען מויל. כמעט אין טיר פון קלויסטער נעהמט זי אויף די וואונקען פון די אָבגעריינינגטע יונגע נשמות. אימעצענעם א דרייסטע האנט האָט געטראפען צו איהר אָרעם און זי ווערט ווייט פון קלויסטער־טיר אבגעפיהרט.

פון שפּיץ בארג זעהט זיך די געגענד ארום. ביים האָריזאנט ציהען זיך די צובראכענע קאנטורען פון די בראזיליאנער הימלען: די בערג וויקלען זיך אין די הימעל־ברעגען איין. די זון קלייבט זיך, קלייבט זיך העכער ארויס, און אזוי פיעל ליכט שטראמט פון איהר, אזש דאָס ליכט איז אָנצונעהמען מיט'ן האנט. ווי א ליכטיגע נעץ ציטערט אין טאָל, אלץ איין זיך ארייננכאפּענדיג.

די שטארקע נאטירליכע ליכטיגקייט שטערט דעם רעליגיע־זען עקסטאז ארום קלויסטער און די פּלעמלעך פון די הויכע, דיקע, וואקסענע ליכט טשאדען די לופט און די פרומע טרער ווערט מיט דעם ברודיגען שוויים אויסגעמישט.

דאָס ליכט פון פריהמארגען ווערט נאָך העלער און ביים האָרי־

זאנט בעווייזען זיך אלץ נייע און נייע בערג איינער פון דעם אנ־
דערען ארויסגעקוואָלען... איך קוק צו דער ווייטער ליכטיגער וועלט
און דורך מיין הארצען הויבט אָן ציהען א ווארימע ליכטיגקייט.

---

31.

## אויפ׳ן שוועל

וואָס מעהר איך זיץ אין ריא דע זשענערא אלץ מעהר געפעלט
מיר די שטאָדט. וואס לענגער איך בלאָנקע מיר ארום אין דעם
לאנד, וואָס איז פאר אונז אייראָפייער מיט לעגענדעס ארומגערינ־
געלט, אלץ מעהר ווער איך צוגעבונדען צו דעם לאנד. און איצטער
שויין שטעהענדיג אויפ׳ן שוועל און געזעגענענדיג זיך אין הארצען
מיט די אלע גרינע בערג וואָס קוקען פון אהינטער די בלויע הימ־
לען אפער, צוקוקענדיג זיך צו דעם צושראָקענעם עולם וואס
שטרענגט אָן די נערווען צו אלץ וואָס קומט איצטער פאר אין דער
אלטער וועלט — קומען גאנץ ערענסטע און טרויעריגע געדאנקען
אויפ׳ן זינען. עס פערדריסט פאר וואָס זענען אָט די אלע זיד־אמע־
ריקאנישע לענדער אזוי אונבעהאלפען אין זייער פאָליטישען לע־
בען, לאָזען זיך פון אימעצען פיהרען ווי קליינע קינדער?

נאָך אלץ קען מען מיינען אז בראזיל איז בלויז אן ענגלישע
אָדער דייטשע קאָלאָניע. די אייגענע שוואכקייט, אבגעלאָזענקייט
און לייכטזיניגער־שוואכער כאראקטער פון די שפאניער און פור־
טוגעזער ביי זיך אין אייראָפע, ביי זיך אין דער היים, איז אהער
אריבערגעטראָגען געווארען. און דאָס איז אפשר די הויפט שטערונג,
וואָס אזעלכע גוואלדיגע לענדער ווי ארגענטינע און בראזיל ענט־
וויקלען זיך אזוי פאמעלאך, ווערען פון גורל צו גורל געווארפען.

די הויפטשטאָדט איז שעהן, די גרויסע שטאָדט איז רייך. דאָס

האָט מען צו פערדאנקען דעם געלען פיבער וואָס צווינגט די גרויסע שטאָדט ריין צו האלטען.

דאָס אויסערליכע, וואָס ווארפט זיך אין די אויגען מאכט דעם איינדרוק, אז אלץ איז דאָ אין דער בעסטער אָרדענונג. קוקט מען זיך אבער אריין טיעפער אין דעם גאנצען ענין אריין וועט איהר אויסגעפינען, אז מיט דער שטאָדט איז דאָס אייגענע ווי מיט די ווייסע קריגשיפען וואָס שטעהן דאָ אין האפען: גאנץ אָפען ווערט געשמועסט, אז אינעווייניג אין די שיפען איז לעדיג, נישטאָ מיט וואָס צו שיסען, נאָר פאר א שיינדעל האָט מען זיי אין אריינ־פאָהר אויסגעשטעלט. און די שעהנע, ציכטיגע הויפטשטאָדט מיט די שעהנע רעגיערונגס בנינים, מיט די ברייטע אספאלט גאסען, אלץ, אלץ וואָס די אויג זעהט, קען מען מיינען איז ערגעץ אויף בארג אין איירָאָפּע בעשטעלט געווארען, און איין נאכט האָט מען די גאנצע שטאָדט א פארטיגע געבראכט, אריבערגעפיהרט קיין בראַ־זיליען, צופוסענס די בערג ביים ברעג ים אנידערגעשטעלט. אי־מעצער אין איירָאָפּע האָט די שטאָדט אויסגעבארגט דעם בראזיל־יאנעם פאָלק פונקט ווי די פרוי וואָס בארגט זיך אויס א קלייד א שעהנע, פאר דער וועלט זיך צו בעווייזען. עס מאכט דעם איינדרוק אז דער היגער, איינגעבוירענער איז בלויז אָנגעשטעלט ביי זיך אין לאנד, דיענט עפּעס א פרעמד פאלק וואָס וואוינט ווייט פון דאנען: ענגלאנד, דייטשלאנד, פראנקרייך, איטאַליען — איהר ווייסט אליין ניט ווער דער „פרעמדער־אייגענער„ איז.

דאָס לאנד האָט אוצרות. נאטירליכע רייכקייטען און דאָך איז דער גרעסטער אידעאל פון דעם איינגעבוירענעם —א שטעלע צו האָבען ביי דער רעגירונג. מיט פערשיעדענע וועגען און שווינדלען דרעט מען זיך ווי ס'איז אריין אין א רעגירונגס אנשטאלט. פערזי־כערט זיין. געהאלט בעקומען. גלייך ווי קיין אנדער זאך איז פאר דעם היגען נישטאָ ביי וואָס זיינע הענט צו פערטשעפּען. אוואו דאָס מזל אויספּרואווען. און פשוט נשתומם צו ווערען, ווען איהר געהט אריין אין פּאָסט אדער, אין א פּאָליציי בעצירק, וויפיעל אָנ־

געשטעלט איהר בעמערקט דארט. ממש איינער דעם אנדערען שלאָגט די פּלייצעס אָב. ווילט איהר עפּעס אויסגעפינען הויבט אייך איינער אָן אבצושיקען צום אנדערען, איינער פרעגט ביים אנדערען און דער סוף, אז איהר געהט ארויס אָהן א תשובה.

אין בראזיליען שאצט מען די בעפעלקערונג פון קרוב צוואנציג מיליאָן נפשות און ווער ס'האָט בייגעוואוינט די קינדערשע אונבעהאלפענקייט, וואָס האָט זיך ארויסגעוויזען אין לאנד, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראכען! בראזיליאנער געלט איז געפאלען און ס'איז ניט געווען וואָס צו מאכען דערמיט. דאָס לאנד האָט ניט קיין אייגענע מטבעות אין גאָלד. דאָ ווערט געברויכט דער ענגלישער פונט־שטערלינג. און ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכען איז דאָס גאָלד ווי דורך א נס פערשוואונדען געווארען. אין לאנד האָט איהר זיך ווי ס'איז געקענט דרעהען מיט זייער פּאפּירען־געלד, אבער ארויספאָהרענדיג פון לאנד, נעהמען די פּאפּירלאך אויסבייטען אין גאָלד, איז דערפון כמעט גאר ניט געבליבען. איבעראל האָבען צוליעב דער מלחמה נייטראלע לענדער זיך דערזעהן מיט דער מטבע און בראזיל איז געבליבען בע'קבצנ'ט.

ווער ווייסט, אפשר וועט די איצטיגע אייראָפּייאישע מלחמה אביסעל עפענען די אויגען פון די זיד־אמעריקאנישע פעלקער און זיי וועלען ארויסזעהען, אז צייט שוין, לאנג צייט, אז זיי זאָלען אבלאָזען די האנט פון זייערע אייראָפּייאישע פיהרערס; לאָזען צורוה די אלטע פערפוילטע פארמען פון לעבען, פאר וועלכע אייראָפּע צאָהלט איצטער אזוי טייער און — איינפיהרען נייע פארמען, גרינגערע און שעהנערע. עס מוזען אבער נייע דורות דאָ געבוירען ווערען; עס מוזען אהער קומען אויסדערוועהלטע פון דער וועלט און מאכען די זידליכע לענדער פאר דאָס, וואָס זיי האָבען געדארפט זיין, א שאָד, א גרויסער שאָד, וואס די פיהרער אין די לענדער זענען שפּאניער און פּארטוגעזען. א שאד וואָס די דערציהער פון די נייע דורות זענען קינדער וואָס האָבען ערגעץ א פּ א ט ע ר־ל א נ ד. ווארים אויב ס'זאָל געלינגען די זידליכע נאציאָנען זיך

צו בעפרייען פון דעם שעדליכען איינפלוס, וואָס די אַלטע פערשווינדעלטע גרויסמעכטע פון דער אַלטער וועלט האָבען דאָ, וועט דאָך אבער גאר ניט אזוי גיך געשעהן דער נס, אז זיי זאָלען זיך פערגעסען אָהן דער שפּאנישער און פּארטוגעזישער היסטאָריע.

ס'איז ניט דערפאר ווייל איך בין א איד, רעד איך אזוי וועגען שפּאניען און פּארטוגאל. ווער קען דען ביי היינטיגע צייטען פיהרען אלטע חשבונות? עס פערדריסט בלויז, וואָס אין יונגע לענדער האָט מען געלעגט א פונדאמענט פאר דער צוקונפט ניט פון דעם פיינעם גראניט נאָר פון אלטע ציגעל ארויסגעשלעפּטע פון אונטער אייראָפּייאישע חורבות.

ווער בעדאַרף האָבען אין די נייע לענדער טראדיציעס און ענגהארציגקייט? ווער בעדארף האָבען דאָ אין די רייכע, רייכע לענדער, פון גאָט אליין געבענשטע — א שפּראך־פּראגע, א שפּראךצוואנג, און דעם פינסטערען קאטוילישען גלויבען?

אָט די אלע אונצאָהליגע קלויסטערס וואָס ווערען דאָ אויף שריט און טריט אויפגעשטעלט פון דעם פיינסטען גראניט — עס כאפּט אָן א שרעק אויף זיי קוקענדיג. פארבייגעהענדיג ביי אַ קלויסטער אין בראזיל און הערינג דעם הייליגען געזאנג, וואָס ציהט פון אינוועניג, דאכט זיך, אז דער געזאנג קומט פון ליסאבאן צו ציהען; די אייגענע הויפּטשטאָדט וואו עס וואוינען די טאַטעס פון אָט די פיהרער אין דעם נייעם, יונגען און בליהענדען לאנד.

---

## 32.
## שרעק.

איך פאהר קיין נאָרד אמעריקא, אויף אן ענגלישער שיף און דער פּחד פאר דער מלחמה הענגט איבער אונז. ביינאכט ווערט כמעט ניט אנגעצונדען קיין ליכט אויפ'ן שיף. אין די קאיוטעס

האָט מען די פענסטער פערקלעבט מיט שווארצען פּאַפּיר, אז טאָ־מער צינדט ווער אָן ליכט זאָל זיך עס ניט זעהן פון דרויסען. אין עסען־זאַל ווערען די פענסטער שווער פערהאנגען, אין אווענד ביים עסען. די שרעק פאר די דייטשע קריגשיפען וואָס דרעהען זיך אום אין אטלאנטיק לאָזט ניט רוהען, כאטש פון צייט צו צייט בעוויי־זען זיך פון ווייטען ענגלישע קריגשיפען, וואָס בעגלייטען אונז. איך האָב זעהר געוואָלט מאכען מיין רייזע אויף א בראזיליאנער שיף. די היגע רעגירונג האָט עטליכע פּאסאזשיר שיפען, וואָס געהן צווי־שען נאָרד און זיד־אמעריקא. און צוויי וואָכען צייט בין איך גע־גאנגען אין דער קאנטאר פון דעם „ללאָאיד בראזיליערא“ און האָב ניט געקענט אויסגעפינען ווען זייער שיף געהט אב. דער דריי שטאָ־קיגער בנין פון גרויען גראניט, וואָס געפינט זיך ביים האפען, איז פול מיט אנגעשטעלטע און קיינער ווייסט ניט ווען די שיף וועט אבגעהן. איינער שיקט אב צום אנדערען. אזש צום דירעקטאר אליין זיך דערשלאָגען:

— ווען געהט אב די שיף „ס׳פאאולא“ קיין ניו יאָרק?

— מען ווייסט נאָך ניט. זי קומט ערשט מאָרגען אָן פון דאָר־טען. קום אין א פּאָר טעג ארום.

געקומען אין א פּאָר טעג ארום.

— ווען געהט אָב די שיף קיין ניו יאָרק?

— מען ווייסט נאָך ניט. איצטער איז דער צעהנטער אקטאָ־בער, כ׳גלויב, אז דעם צוואנציגסטען וועט זי געהן. קום אין א פּאָר טעג ארום וועט מען דיר פערקויפען א שיפס־קארטע.

אין א פּאָר טעג ארום:

— ווען געהט אָב די שיף קיין ניו־יאָרק?

— מען ווייסט ניט. אפשר ארום דרייסיגסטען וועט זי אב־געהן. קום אין א פּאָר טעג ארום וועט מען דיר פערקויפען א שיפסקארטע.

כ׳האָב אויפגעהערט צו גלויבען, אז די בראזיליאנער שיף וועט אמאָל גאר געהן; און אפשר איז גאָר קיין שיף ניטאָ.

און אזוי בין איך מיט גרויסע חסדים פון דעם ענגלישען קאנ־סול און פון דעם רוסישען קאנסול, מיט אויפשריפטען און חתימות און הערב־מארקעס אויף מיין אויסלענדערשען פאספארט, אנגע־קומען געווארען אלס פאסאזשיר אויף דער „וואנדייק", וואס געהער צו אן ענגלישער שיפסקאמפאניע. דער פרייז פאר א ביליעט צוויי־טע קלאס כמעט אזוי הויך ווי די פרייזען ערשטע קלאסע אין א גע־וואוינטליכער צייט, און די אויפפאסונג אויפ'ן שיף, דאס פנים פון די בעדינער און אפילו פון די אפיציערען, מאכט דעם איינדרוק, אז מען ריכט זיך גאר ניט אמאל צו דערקלייבען קיין ניו־יארק.

אין אייראפא אין מלחמה און דא אויפ'ן שיף הונגערט מען דעם עולם גלייך ווי פון אייראפא בעדארף מען שפייז פראדוקטען פאר'ן שיף אננעהמען. אלץ ארום איז שמוציג גלייך ווי מען ריכט זיך סיי ווי, הייסט — מארגען צו שטארבען. דער ברויט ניט אויס־געבאקען, דער קארטאפעל ניט איינגעקאכט און ארום דיין טעלער אויפ'ן טיש קריכען ארום „פרייסען".

— וואס איז דאס? — פרעג איך דעם סטווארט.

— דאס זענען אונזערע הויז־חיות.

— וואו זענען זיי געווען פאר דער מלחמה?

— פאר דער מלחמה — שמייכעלט ער — האבען זיי מורא געהאט.

אויפ'ן שיף מיט מיר פאהרט פון ריא זשענערא א ר ו ס. דאכט זיך א געבילדעטער מענש. פון נייעם דור. געענדיגט יוני־ווערזיטעט. אלץ דוכט זיך גוט. וואלט ער אבער רוסלאנד אויף זיינע פלייצעס ניט טראגען! וואלט ער נאר אזוי פיעל ניט קריטי־קירען די רעפובליקאנישע לענדער, און ווען ער וואלט נאר ניט ווי־סען אזוי אויסגעצייכענט וויפיעל אידען עס וואוינען אין ריא זשע־נערא; וויפיעל עס בעשעפטיגען זיך מיט ארענטליכער ארבייט און יועל עס פערנעהמט זיך מיט שווינדעל.

אט די ה ע כ ט ־ ר ו ס י ש ע ספעציאליטעט וואס מאכט אזוי נערוועז אויסערהאלב פון יענער גרויסער מדינה.

— ענגלאַנד און רוסלאַנד וועלען אין דער צוקונפט פיהרען די גאַנצע וועלט.

— זעהר גוט.

— מעהר קיין פּאָגראָמען וועט מען אין רוסלאַנד ניט מאַכען.

— פון וואַנען ווייסטו עס אַזוי גוט?

— אַזוי. ס'איז שוין גענוג. די זון פון רוסלאַנד גערט אויף.

— וואוהין זשע פאָהרסטו איצטער? — פרעג איך איהם.

— איך פאָהר אַ ביסעל זיך בעקאַנען מיט דעם לאַנד פון געלט און בלאָף, און דערנאָך וועל איך זיך אומקעהרען קיין רוסלאַנד אָנשליסען זיך אין דער מלחמה.

— געוועזן אַמאָל אין נאָרד אַמעריקאַ?

— קיינמאָל ניט. כ'ווייס, אַז אידען זענען דאָרט די בעלי־בתים.

אַט אַזוי פאָהר איך אויף אַן ענגלישער שיף, בלויז צוליעב דעם חסד וואָס איך האָב אַ רוסישען פּאַספּאָרט.

מיר ציהען פון דרום קיין צפון און דערנאָהענטערען זיך אַלץ מעהר צו דער אַלטער וועלט. ענגלישע קריג־שיפען בעגלייטען אונז, אָבער דאָך איז מיין האַרץ עפּעס ניט אין גאַנצען זיכער. און יעדעס מאָל, וואָס אונזער שיף שטעלט זיך אָב ערגעץ אין אַ האַפען, אָדער יעדעס מאָל ווען עס בעוויזט זיך פון מערב־זייט אַ פּאַס ערד — כאַפּט מיר אַ שטילע פרייד אַרום פיהלענדיג, אַז ביי בראַזיליאַנישע ברעגעס זענען מיר נאָך.

---

33.

## באהיא

די שטאָדט באַהיאַ געפינט זיך ביים אַטלאַנטיק. אין דעם ים־אויסגוס פון „אַלע היילינע". פערמאָגט אייניגע הונדערט טויזענד איינוואוינער און דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג קלויס־טערס.

— לויט דער צאָהל טעג אין יאָהר איז די צאָהל פון די קלויס־טערס.

דאָרט איז די אַלטע נעסט פון דעם קאַטוילישען גלויבען און ביז מיט עלף יאָהר צוריק איז באהיא געווען די מעטראָפּאָליטען פון דער קאַטוילישער קירכע אין בראַזיל. און גלחים און מיסיאָנע־רען און גלאַט קלויסטער־בטלנים טרעטען ממש די פיס אָב.

ס'איז געווען אַרום ניין אין דער פריה ווען איך האָב פערלאָ־זען מיין שיף, וואָס האָט זיך אָבגעשטעלט אַ פּאָר מייל פון האַפען, און אין אַ מאָטאָר־שיפעל האָב איך זיך דערקליבען צום ברעג.

דער אונענדליך לויטער־בלויער הימעל האָט פערכאַפּט אַ גרוי־סען שטח פון ים אריינגעמענדיג אַ טייל פון'ם בערגיגען ברעג, צו־זאַמען מיט דער אונטערשטער טייל שטאָדט. דער ווייס־זאַמדיגער ברעג בלאַנקט אַנטקעגען דער זון אַזש די אויגען בלענדט עס, פּונקט ווי עס בלענדען די אויגען די ברייטע שנע־פעלדער אין אַ זוניגען ווינטער־טאָג.

דאָ קומט אָבער אויס צו געהן ניט איבער שנע־פעלדער, נאָר איבער אַ בלענדענדען זאַמד־פעלד און די זאַמד איז אַזוי גלוטיג, אַזש די שיך ווערען ביז צום לייב צוגליהט.

עס הויבט זיך אָן דער אונטערשטער טייל שטאָדט, ציהט זיך אין אַ שמאָלען פּאַס מיט דער לענג פון ברעג. דאָ געפינען זיך פיעל געשעפטען און אַלע מערק. דער עיקר שטאָדט ליגט מיט אַ פּאָר הונדערט פוס העכער און עלעוועטאָרס גרויסע נעהמען דעם עולם אַרויף אויבען.

מיט איהר קאָנסטרוקציע דערמאָנט די שטאָדט געוויסע ווינ־קעלעך אין ליסאַבאָן, די הויפּט־שטאָדט פון פּאָרטוגאַל. אויך אַזוי בערגיג צובראָכען די גאַסען, באַרג אַרויף און באַרג אַראָב. מיט איהר שמוץ אָבער — איז באהיא געראָטען אין זיך אַליין.

אָט דאָ, אין דער אונטערשטער טייל שטאָדט, וואו אַלע לע־דיג־געהער בראָטען זיך אויף דער זון איז דער פּלאַץ וואו די מערק געפינען זיך, וואו אַלע שפּייז־פּראָדוקטען פערקויפט מען — דער

געשטאַנק טראָגט זיך פון ווייטען — אַלץ אינאייינעם געמישט, אויפגעהורבעט.

גרינסען און פערפוילט פלייש, לעבעדיגע מאלפעס און שטי־קער געזאַלצענע פיש, פאפוגייען און צושניטענע טשערעפּאַכעס. די מאלפעס פון אלערהאנט און אלער גרוים צוגעבונדען צו קאס־טענס, אדער גלאט צו עפּעס, רוהען ניט, ווי א דבוק זאָל אין זיי זיצען; לויפען אהער, לויפען אהין, כאפּען א דורכגעהער ביי א האנט, ביי א פוס. די פּאפּוגייען פילדערען, גוואלדעווען ווי א בייז אומגליק וואָלטען זיי ווארטען.

מיט אַזאַ גוואלדיגער שפּע רייסען זיך אריין די זונענשטראַ־לען און בראטען די פעטע שטיינער פון ברוק, פרעגלען די האלב־נאקעטע נעגער און נעגערטעס, וואָס קאלאטשען זיך דאָ ארום אָהן א ציעל. פונקט ווי די זשוקעס, וואָס גריבלען זיך אין די מיסט־קערבלעך, אזוי ציהט עס אהער צום מארק דעם עולם לעדיג־געהער וואָס אין האפען.

אויפ'ן מארק בייסט מען צו, אויפ'ן מארק שפּיעלט מען אין ליעבע און דאָ כאפּט מען א דרעמעל אויף גאָט'ס בעראָט.

אזוי פויל בעוועגען זיך די הענט: אזוי פויל הענגען די קליי־דער אויפ'ן מענשען; אזוי נאריש־צוקראָכען קוקען ארוים טיילען אבגעדעקט לייב ביי די מענער און פרויען:

זיצט אויף ד'ערד א צושוואומענע אלטע נעגערטע, ווי פון א שווארצען, שיטערען טייג איז זי אויסגעקנאָטען און דער עהל אין איהר קומט ארוים און גלאנצט אנטקעגען דער זון. נעבען איהר א בארג לעבעדיגע ים־ראקעס. זי מאכט זיי „ריין" צום קאָ־כען און דערוויייל כאפּט זי זיך א שמועס מיט איהרע גוטע פריינד אין איהר גלייכען, וואָס זיצען קעגענאיבער אויף דר'ערד האלב־נאקעט. זי האלט פאר א פוס א לעבעדיגען ראק און שקראבעט איהם אזוי פויל; די אויגען איהרע געווענדעט צו איהרע פריינד. דער ראק דערפיהלט דעם מעסער, ער הויבט זיך אָן צו רייסען,

קריכט אַרויס פון אונטער איהרע ברודיגע פינגער לאָזענדיג אַ פּוס אין איהרע הענט.

עס וואָלט זיך וועלען, אַז אַ ריעז זאָל אָנקומען פון ערגעץ צושפּרייזען און מיט אַ גרויסען בעזעם אונטער'ן אָרעם און אָט די אַלע מערק מיט אַלע לעבעדיגע און ניט־לעבעדיגע בעשעפּענישען אין ים אַריינקערען און אַן עק זאָל עס נעהמען...

קומט מען אַרויף מיט דעם עלעוואַטאָר אויבען, אין דער אויבערשטער טייל שטאָדט, בייט זיך דאָס בילד. די קלויסטערס אויף יעדען שריט און טריט און די שווערע ווייסע גלחים אין שוואַרצען געקליידעט, די ענגע געדרעהטע געסלאַך און דער סטיל פון די הייזער — מיט אַלטקייט בלאָזט פון דעם און דו פערגעסט אַ ווײַלע אַן די שמוציגע מערק. דורות הויבען אָן ציהען פאַר דיינע אויגען.

— וואָס האָבען דען מיסט־בערגלעך מיט דער היסטאָריע צו טאָן? און וואָס קערען זיך אָן אָט די אַלע קלויסטערס און זייערע גלחים מיט דער פערשוויצטער, אַלטער נעגערטע, וואָס שקראָבעט לעבעדיגע ראַקעס מיט אַ טעמפּען מעסער?...

אומגעהענדיג אין דער אויבערשטער טייל שטאָדט קענסטו מיינען, אַז אין אַ פּאָרשטאָדט פון ליסאַבאָן ביסטו. אָדער אַ שטיק פון יענער פּראָטוגעזישער הויפּט־שטאָדט האָט מען אָבגעשניטען און געבראַכט אַהער.

די גלחים וואָס דרעהען זיך אום אין די גאַסען אָדער ביי די טירען פון די קלויסטערס — עפּעס אַ פינסטערען סוד טראָגען זיי מיט זיך אַרום. ביי דעם עלטסטען קלויסטער „סאַן פראַנציסקאָ“ שטעהט אַ טרוקענער, אויסגעצויגענער מאָנאַך, אויסגעטריקענט ווי אַ לולב און ער דערצעהלט זאַכען פון פאַר דריי הונדערט יאָהר צוריק. דאַכט זיך, אַז ערגעץ אין אַ שפּאַלט, צווישען די שטיינערנע ווענט, האַלט ער זיך אויף פון יענע צייטען אָן און ער טריקענט, און ער טריקענט איינאיינעם מיט דעם קאַטוילישען גלויבען דאָ אין לאַנד.

**אויך דאָ, ווי אין פּאָרטוגאַל, האָט מען די מאַראַנען געברענט:**

און אידען האָבען זיך דאָ געפּרובט ראטעווען פון די קאטוילישע נעגעל העלפענדיג די האָלענדער צו בעזיעגען די געגענד אויף א קורצער צייט.

ביי היינטיגע צייטען איז דער פּאָרטוגעז דער געזעצליכער פאָטער פון דער בעלעבטער געגענד דאָ. דער פּאָרטוגעז איז דער איינציגער וואָס איז זיך געוון משדך מיט דעם איינגעבוירענעם און שטעלט אויף דורות מיט א פארב פון קאווע־מילך קאָליר אין פּנים. דער ווייסער מענש פון מעריב־אייראָפּע קערט זיך אָב פון דעם היגען פערשוויצטען בראנזען־לייב. ער, דער מעריב־אייראָפּעער מאכט אזוי בולט דעם אונטערשייד פון שווארץ און ווייס דאָ אין לאנד.

דער פּאָרטוגעז אבער, ער ווארפט זיך אריין איבער'ן קאָפּ, מיט א געוויסער טעמפּקייט, אין דעם היגען לעבען און בויט אויס נייע דורות, ניט שווארץ און ניט ווייס. פון איהם ווערט געבוי־רען דאָס אמת'ע קינד פון דעם היגען לאנד, וואָס ווארצעלט זיך איין און לאָזט צווייגען ארויס. דאָס „ווייסע" וואָס וויל זיך ניט ווארפען אין דעם שווארצען שטראם, געהט דאָ אום פרוכטלאָז אונ־טער דער טראָפּישער זון. דער מעריב־אייראָפּעער דרעהט זיך דאָ ארום א „נישט־קיין בעווייבטער", אָבגעריסען פון זיין אַלטער היים, שיקט שוואכע וואָרצלען אין דער היגער ערד אריין און טראָגט זיך ארום מיט דעם געדאנק, אז דאָך וועט ער אין דעם לאנד בע־גליקט ווערען.

אומגעהענדיג אויפ'ן מארק האָב איך זיך אָנגעשלאָגען אָן א גרופּע מענשען, אידען, אונזערע לייט. זיך דערקענט.

— ווי דערקענט מען עס ניט אונזערען א אידען וואָס ערשט עטליכע יאָהר, צייט ער האָט רוסלאנד פערלאָזען?

— וואָס מאכען אידען?

— מען לעבט, גאָט צו דאנקען.

די לייט לאָזט זיך אויס האָבען געהערט פון ריאָ דע זשע־נערא, אז איך בעדארף דאָ דורכפאָהרען, און הערענדיג, אז א שיף

איז אנגעקומען האבען זיי זיך געפרובט, אפשר...

א מאן צעהן זיינען זיי געווען. איינגערע מענשען. א צוויי אין די מיטעלערע יאהרען. אידישע אינטעליגענטען פון בעסאראַ־בער גובערניע.

— וויפיעל זענט איהר דא אין באהיא?

— א פיער־פינף הונדערט.

א פיער־פינף הונדערט אידען אין ניו־יארק אדער אין מינסק— וואס איז עס?

גאר ניט, א בלעטעלע פון א בוים; א שטויבעלע.

דא אבער, אינ׳ם פערווארפענעם ווינקעל — איז עס א פאלק! ס׳אידישע פאלק. דאס קליינע הייפעלע לעבט מיט׳ן לעבען פון א גאנץ פאלק.

עפּעס נאגט; עפּעס פערלאנגט דאס הארץ. עפּעס רייסט די נשמה און דער „עפּעס" קען אפילו אונטער דער היגער זון ניט צו־שמאלצען ווערען.

— עס לעבט זיך ווי ס׳איז; פרנסה פאראן — אבער...

דאס קליינע הייפעלע אידען לעבט מיט׳ן לעבען פון גאנצען פאלק און בענקט מיט׳ן בענקען פון גאנצען פאלק:

עטליכע ציוניסטען פאראנען.

עטליכע אידישיסטען פאראנען.

עטליכע העברעאיסטען פאראנען.

איינער ווייסט די הויז אין אדעס, וואו ביאליק וואוינט.

איינער קלייבט זיך פאהרען קיין פאלעסטינע.

אנדערע לעבען א „וואוילען טאג" האבענדיג אט די אלע זאַ־כען אין דער לינקער פאה אפילו אויך ניט.

— און וואס איז אייער בעשעפטיגונג?

— מען פעדעלט.

יא, ס׳איז אפשר קיין בייז ניט. ווארום ווער פעדעלט דען דא ניט פון די פרעמדע נאציאנען? דאך, אבער דא, פערקוועטשט דאס הארץ.

— דאָ מיינסטו, אז אַ ג אַ נ ץ פּ אַ ל ק פּעדעלט; צוטראָגט איבער די הייזער ענגלישע, דייטשע סחורות.

ווער פּעדעלט דען דאָ ניט?

דער איינציגער אפשר, דער פּאָרטוגעז, קומט אהער ניט צו פּעדלען; דער איינציגער אפשר, וואָס מיט אָפענע אויגען קלייבט ער זיך אוים אַ נעגערטע און זעהט אַ נייעם דור אויפצושטעלען...

34.

## געפאנגען!

26טען אָקטאָבער.

ענדליך האָט זיך די נאכט אראָבגעלאָזען און געמאכט אַ סוף צום טאָג, וואָס האָט זיך פאר מיר ווי טויזענד אייביגקייטען געצויגען. די היסטערישע אויפרעגונג פון די פּאסאַזשירען האָט גע־מיטען. אַלץ ארום איז פערשטומט געווארען. אַלץ ארום זעהט איצ־טער אויס ווי אַ פויגעל, וואָס מען האָט זי אונגעריכט אין אַ שטייג אריינגענארט און נאָך דעם ערשטען פערזוך מיט די פליגעל די שטייג אויפצוברעכען איז זי געבליבען זיצען שטיל און בלויז פון איהר בליק קוקט אַ שטומער פּחד ארויס...

דער „שונא" האָט געהייסען די ליכט אויף אונזער שיף אויס־לעשען. בלויז איין לעמפּעל ברענט אין מוזיק־זאַל מיט אַ שוואר־צען פּאַפּיר ארומגעוויקעלט. ביים שיין פון שווארצען לעמפּעל זי־צען פּאַסאַזשירען מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ. ווער עס טראכט פון היינטיגען טאָג און ווער — פון אונבעקאנטען מאָרגען. מיין ערשטע אונרוהיגקייט האָט מיך פערלאָזען. איך וועל מיר פּרובען דער־מאנען וואָס מיט אונז, מענשען, איז היינט פארגעקומען און לזכרון פאר מיר אליין עס פארצייכענען:

...ארום עלף אין דער פריה. היינט רעכענט מען דעם עקוואַ־טאָר דורכצומאכען. די זון ברענט מיט אַ העלישע פייער און דורכגעמאכט נעבען מיינע לאנגווייליגע שכנים וואָס קוקען אויף

מיר פערדעכטיג ווייל איך בין א „רוס". פערדעכטיג קוקען זיי אָבער מיר אויס. זיי זענען געווים דייטשען באטש זיי רעדען ענג־ליש. איך שטעה אויפ'ן דעק אנגעשפּארט אן פארענטש און מיינע אויגען זוכען עפּעס אין דער ווייטקייט. מיט א שווער געמיט האָב איך זיך אויפגעזעצט אויף דער „וואנדייק", ס'האָרץ האָט מיר געזאָגט:

— ניט די „וואנדייק" וועט דיך צו די ניו־יאָרקער ברעגעס ברענגען.

פון מוזיק־זאַל טראָגען זיך די טענער פון אונזער אָרקעסטער. יעדען טאָג אין דער צייט שפּיעלט מען פאר די פּאסאַזשירען צווייטער קלאַס. איצטער שפּיעלען זיי פון דער אָפּערא ווילהעלם־טעל און דער עולם ציהט זיך צום זאַל...

דאכט זיך צוויי רויך־זיילען וויגען זיך דאָרט וואו דער הימעל קומט זיך מיט'ן ים צונויף. צוויי רויך־זיילען, איינער ווייט פון דעם אנדערען. צוויי שיפען געהן.

עס טוט א קלאַפּ אין הארצען. אזוי זעלטען בעגעגענט מען דאָך איצטער אין די וואסערען א שיף. און דאָס — צוויי מיט אמאָל!

נאָך דעם ווי דער רויך־זייל בויגט זיך, שיינט, אז די שיפען קומען אונז אנטקעגען.

פּאסאַזשירען בעמערקען עס. עס ווערט א בעוועגונג. דער עולם שטרענגט די בליקען אן. קוקט דורך בינאָקעלס און די אויפּ־רעגונג ווערט שטארקער.

פיער קוימענס בעווייזען זיך. פון דריי זעצט א רויך. א קריעג־שיף!

— ס'איז א קריעגס־שיף. א, די ענגלענדער זיי פּאסען שוין גוט אויף, אז מיט אונז זאָל חלילה עפּעס ניט טרעפען, בעריהמט זיך איינער אין ענגליש.

און די „וואנדייק" געהט זיך איהר וועג. פונקט אנטקעגען די אונבעקאנטע שיפען. דער אָרקעסטער רייסט איבער אין מיטען

שפּיעלען און די מוזיקער לויפען אויף ארויס, דער פידלער מיט'ן פידעל אונטער'ן אָרעם, קוקען צושראָקען.

מען זעהט, די אומבעקאנטע שיפען פערגרעסערען זייער גע־לויף. מען שיט דאָרט קוילען אין די אויוועגס. דער רויך ווערט געדיכטער און שווארצער...

— וואָס בעדייט עס? אויב ענגלענדער בעדאַרפען זיי דאָך ניט יאָגען אזוי, און פּונקט אונז אנטקעגען, דעם וועג אונז צו פער־לויפען?

די „וואנדייק" געהט נאָך אלץ פאָרווערטס און די קריעגס־שיף בעווייזט זיך שוין אין איהר גאנצער גרויס. מיט אימפּעט שניידט זי די כוואַליעס אוועקשמייסענדיג די וואַסערען פון ביידע זייטען און גלייך אויף אונז קומט זי אָן.

אַ גאנצער שנור אומבעקאנטע פאַהנען ציהען זיך פון דעק צום מאסט־בוים ארויף אויף דער קריעגס־שיף. אומבעקאנטע קאָלי־רען. אלץ האלט איין דעם אָטעם. און די „וואנדייק" שטעלט פּלוצ־לינג אָב איהר גאנג...

— ס'איז א דייטשער קרייצער! — שרייט פּלוצלינג אימע־צער אויס אויף דייטש. אלע קוקען איהם אָן. פּונקט ווי אין איהם וואָלט מען דעם שונא דערזעהן. און איך דערקען אין איהם מיין שכן ביים טיש, וואָס האָט די גאנצע צייט ענגליש גערעדט.

די קריעגס־שיף איז שוין גאָר נאָהנט. מיט איהר גאנצען אימפּעט טוט זי אַ קירעווע רעכטס און קומט אויס מיט אונז זייט ביי זייט.

נאָך א שיף קומט אָן. מאטערט זיך די קריעגס־שיף אָנצו־יאָגען. א פראכט־שיף. אן ענגלישער קרבן; און געבונדען פאָלגט ער דעם רויבער נאָך.

פון קרייצער לאָזט מען א שיפעל אראָב. אָפיציערען און מאטראָזען פול, און איבער זייערע קעפּ וועהט א פאָהן מיט דעם דייטשען אדלער... אלץ קלאָהר. מיט איין מאָל איז אלץ קלאָהר גע־

וואָרען. די מאַנשאַפּט שטעהט בלאַס און מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ.

די „וואַנדייק“ לאָזט אַראָב איהרע טרעפּ ביים ערשטען קלאַס. די אונבעקאַנטע געסטע אויפצוגעהמען. די נייגעריגע און אונרוהיגע פּאַסאַזשירען לויפען אהין, צום ערשטען קלאַס געוואָהר ווערען וואָס ס׳איז געשעהן. איך בלייב אויף מיין אָרט און בעטראַכט דעם שטאָלענעם שונא אויף וועלכען עס שווייבלען מענשען אין ווייסען געקליידעט. און ניט שרעקליך זעהט ער מיר אוים — נאָר העסליך. זיין קאָליר איז שמוציג־גרוי געוואָרען פון לאַנגען אומוואַנדערען נאָך רויב. העסליך איז ער מיר, ווייל מענשען אין מיין געשטאַלט פּלאָנטערען זיך דאָרט ארום, אין ווייסען געקליידעט, דרעהען זיי אוים די מיילער פון די קאַנאָנען צו אונז...

און דער ים ווינגט זיך גאַנץ געמיטליך. בעלויכטען מיט דעם ליכט פון האַלבען טאָג ביים עקוואַטאָר. עס דאַכט זיך מיר, דער ים ווינקט און שמייכעלט צו מיר:

— „וואָס קלאַפּט דיר אזוי דאָס הארץ דו אָרימער מענש? ניט איינער האָט שוין זיין רוה אין מיין בוזים געפונען; ניט נאָר איין שווימענדיגער פּאַלאַץ פון מענשען הענט געבויעט האָט זיין רוה אין מיין טיפעניש געפונען“...

— די „וואַנדייק“ וועט מען דערטרינקען! — לויפט עפּעס אימעצער מיט אַ גרוס פון ערשטען קלאַס.

אַ דאַמע ברעכט אוים מיט אַן איינגעהאַלטענעם היסטערישען געוויין און לאָזט זיך לויפען צום וועג וואָס פיהרט צו די קאַיוטעס.

עס בעווייזען זיך נאָך רויך־זיילען ביים האָריזאָנט. נאָך שיפען קומען אָן.

— די ענגלענדער קומען! די ענגלענדער קומען, ווערט אַ גערודער... דער דייטש וועט באַלד פּלטה מאַכען, פרעהט זיך אימעצער...

— נאָר ניט די ענגלענדער... זאָל שוין זיין ווי ס׳איז... —

ווײנט א דאמע — מען וועט אונז אלעמען דערטרינקען ווען די ענגלענדער וועלען קומען..

דער דייטש אבער אנטלויפט ניט. די שיפען זענען „אייגענע“. א גאנצע נעץ געוועזן פאר אונז אויסגעשפרייט.

א מאטראז לויפט אין איין געלויף.

— וואוהין, וואוהין? — פערשטעלט מען איהם דעם וועג.

— געהייסען די ענגלישע פאהן פון דער „וואנדייק“ אראבלאזען.

— „די ענגלישע פאהן אראבלאזען“... מורמעלט דער עולם.

דער קרייצער מאכט א קרייז ארום אונז און לאזט זיך געהן פאראויס. די „וואנדייק“ ריהרט זיך, געהט איהם נאך.

— וואוהין פיהרט מען אונז? מען ווייסט ניט. מיר געהן צוריק. אין אן אנדער זייט די זון גאר... מיר געהן אנטקעגען די אונבעקאנטע שיפען. מיר קומען זיך צונויף. אלץ „אייגענע“. איצטער זיינען מיר שוין זעקס שיפען אין איין בינטעל. די „וואנדייק“ אין מיטען. ווי א פליג זעהט זי אויס וואס איז אין שפינוועבס ארייננעפאלען. די אלע שיפען, פרעמדע און אייגענע, אבגעקראכענע, אבגעריסענע, אבגעשליסענע ווי ים־רויבער. און די פריש אויסגעפארבטע „וואנדייק“ זעהט ווי א פרינצעסין צווישען זיי אויס. א געפאנגענע פרינצעסין וואס ווערט איצטער אין ערגעץ פון רויבער פערפיהרט...

די גלאק קלינגט. די גוט בעקאנטע גלאק וואס וועקט דעם עולם אויפ׳ן שיף צום אויפשטעהן, רופט דעם עולם צום עסען. מען הייסט געהן אין עס־זאל. עפעס וועט פארקומען. דער עולם פאלגט, געהט שטיל, מען פערנעהמט די ערטער. א שווערע שטילקייט הערשט ארום. עפעס אונבעקאנט זעהט איצטער איינער דעם צווייטען אויס; ווי צום ערשטען מאל האט מען זיך דא געטראפען. און מען שפירט, אז עפעס אונהיימליכעס קומט פאר. איינער צום צווייטען קוקט פערדעכטיג, אפשר זיצט גאר דער שונא די גאנצע צייט צווישען אונז. אפשר האבען גאר אונזערע אייגענע שכנים

אונז פערקויפט צום שונא אין די הענט אריין. דאָך װענדען זיך די בליקען צום טיר. פון דאָרט װעט באַלד עפּעס ערשײנען...

אונזער קאַפּיטאַן קומט אָן. אַזוי זעלטען איהם געזעהן. איך בעטראַכט איהם איצטער: הויך און שלאַנק און מיט א גרויסען קאָפּ. בײ זיבציג יאָהר איז ער אַלט. א יוגענדליכע פעסטקײט לעבט נאָך אין איהם — אָבער איצטער איז זײן גרויער קאָפּ געבויגען. זײן געזיכט פערוואָלקענט. ער פערנעהמט א פּלאַץ אנטקעגען עולם שטעהענדיג. זײנע הענט זוכען נערוועז הינטער זיך די וואַנט. ער שפּאַרט זיך אָן ער זאָל ניט אומפאַלען... די שטילקײט װערט נאָך שװערער. ער מאַכט א בעװעגונג מיט'ן געזיכט, ער װיל עפּעס זאָגען, נאָר די װערטער רײסען זיך פון מויל ניט ארויס. דאַכט זיך, אָט, אָט װעט ער זיך צו־װײנען אויפ'ן הויכען קול.

אַלטע גרויע קאַפּיטאַנען, װײזט אויס, װײנען ניט.

— נישטאָ וואָס צו מאַכען, הויבט ער ענדליך אָן מיט א שטי־מע וואָס ציטערט... מיר זענען אַרײנגעפאַלען. די שיף געהערט שוין צו זײ. מען מוז זיך איבערגעבען. מען װעט אונז גוט בע־האַנדלען. ביז מאָרגען בלײבט איהר נאָך אויף דער „וואַנדײק", מאָרגען װעט מען אײך אַלעמען איבערזעצען. קײנער װעט קײן שאַדען ניט האָבען...

— וואוהין װעט מען אונז פיהרען? — רײסט איהם אײנער פּלוצלינג איבער...

— יאַ, יאַ... וואוהין וואוהין... — מורמעלט דער עולם.

— איך װײס ניט... צו א זיכערען ברעג, זאָגען זײ צו...

אַלץ װערט װידער שטיל. דער קאַפּיטאַן קלײבט זיך נאָך עפּעס צו זאָגען, נאָר איצטער מערקט מען טרערען בעװײזען זיך אין זײנע אויגען און גאַנץ אונגעריכט, װי אײן מענש הויבט איהם אָן דער עולם צו אַפּלאָדירען.

ער נײגט זיך אויפגערעגט... שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און אַזוי געהט ער הינטער זיך ארויס פון זאַל...

שווייגנדיק הויבט זיך דער עולם פון די ערטער און לאָזט
זיך נאָך איהם.
— „מענשען האָבען מענשען געפאנגען, מענשען האָבען מענ־
שען דערנידערט“...
מיט אזא געפיהל פערלאָז איך אויף דעם זאַל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די נאכט איז נאָך פינסטערער און טיעפער געוואָרען. פייער־
לאַך טיקען זיך פון ווייטען. דאָס ווינקען זיך אונזער פאנגער דורך
מיט עלעקטרישע פייערלאַך. האלב וואך און האלב ווי אין שלו־
מער ליגען די פאסאזשירען אין זייערע שטולען און ווער ווייסט
וואָס עס וועבט זיך איצטער אין דעם אָרימען געדאנק...

---

אָקטאָבער, 27.

אויפ׳ן שיף איז א יריד, ס׳איז נאָך אפילו די זון ניט אויפגע־
גאנגען נאָר ס׳לעבען קאָכט און ס׳לויפט אזש איבער די ראנדען
ארויס. פונקט זעקס א זייגער וועט מען אָנהויבען איבערצופּיה־
רען דעם באגאזש צו דער דייטשער פראכט־שיף „אנסוניסאָן“. און
דער עולם היילט מיט די פעקלעך, שמייעט, פלאָנטערט זיך און
ווייסט אליין ניט וואָס ער וויל.
„זיין פעקעל זאָל מען נעהמען דעם ערשטען“ — איז געווים
דער טיעפער הארציגער בעגער איצטער פון יעדען איינציגען.
מען האָט געהייסען, אז יעדער איינציגער זאָל זיך נעהמען
זיין בעטצייג, כדי ער זאָל האָבען אויף וואָס צו שלאָפען — פאקט
זיך דער עולם פון די גוטס וואָס די „וואנדייק“ פערמאָגט.
איינער שלעפּט גאנצע צוויי מאטראצען און גאנצע פיער
קישענס איבער אלעמענס קעפ.
— ס׳איז מיינס, כ׳האָב דערפאר געלט בעצאָהלט, בייזערט
ער זיך מיט אן אויפגערעגטען טאָן.
— וואָס בעדאַרפסטו צוויי, ס׳איז דאָך איין מאטראץ אויף
געגוג ווייך?

— איך ווייס וואָס איך טו, — ענטפערט ער בעלעדיגט.

יא, דער גאנצער עולם „ווייסט וואָס ער טוט"‥ ווער עס שניידט די שטריקלעך פון די גארדינען און פאקט אין קעשענע; איינער גאָר רייסט דאָס בלעכעל מיט'ן אויפשריפט „מוזיק זאל", וואָס איז איבער'ן טיר אָנגעקלאפּט.

צום אנדענקען... צום אנדענקען...

איינער טראָגט גאָפּיל, מעסער — ס'איז מיינס — מיט דעם געגעסען... און דער אנדערער שפּארט די מעשענע שפּייקעסטעל אין טשעמאָדאן אריין...

צום אנדענקען... צום אנדענקען...

עס בעווייזען זיך דייטשע מאַטראָזען. אויף די היטלען „קארלסרוהע" אָנגעשריבען — אזוי אפנים הייסט אונזער שטאָלע־נער שונא וואָס שפּאצירט איצטער אום ווייט ביים האָריזאנט און גיט אכטונג אויף אונז. די דייטשע מאַטראָזען זענען אזוי „ליבליך"... אזוי פריינדליך. דערצעהלען פון זייערע גבורות... פון זייער גוט הארציגקייט‥

— ווען דער ענגלענדער כאַפּט א דייטשע שיף וואָלט ער זיך ניט אזוי פיין בעגאנגען, ניכט וואר?...

די דינערשאַפט פון אונזער שיף האָט זיך פון די האַלאַבליעס ארויסגעריסען, דער קאַפּיטאַן איז געפאנגען, אבגעלאָזען די לייצעס טשעס — האָבען זיי זיך אין זייער פרייהייט דערמאָנט. דעם ריכטיגען פּנים בעקומען.

די דינערשאַפט אויף אזעלכע שיפען ווי פון „לאָמפּערט און האָלד קאָמפּ." ווערט צוזאמענגעשטעלט, ווי געוואוינטליך, פון דעם עולם וואָס פערברענגט דעם גאנצען לעבען אין די פינסטערע ווינקלען, אין די הינטערגעסלאך וואָס ליגען ביים פּאָרט... אין יע־נע געסלאך וואו די פרייהייט ווערט אין ביליגען ווייַן געבאָדען און אין די ארעמס פון דער געקויפטער ליעבע פארשלעפּערט. ווען דער הונגער שמייסט אזא „פרייען מענשען" ארויף אויף א שיף, זיין ברויט צו פארדינען, פארשטעלט ער זיך אין א וואויל ערצוי־

גענעם לאקיי. האלט זיך גלייך, אנגעקראכמאליעט פאר דעם פּאסאזשיר, ענטפערט אויף יעדען פערלאנג:

אָל רייט, סיר!...

אָבער איצטער, ווען דער קאפּיטאן איז געפאנגען, די פּאסאזשירען וועלען קיין קליינגעלד ניט געבען — האט אן אמת'ע אנארכיע אויסגעבראכען.

שכור'ע פלאנטערען זיי זיך ארום, לאכען אין צורה זייער נעבטיגען פּאטראן. שליידערען אין וואסער אריין אלץ וואס עס מאכט זיך אונטער דער האנד, שטולען, מאטראצען, פלעשער און קישענס פליהען איבער'ן פּארענץ אין ים אריין.

און דער ים איז גאר ניט אזוי רוהיג. ער בלאזט זיך און ברוגז'ט זיך און צעוויגט זיך און שליידערט אונזער שיף:

דער ים וואלט וועלען די רויבער־נעסט פון זיין בוזעם אראבווארפען...

און געסט זענען געקומען אונז מקבל פּנים זיין:

א גאנצע מחנה היי־פיש שוויבלען ארום אונזער שיף.

האט איהר אמאל געהערט פון די גרויסע פיש וואס יאגען נאך די שיפען און ווארטען טאמער וועט מען א מענשען אין ים אריינווארפען?... און טאמער שטארבט א מענש אויפ'ן שיף דערשמעקען זיי שוין פון ווייטען און קומען און ווארטען ביז מען וועט דעם מענשען זיי איבערגעבען.

האט איהר דאך געווים דערפון געהערט?

א גאנצע מחנה זענען זיי איצטער ארום דער „וואנדייק“. מיט אן הונגעריגער נייגעריגקייט נישטערן זיי ארום אונזער שיף. פונקט ווי מענשען זעהען זיי אויס, ווי מענשען וואס שווימען אונטער'ן וואסער. ניט מיט קיין פלוס־פעדערען שווימען זיי — נאר מיט צוויי מעכטיגע ארעמס ווי צוויי מענשען הענט. ס'וואסער איז לויטער און גרין־ווייס זעהען זיי פון וואסער ארויס...

מען לאזט אראב די שיפלעך פון דער „וואנדייק“. מען לאזט אין זיי דעם באגאזש פון די ע ר ש ט ע און... די שיפלעך היי־

בעז אַז צו זינקען. ס'וואסער פלייצט פון אַלע זייטען. די שיפ־לאַך צעפוילט! די מאַטראַזען שלאָגען זיך פון די כחות ארוים, שעפען מיט עמערס ס'וואסער ארוים — ס'העלפט ניט.

נאָך א שיפעל אראַבגעלאָזען — ס'איז דאָך אונזערע רעטונגס שיפלעך — זיי פילען זיך מיט וואסער אַן. אַט זיצען זיי שוין ביי די ראנדען און די כוואליעס הויבען אַן די מאַטראַזען וואָס אויף זיי אראַבצושווענקען, אראַבוואשען אין ים אריין. מען ראטעוועט זיי אראָב.

דער גרויער קאַפּיטאַן שטעהט בלאַס און רייסט זיך אַזש די האָר פון קאָפּ, פאר אויפרעגונג, אבער צו שפּעט.

—אַ, קאַפּיטאַן, ליעבער קאַפּיטאַן! וואָס וואָלסטו געמאַכט, ווען אַן אומגליק טרעפט מיט אונזער שיף אין מיטען ים און די אָרימע מענשען וואָס אויפ'ן שיף בעדארפען זיך ראטעווען?

ניט אומזיסט בעגלייטען אַזא מחנה היי־פיש אונזער „וואנ־דייק": אַלץ וואָס געהט אויף צוויי פיס ביי אונז אויפ'ן שיף וואָלט דאָך אמאָל געקענט צו זיי אין די ארעמס אריינפאַלען... נאָר די דייטשען האָבען זייער האָפנונג צושטערט...

די דייטשען ברענגען זייערע אייגענע שיפלאַך און די ארבייט הויבט אַן פון איבעראנייס:

די אויסלאַדונגס מאַשין הויבט אַן אראַבלאָזען א גרויסען בונט קאסטענס, טשעמאָדאנעס, מאטראצען און סתם פּעקלעך און... פּונקט אין דעם מאָמענט ווי דער באַגאַזש דערנאָהנטערט זיך צום שיפעל, וואָס שטעהט אונטען און ווערט פון די כוואַליעס גע־שליידערט — פּונקט אין לעצטען מאָמענט — כאַפּט די כוואַליע די שיפעל אוועק און ס'גאַנצע ביסעל פערמעגען טובל'ט זיך אין וואַסער אָב.

הוהא! דער עולם שיסט אוים מיט א געלעכטער. אבער דער געלעכטער איז א היסטערישער. עס לאַכען אפילו די וואָס האָבען אין דעם מאָמענט בעדארפט שוויינען...

די פּיאנא שפּיעלט!

אבער וואָס פאר א טייפעלשע טענער זענען עס ? !

די פּיאנאָ געוואלדעוועט און ס'רייסט דעם מוח אויף צוויי־ען. ווער שפּילט עס דאָרט אזוי טייפליש, אזש די סטרונעס הער־רען זיך דאָרט ווי זיי פּלאצען ? ס'דאכט מיר אז מיינע אָדערען האָט אימיצער פאר זייערע ברעגען אָנגעכאפּט און רייסט זיי מיר פון לייב ארויס... דאכט זיך, ס'הארץ וועט פּלאצען אינאיינעם מיט די סטרונעס דאָרט...

ס'איז דער קוכער צום ערשטען מאָל שפּילען געקומען. אָ, דער דיקער קוכער מיט זיינע הענט וואָס זעהען זיך ביז צו די ארעמס ארויס און דיק זענען זיי ווי פיס ביי די לענדען. ער האָט א האק געבראכט, מיט וועלכער ער האקט די גרויסע זייטען אָקסען־פלייש און איצטער פּלאטערט זי איבער די טאַסטען פון פּיאנא...

— איך וויל ניט דו זאָלסט צו די דייטשען אריינפאלען, — גרילצט ער הייזריק ארויס און זיין שכור פּנים קנייטשט זיך ווי פון קאָנוואולסיען. — — — — —

— איך וועל דיר צו די דייטשען ניט איבערגעבען — האק ! האָק ! און ס'פליהען די שפּענער פון די פּיאנא, ס'ווערען צושפּלי־טערט די טאַסטען. און מיט זיין ווילדער קראפט ברעכט ער די פּאָ־דערשטע וואנט ארויס...

די סטרונעס בלייבען אבגעדעקט, זיי ציטערען און א צושראָ־קענער נערוויש פּלאטערט צווישען זיי...

— אהאַ, דאָס מוז איך ארויסרייסען... קיינער זאָל מעהר אויף זיי ניט שפּילען... קיינער ניט, און פערנעהמענדיג א גאנצען בונט דינע סטרונעס הויבט ער זיי אָן רייסען פון פּיאנא ארויס.

די סטרונעס פּלאצען און קלינגען אָב מיט א האלבען וויינענ־דיגען טאָן, וואָס שרייט ארויס ווי פאר דער גסיסה און שטארבט באלד אין גאנצען אָב.

מיט די דינע סטרונעס גע'פטר'ט. ער שפּארט זיך איין מיט די פיס און נעהמט זיך צו די דיקע סטרונעס.

טיפע מענער טענער קרעכצען ארויס און בעטען זיך רחמים,

און ס'דאכט זיך דיר: א ריז איז געפאלען צו א מחנה רויבער אין די הענט און זיי, די רויבער, שטעכען ברענענדע שפיזען אין זיין ליב. שניידען שטיקער פון זיין ליב און פון זיין מעכטיגער מענער־ברוסט רייסען זיך די לעצטע וועה־געשרייען ארויס...

אין א ווינקעל זיצט א מוטער מיט א זויג־קינד אויפ'ן האנד. זי טוליעט פאר שרעק דאס קינד צום הארצען. דאס קינד דער־שרעקט זיך און הויבט אן וויינען אויפ'ן הויכען קול,,, די מוטער וויל איהם ס'מויל מיט די ברוסט פערשטאפען, און זי רוקט זיך אליץ מעהר אין ווינקעל אריין — זי האט מורא די ווילדע פיאנא־טענער וועלען איהר ס'קינד טויטען; וועלען ס'קינד פון איהר אוועקרויבען...

און זי ברעכט אוים מיט א שטילען איינגעהאלטענעם און צו־שראקענעם געוויין... — — — — — — — — — — — — — — —

אזוי האט די פיאנא צום לעצטען מאל געשפילט.

אקטאבער 28.

איך שרייב די ווערטער נאך דעם ווי איך האב שוין דורכ־געמאכט די ערשטע שלאפלאזע נאכט אויפ'ן דעק פון מיין צייט־ווייליגער נייער היים, אויף דעם פערזשאווערטען שמוציגען איי־זערנעם מיסט־קאסטען אין דעם געשטאלט פון א דייטשער פראכט־שיף, וואס הייסט „אנסונסיאן". די זון געהט אויף, און דאך זע־נען מיינע געדאנקען דאס מאל ניט מיט דעם זונענאויפגאנג. בע־גלייט פון די טענער פון דער צובראכענער פיאנא שווימט נאך אליץ פאר מיינע געדאנקען דער סוף פון נעכטיגען טאג...

ס'איז געווען פארנאכט ווען די דייטשען האבען געענדיגט זייער „ארבייט" מיט'ן באגאזש און אנגעהויבען איבערפעקלען די מענשען אליין.

דער ים איז אונרוהיג. ביי אנדערע צייטען וואלט ניט יעדער איינציגער געוואלט מאכען א שפאציער איבער דעם אויפגערעגטען ים אין א קליין שיפעל. ווייזט אויס, די פחד איבערלעבונגען פון

דער ערשטער רגע ווען דער שונא האָט זיך בעוויזען, זענען פיעל שאַרפער געווען. ווען דער שונא האָט בעפוילען זיך אַראָבלאָזען מיט די טרעפּ צו די קליינע שיפלעך, וואָס איז פון די וועלען גע־שליידערט געוואָרען, איז דאַן שוין געווען מיט אַ טאָג שפּעטער. איז שוין געווען נאָך דעם, ווי די ערשטע אונרוהיגקייט דע טעמפּקייט...

ניט אַ רוהיגקייט האָט איצט בעהערשט אַלעמען, נאָר אַ מיע־ האָט געמיטען.

און מיעד און ניעדערשלאָגען האָט זיך יעדער איינציגער גע־ שפּירט, ווען די קליינע שיפעל איז ענדליך צוגעקומען צו דער שוואַרצער וואַנט פון אונזער נייער היים.

אַז איך האָב מיר אַרויפגעקליבען אויבען אויפ׳ן דעק פון מיין נייער היים, האָט זיך מיר פאַר קיין פאַל ניט געקענט פאַרשטע־ לען, אַז אויף אַ שיף בין איך. צוזאַמען מיט דער מאַנשאַפט האָט מען ביי פינף הונדערט פּערזאָן פון דער „וואַנדייק" אַראָבגענומען און די פּעקלעך פון אַזאַ מחנה מענשען האָט מען פון בעגינען אָן געפיהרט און געפיהרט און אין איין באַרג אויפגעשליידערט. און אויף דעם אייגענעם באַרג שליידערט מען די מענשען אַרויס. וואָס פאַר אַ פּעקעל עס האָט זיך ניט אָבגעטונקט אין וואַסער ביים אַראָבלאָזען איהם פון דער „וואַנדייק", האָט די כוואַליע איהם אָבגעוואַשען ביים אַרויפנעהמען אויף דער „אַנסונסיאָן".

אונזער נ י י ע ה י י ם האָט אייגענטליך ביז איצטער געדיענט אַלס אַ קוילען־טראַנספּאָרט פאַר די דייטשע קריעגס־ שיפען, און אַז מען האָט דעם נאַסען פערמעגען אַראָבגעוואָרפען, האָט ער זיך באַלד אין דעם קוילען שטויב אויסגעשמירט.

ניט טריקענער און ניט זויבערער זעהן אויס די מענשען, וואָס קריכען אַרום און טרעטען איבער די פּעקלעך וואָס וואַלגערען זיך גאַנצע הורבעס.

ווי נאָך אַ שרפה זעהט עס אויס. כ׳האָב דעם אייגענעם גע־ פיהל, ווי צוויי טעג דורכאַנאַנד האָט געבושעוועט אַ שרפה. מענ־

שען האָבען זיך פון די כחות ארויסגעשלאָגען לעשענדיג; איצטער האָט די שׂרפה אײַפגעהערט און די אייגענע מענשען האָבען זיך א לאָז געטאָן זוכען צווישען די חורבות אפשר איז עפּעס ניצול געוואָרען.

די פריהערדיגע אריסטאָקראַטען איז גאָר שווער צו דערקענען. אויסגעשמירטע אין סאזשע ווי קוילען־גרעבער גראבען זיי און גריבלען זיך אין דעם בארג פון מענשליכע פּעקלעך און שמאַטעס, און אז עס געלינגט אימעצען זיין פּעקעל צו דערקענען, כאַפּט ער עס און שלעפּט עס, אבטרעטענדיג פיס, אבשלאָגענדיג זייטען און אומוואַרפענדיג דעם צווייטען אויף אלע פיער.

אונדערבארעמדיג איז די היץ געווען דעם גאנצען טאָג. אונדערבארעמדיג היים איז דער פארנאכט, כאָטש די זון האלט ביים פערגעהן. די גרויסע שוויים־טראפּענס רינען פון שטערען איבער דעם פערשווארצטען פנים גלייך אין מויל אריין. און דאָך פיהלט עס גאָר קיינער ניט. אלעמען האָט בלויז איין געדאנק ארומגעכאַפּט — די פּעקלעך אויסצוגעפינען. און זאָגט איינעם פון די פערהאַוועטע, פערשוויצטע, אז ערגעץ װאַרט אויף איהם א גרויס גליק, וועט ער אייך אפילו ניט הערען:

—ער זוכט זיין פּעקעל, וואו ס׳ליגט געוויס אביסעל צוּוויקטע שמאטעס.

אַ דייטשער מאַטראָז טראגט דורך אין א עמער אויפגעקאָכטען רויטען וויין און מיט א בלעכענער קאָכלעפעל שעפּט ער און דערלאַנגט יעדען, ווער עס בעמערקט איהם נאָר, א זופּ טאָן פון דער דאָזיגער לעפעל.

— טרינק נאָך, טרינק נאָך, — שמייכעלט ער מיט א מוטערליכער געטרייקייט, — „וויר ווערדען ניכט בעזויפען, וויר שוויצען עס ארויס“.

ער בעקוקט מיך מיט רחמנות. עס פאלט איהם איין, אז איך בין עס דער פאַבריקמאכער פון דער „וואנדייק“ און ער לעגט מיר פאָר איך זאָל איהם ארומשערען.

דורך דער פיערעקיגער פינסטערער לאָך, וואס פיהרט פון דעק אין דער טיעפעניש, לאָזען זיך מענשען מיט פעקלעך אראָב איינער נאָך דעם אנדערען, פאלענדיג אויף דער גלייכער גליטשי־גער טרעפ.

ס'איז אייגענטליך די עפענונג, דורך וועלכער מען לאָדט די שיף אָן; איצטער איז עס דער „וועג" פאר די מענשען...

ווי א צורודערטער בארג מוראשקעס אזוי ארבייטען די מענ־שען, לויפענדיג איין שורה אראָב מיט די פעק אויף די קעפ און פלייצעס און די צווייטע שורה קומט שוין ארויס נאָך מעהר פער־שוויצט, נאָך מעהר שווארץ.

איך דערקען צווישען זיי מיינע שכנים. זיי דערקענען מיך אויך. שמייכלען. אויף זייער פנים ליעגט דער אויסדרוק ווי נאָר וואָס האָט מען זיי געשמיסען אויפ'ן נאקעטען לייב, און זיי ווי־שען דעם שוויים מיט יאוש און שמייכלען ביטער:

— מסתמא בעדארף עס אזוי זיין.

איך זוך אויך מיינע אָרימע פעקלעך. געפין זיי — צוקוועטש־טע, פערשמירטע און לאָז זיך אויך מיט זיי אויף די פלייצעס אין דער טיעף אראָב...

פינסטער און א היץ שלאָגט אין פנים אריין. כ'פינטעל מיט די אויגען כדי עפעס צו דערזעהן. א גרויסער, גרויסער, אָנגעגלי־טער פינסטערער חלל. כמעט פון עק ביז עק שיף. דער חלל איז מיט אייזערנע בעטען פערשטעלט אין צוויי גאָרען, צוויי בעטען איינע איבער דער אנדערער און צו פינף זעקס אין דער ברייט. אין די הונדערטער גרייכען זיי. קוילען האָט מען דאָ געהאלטען. און די שפורען זענען נאָך ניט פערשוואונדען. ניט איין אייוועז קען מען אויסהייצען מיט די קוילען, וואָס ליעגט אונטער יעדער בעט.

דושנע. ס'פערכאפט מיר דעם אָטעם און א פרישער שטראם שוויים שלאָגט ארויס פון גאנצען לייב.

ווי א פינסטערער הייל זעהט פאר מיר דער פּלאץ אויס. די גרעסטע פערברעכען זענען דאָ אָבגעטאָן געוואָרען. ניט צום

שלאָפען אויף זיי שטעהן דאָ די בעטלעך — נאָר אומגליקליכע אויף זיי צו פייניגען.

ארום מיר פלאָנטערען זיך ארום מענשען, היילען זיך אָן אָרט צו פערכאפעןביים ארויסגאנג. מעהר לופט זאָל זיין.

איך בעהאלט מיינע פעקלעך אונטער א בעט און א טרויעריגער געפיהל כאפט מיך ארום... ס׳הארץ פערקלעמט.

„א מלחמה אויף דער וועלט".

וואָס אָבער האָב איך מיט דער מלחמה צו טאָן ?!

פונקט דאָס אייגענע האָב איך איבערגעלעבט מיט יאָהרען צו־ריק, ווען איינמאָל אין א ווינטער טאָג האָט מען מיך אין דער שטאָדט ווילנא ארעסטירט. אין א ברענענדיגען פראָסט געטריבען אין טורמע אריין.

ניט אליין בין איך יעמאלט געגאנגען. נאָר א מאן פופצעהן זענען געווען צו מיר. ווי א סטאַדע שעפּסען האָט מען אונז גע־טריבען אין מיטען דער גאס, ביז די קניע אין שנע, און שפּעטער אין א שמוציגער שטאָל פערטריבען, וואס האָט געהייסען — ארעס־טאנטען הויז...

אויך יעמאלט בין איך געווען ארעסטירט פאר אזעלכע זאכען, וואָס האָבען קיין מאָל אין מיין לעבען קיין אָרט ניט פערנומען, וואָס האָבען קיין מאָל אין מיין לעבען מיין נשמה געשפייזט. — — און קוקענדיג איצטער גלייכגילטיג צו דער זון וואָס געהט אויף פאר מיינע אויגען, טראכט זיך:

— א טורמע איז דאָס גאנצע לעבען. ניט מעהר וואָס אין לע־בען איז איינער פון דעם אנדערען אביסעל ווייטער; איין מענש בעדארף דעם אנדערען אזוי נאָהענט אין פנים ניט אריינקוקען.

מיט דער אייגענער טעמפּקייט האָב איך יעמאלט געשעפּט דאָס עסען פון דעם שמוציגען צעבער וואָס צוויי סאָלדאטען האָ־בען אריינגעבראכט אויף א שטעקען פאר אונז.

אלץ דאכט זיך האָט דעם פנים פערענדערט אין לויף פון די יאָהרען, נאָר די שמוץ איז די אייגענע געבליבען..

ווען מען האָט נעכטען אין אבענד דעם הונגעריגען עולם דערלאַנגט דעם אייגענעם צעבער מיט אָנגעבראַקטע פלייש, וואָס איז אין היילעניש ניט געוואשען געוואָרען, ניט דערקאָכט געוואָרען — האָט עס דער עולם מיט שמוציגע, ניט ארומגעוואשענע הענד געכאפּט און געשלונגען...

ווילד האָט דער גאַנצער וועזען זייערער אויסגעזעהן. אויפ'ס־ניי איז דער מענש געבוירען געוואָרען. נאַקעט!

אפשר איז די טורמע זיין ריכטיגער אָרט...

---

אָקטאָבער 29.

עס געהט פיעל שלימער ווי כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט. די „אַנסונסיאָן" שווימט כלומרשט, אבער צו וואָס פאַר א „זיכער'ן ברעג" זי וועט אונז ברענגען ווייסט קיינער ניט. ווען מען האָט אונז אַראָבגענומען פון דער „וואַנדייק" האָט מען אונז צוגעזאָגט, אַז אין צוויי טעג ארום וועלען מיר זיין פריי: איצטער אבער רעדט מען שוין דערפון, אַז גאַנצע זעקס טעג וועלען מיר זיך אזוי ארומפּלאָנ־טערען אין די וואסערען ביים עקוואטאר. מען זאָגט, אַז קיין „פּאַ־ראַ" וועט מען אונז פיהרען. א שטאָדט וואָס ליגט אין מויל פון די אמאזאנען וואסערען, און אַז איננאַנצען א צוויי הונדערט מייל זע־נען מיר פון דאָרט.

טאָ פאַר וואָס אבער שווימען מיר אזוי לאַנגזאם? און לויט ווי די זון בעווייזט זיך יעדעס מאָל אין אַן אנדער זייט צייגט עס גאָר, אַז מיר דרעהען זיך אויף איין פּלאַץ אום...

אפשר האַלט מען אונז מיר זאָלען זיין עדות פון נאָך אזעלכע רויבערישע איבערפאַלען ווי מיט אונז איז עס געשעהן?

און אזוי צו וואַלגערען זיך אויפ'ן שמוציגען דעק, איבערזיצען גאַנצע נעכט אויף א בענקעל, די קליידער פון זיך ניט אויסטאָן — ס'איז גאָר ניט אזוי אנגענעהם. וואָלט כאָטש א פּלאַץ געווען וואו זיך ארומצוואוואשען.

וואָלטען מיר זיך כאָטש אין אזא שמוץ ניט באָדען...

די „אנסונסיאָן" געהער צו די קלוגע שיפן וואָס זענען גע־בויט געוואָרען אין די אַלטע, גוטע צייטען. זיי רופען זיך אָן פּראַכט און פּאַסאַזשיר שיפּען. צום פּראַכט אָבער רעכענען זיך די צווישען־דעק פּאַסאַזשירען, וואָס ווערען גע־פּאַקט אין דעם טיעפען גרויסען פינסטערען בויך פון דער שיף, פּונקט ווי הערינג אין א פּאַס. מאַכענדיג די רייזען קיין זיד־אַמעריקא, ווערען די פּאַסאַזשירען גענומען אהן א צאָהל, און אהן א גרעניץ — און ס'ווערט אַלץ אין דער טיעף געפּאַקט; און ווען זיי הויבען זיך אָן צו שטיקען אין דעם קאַלך־אויוועז דאָרט אין דער טיעף קלייבט מען זיך אויבען ארויס — אויפ'ן דעק לאָזט מען זיך פריי לעבען...

די שיף „אנסוניסאָן" האָט אויך א פּאָר צעהנדליג קעבינס. „ערשטער קלאַס" זאָל עס הייסען, מיט א פּאָר ענגע פּראָמענאַדען פון די זייטען.

לויט ווי די דייטשען האָבען פערשפּראָכען האָבען אהין גע־דאַרפט געהן פרויען און קינדער. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער פּאַרקעהרט. דער אַריסטאָקראַטישער עולם וואָס האָט זיך אין דעם ערשטען מאָמענט א ביסעל פערלאָרען און האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם איבעריגען עולם — עסענדיג ס'פלייש מיט די הענט און מישענדיג דעם טע מיט א בלייפעדער; שלעפענדיג אליין די פּעק־לאַך — אָט דער עולם, האָט זיך באַלד צוריק געפונען, ווי באַלד מען האָט פאר איהם גאָפּעל־מעסער געפונען...

איצטער האָבען מיר שוין אן אמת'ן ערשטען קלאַס. וואָס איז בעזעצט מיט פיינע נאָרד אמעריקאַנער בירגער און אויסגעמאַטער־טע פרויען און קינדער וואַלגערען זיך אויפ'ן דעק.

א קליין שטיקעלע האָט מען איבערגעלאָזען אויף דער פּראָמע־נאַדע פאר די פּאַסאַזשירען צווייטע קלאַס און איבערגעצאַמט מיט א שטריקעל: ווייטער טאָר מען ניט געהן.

צווישען צווייטען קלאַס און דריטען — דאָס מיינט, פון דעם

שטריקעל ביז צום פ א ל ק, וואָס שוויצט אונטער דעם בלויען הימעל, איז נאָך א מחיצה פאַראנען, א מעהר נאַטירליכע:

די קיך האָט מען דאָרט איינגעאָרדענט, און פאר זעקס הונ־דערט מיילער צו קאָכען בעדאַרף מען אן אָרט האָבען, בעדאַרף מען דאָך כלים האָבען — און מען בעדאַרף דאָך האָבען וואָס צו קאָכען — און ווייל דער הויפּט פּראָדוקט איז פלייש, וואָס מען האָט פון „וואַנדייק" אראָבגענומען — דאריבער זענען די צווייטע קלאַס פּאַ־סאַזשירען אבגעטיילט פון דער „וועלט" — מיט זייטען רינדפלייש, וואָס הענגט אנטקעגען דער זון און פוילט און עפּוש׳ט; מיט צע־בערס אין וועלכע דער עולם וואשט זיך אין דער פריה — און איצט בראַקט מען אין דעם פלייש... און גלאַט מיט א פעטע גליטשיגע בלאָטע איבער וועלכער דער עולם פאַלט און ברעכט זיך דעם גע־ניק... און מיט פינף קוכערס וואָס פון די קליידער אויף זיי רינט די שמוץ...

ערשטער, צווייטער, דריטער קלאַס!

טרויעריג, ווען אזוי איז צוטיילט אונזער לעבען...

ערשטער, צווייטער, דריטער קלאַס!

לעכערליך און טרויעריג איז צו בעגעגנען אזעלכעס אין גע־פענגנים.

און דאָך האָבען מיר עס ביי אונז. און אזעלכעס האָבען מיר א דאַנק בירגער פון א לאַנד וואָס האָט ביי זיך איינגעפיהרט באהע־נען פון איין קלאַס. וואָרים דאָרט אין דעם ערשטען קלאַס האָבען זיך פערשפּאַרט בירגער פון נאָרד־אמעריקא און דאָס בעסטע פון דעם גוטס וואָס ס׳איז פון דער „וואַנדייק" אראָבגענומען געוואָרען ווערט אהין געטראָגען.

„העלפּ יורסעלף!"

ס׳איז זעהר א שעהנע מדה. ווען אויפ׳ן טיש איז דאָ פון אלדאָס גוטס און עס סטייעט פאר יעדען איינציגען — אבער ווען מיט דעם „העלפּ יורסעלף" שטרעקט איינער אויס זיין האַנט און

נעהמט אלץ פון טיש אראב לאזענדיג דעם אנדערען פערשמאכט — איז עס א מדת־סדום.

אזעלכעס איז ביי אונז, אויף דעם שווימענדיגען געפענגנים.

אין דער טיעף איז דושנע אונדערבארימדיג און אן עולם פון א מאן פינף הונדערט וואלגערט זיך אויפ'ן דעק. א קנויל פון פינף הונדערט נפשות וואלגערען זיך אויף דעם שמוציגען דעק, פאר וועלכען קיינער האט קיין געלט ניט בעצאהלט.

האט מען אן ערשטען קלאס בעשאפען!

און טאמער וויל אימיצער אהין זיך דערשלאגען כאטש א בע־סערען טרונק וואסער בעקומען — ווערט ער מיט בזיונות דורכגע־טריבען. טאמער וויל אימיצער אביסעל ס'לייב דארט ארומוואשען ווערט ער מיט בזיונות ארויסגעטריבען...

„ליידים פוירסט!"

אויך אן עכט־נארד־אמעריקאנישע מדה, דא אבער גילט עס ניט. נאר אין דעם ענגען עלעוועטאר ביי זיך אין לאנד ווערט די הוט פון דעם הערען אראבגעשלעפט ווען א דאמע געפינט זיך אין זיין געגענוווארט. דא איז אבער דער דרך־ארץ פאר דער דאמע ניט גילטיג.

„העלפ יורסעלף"!

און בלייבע אויסגעמאטערטע פרויען מיט ברוסט־קינדער אויפ'ן האנט שמאכטען אונטער דער ברענענדיגער זון ניט האבענ־דיג אפילו מיט וואס זיך צו דערקוויקען...

איך טראכט איצטער ניט פון די ענגלענדער, וואס זענען דארט מיט אייך און שמייכלען אזוי זיס צו די דייטשען: לויבען אזוי די גבורות פון די דייטשען... איך טראכט איצטער איבער קינדער פון א פאלק, וואס בעווייזט וואונדער פאר דער וועלט מיט זיין קראפט און פרייען גייסט און שרייבט אויף די גאלדענע מטבעות „אין גאד ווי טראסט"...

ווי פיהלט איהר זיך פריי אין דעם שווים־געפענגנים וואס איז פאר אונז איינגעריכט געווארען אונטער דעם בלויען הימעל

אויף דעם רעכטען צענטער פון דער וועלט וואו פריי שיקט די זון איהרע שטראהלען צו צפון און צו דרום?...

„וויפיעל געלט האָט איהר בעצאָהלט פאר דעם „ערשטען קלאס“?

איך ווייס אז קיין געלט האָט איהר ניט געצאָהלט. געפעננגים בעקומט מען איבעראל אומזיסט. גאנץ אומזיסט האָבען מיר עס אויך בעקומען. גאנץ אומזיסט האָט מען ביי אונז די פרייהייט גע־רויבט. און אויב ביי אייך וועט עס פערוואנדעלט ווערען אין א „גוד טיים“, פלאמט מיר דער פנים פאר שאנדע...

אין דאָך מיר ניט פרעמד די זיטען פון פאָלק.

אין דאָך מיר ניט פרעמד דאָס לעבען פון פויער אין דאָרף. כ'האָב דאָך ניט פארגעסען אין דער הארציגער בענעמונג, מיט דעם פרעמדען און פערבלאָנזשעטען וואָס הערשט אין פאָלק...

האָט דען ווען א קישען געפעהלט ביי אונז אין שטוב ווען א פרעמדער האָט אויף א נאכט־לעגער געבעטען?...

און כאָטש ענג אונזער שטיבעל געווען דאָך איז פאר יעדען א גרויסער פלאץ געווען; איז פאר יעדען א צודעק געווען, און פאר דעם שוואכען האָט מען די אייגענע בעט אבגעטראָטען.

פאר וואָס פערשווינדט עס מיט'ן אָנקומען פון דער ציר־ווילייזאציאָן?

פאר וואָס ווערט אין דעם גרויסען פאלאץ אלץ ענגער ווי נאָר די קולטור רייסט זיך אהין אריין?

„אין גאט ווי טראָסט“ האָט מען אויף די גאָלדענע מטבעות געהייסען אויסקריצען.

און אויפ'ן שארף פון שווערד — די גערעכטיגקייט בעזעצט...

---

אָקטאָבער 30.

די זון האַלט ביים אויפגעהן. גרוי־פייכטע וואָלקען'ס לי־גען ביים האָריזאנט. די לופט איז פייכט און שווער. די פייכט־קייט דרינגט אריין ביז צום פייכטען, פארשוויצטען און מיעדען

ליב. ארום מיר, אויפ'ן דעק, ליגען די פּאסאזשירען האַלב שלאָ־פענדיג און האַלב וואַך. די געזיכטער אויסגעמאַטערט און מיט אַ גלאַנץ וואָס ווערט אויפ'ן פּנים פון שלאָפלאָזען נעכט ביים ים זיצענדיג.

דער ים איז רוהיג. גרוי־מיעד זעהט ער אויס. פון זיין מיעדען צוקנייטשטען אויבערפלאַך קוקט אַ סוד ארויס...

ווער ווייסט וואָס היינטיגע נאַכט איז נאָך פערלאָפען אין אונ־זער „געגענד" ? אפשר איז ווידער אַ שיף געפאַנגען געוואָרען פון שונא און די מענשען קאָרטשען זיך, קינדער וויינען און ווייבער פאַלען אין אַ היסטערישען צושטאַנד אריין ?...

דער טאָג קומט אָן. דער עולם וועקט זיך.

שנעל קומט דאָ אָן דער טאָג אין די עקוואַטאָר געגענדען. אָהן פֿייערליכע צערעמאָניעס קומט ער אָן. פּונקט אזוי שנעל ווי די נאַכט פאַרנעהמט דאָ איהר אָרט ווען די זון הויבט אָן צו פארגעהן.

דער עולם וועקט זיך און דאָרט ביי די צוויי וואסער קראַנען, וואָס נעבען אבטרעט, קומט שוין פאַר אַ ברענעדיגע טהעטיגקייט.

— דער עולם וואשט זיך !

אינגאנצען צוויי קראַנען פאַר אַן עולם וואָס גרייכט אין די פיינפע הונדערטער. און דאָס וואשען זיך טראָגט אַ נערוועז־טעמ־פען כאַראַקטער. אַלץ ציהט זיך צום קראַן, כאָטש בלויז איין מענשען נעבען איהם שטעהען און די בלאָטע נעבען איהם איז פעט, גלאַנציג. ס'וואסער גיסט זיך גלייך אויף דרערד. אַלטע, יונ־גע קינדער, ווייבער, מיידלאַך אַלץ שטופּען זיך צום קראַן. איינער וואשט די צייהנער גלייך דעם אנדערען הינטערן קאָלנער און דער צווייטער זייפט די צורה מיט פערמאכטע אויגען און זעהט גאָר ניט, אַז אַן אנדערער האלט שוין דעם קראַן אין האנד...

עפּעס אַ מיידעל איז פאַרהאנען וואָס האָט שוין געשוואָלענע הענד פון דעם וואָס יעדער קנייפּט איהר דעם גאנצען טאָג — זי האָט זיך אויך אין דעם קנויל אריינגעשפּארט — וואשען וויל זי זיך, און אַ שפּאַניער פראנט גיסט איהר וואסער הינטערן העמד...

— זי וועט לויפען צום קאפיטאן פער׳מסר׳ען...

נאר אנשטאט דעם קאפיטאן, פאלט זי אריין אין די אנגע־זייפטע ארעמס פון א „וואנדייק" מענש און כאפט א קוש פון זיין אנגעזייפטער צורה :

— נארעלע, וואס ביסטו אין כעס? זעהסט, די זייף ברענט מיר די אויגען אויס און כ׳קען מיר צום קראן ניט דערשלא־גען....

דער טאג לעבט אויף !

און לויט די זייט וואו די זון געהט אויף זעהט אויס אז מיר געהן צוריק. כאטש גאר לאנגזאם בעוועגט זיך אונזער שיף, און כאטש ס׳איז קיין אונטערשייד ניט וואוהין זי זאל אונז ברענגען — און וואו אונזער „זיכערער ברעג" זאל זיין — דאך ווערט טרויעריג ווען דו שפירסט, אז צוריק געהן מיר... ס׳ווערט אומעטיג. שוין פיער טעג די קליידער פון זיך ניט אויסגעטהאן. אזוי זיצענ־דיג אויף א שטול די נעכט דורכגעמאכט. ס׳העמד קלעפט זיך מיר צום לייב און ס׳מאכט מיר נערוועז...

דער טאג האט אויפגעלעבט !

ס׳איז אין גאנצען אכט א זייגער און די זון באקט. איך קוק צום בינטעל מענשען־קענער וואס האט זיך דא פון אלע לענדער אויסגעשאטען — און ציהט זיך צום צעבער מיט דער שמוציגער פליסיגקייט וואס זאל הייסען „קאווע". — — — — — — —

אלע נאציאנען זיינען איצטער ארום דעם צעבער. פון אלע עקען וועלט — בכבוד׳יגע פארשטעהער. פון מזרח, מעריב, צפון, דרום.... געלע, ברוינע, רויטע, שווארצע און פארשווארצטע... אלע שפארט זיך נעהנטער צום צעבער פון וואנען עס שלאגט א פארע און צוגעהט זיך פרידליך איבער די קעפ פון די אלע פארשטעהער...

ווער מיט א גלאז און ווער מיט א טעלער, ווער מיט א האלבער פלאש און ווער מיט דער כלי אין וועלכער ער צופיהרט זייף צום ראזירען זיך — אלע צום צעבער מיט די קעפ ארונטערגעבויגען ווארטען אויף א „נעקסט". פריעדליך האלט זיך דער עולם. פאר

אלעמען וועט סטייען. און ווען נאך אין דעם אייגענעם צעבער וואלט זיך דער קובער מיט א שעה צוריק ניט געבאדען... און ווען נאך די טרוקענע פלעצלאך וואס דער עולם נעהמט עס פון א איבערגעקעהרט פעסעל — וואלט ניט אזוי ביטער געווען...

איך דערקען מיין שכן דעם „ענגלענדער" וואס האט יעדען טאג, דארט, אויף דער גאטזעליגער „וואנדייק" די גאפעל־מעסער דעם סטווארט צוריק אין פנים אריין געשמיסען:

—ס'איז שמוציג!

איצטער שטעהט ער מיט א בלאטיגער בלעכענער קענדיל אוןווארט אויף א געלעגענהייט „קאפע" אנצושעפען....

ווי שנעל מענשען גיבען זיך אונטער!

און שמייסט דיך אמאל אריין דער צופאל מיט מענשען אינ־איינעם אין אן ענגער שמוציגער לאך, זעהסטו איצטער ווער ס'איז אין דעם דאזיגען שמוץ שולדיג. ווערט געבוירען דער ספק אין דיין הארצען:

— צי וועט אמאל דאס לעבען ריינער ווערען?....

ביים וואשען זיך, נעכטען, האט מיר איינער געזאגט, אז די „עקספעראנטע" שפראך וועט צו דעם אלעמען א סוף מאכען. ס'־אומגליק בעשטעהט אין דעם וואס מענשען אויף דער ערד קענען זיך ניט צוזאמענרעדען. אנדערש, וואלט איצטער א גן־עדן גע־ווען און יעדער איינציגער וואלט אפשר א בעזונדערען קראן געהאט צו וואשען זיך...

— „מענשען מוזען איין שפראך האבען!"...

גאט מיין גאט, וואס האט עס מיט דער שפראך צו טאן?

צי בעדארף מען דען א שפראך האבען פאר ליעבע?

ווער בעדארף א שפראך פאר דעם בייזען ווילען?

איז דען ניט אלצדינג א נ ש ו ו י ג ע ן געווארען ווען די קריעגס־שיף האט זיך דערנעהנטער און אנגעהייבען אויסצו־דרעהען די קאנאנען מיילער אויף אונז?!

רעדט דען ניט א י י ן שפראך אין דעם ווזען פון אלע

מענשען וואָס שטעהען איצטער ארום צעבער מיט די כלים איז די הענט און ווארטען, „קאווע" צו בעקומען ?...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פונקט איצטער האָט דער מאטראָז געפונען די ריכטיגע צייט די דעק צו וואשען. ס'הייסט די בלאָטע פון שיף א ביסעל שי־טערער און גליטשיגער מאכען... ער לאָזט פליצען דעם שטראם וואסער פונקט צווישען די מענשען וואָס זיינען ארום צעבער פער־זאמעלט.

דער עולם ווערט זיך גאָר ניט. א גאנץ נאטירליכע זאך. גוטמוטיג איילט זיך יעדערער מיט זיין כלי ערגעץ א ה ע ־ כ ע ר ע ן אָרט צו פארנעהמען.

איינער, מיט א טעלער קאווע אין איין האנט, א שטיק ברויט אין דער אנדערער און מיט א האנטוך אין די צייהנער, קלייבט זיך ארויף גאָר הויך אויף אן איבערגעקעהרטען קאסטען, און אין דעם פריהמאָרגען־ליכט זעהט ער אוים ווי א טיגער וואָס לויפט מיט זיין רויב ערגעץ צו א זיכערען ווינקעל און די אויגען זיינע ברענען...

וואָס ווילען זיי נאך מיט זייערע פלייש דאָ!? אפשר צוואנ־ציג ריזיגע זייטען רינד־פלייש האָט מען דאָ צום קיך געבראכט און אויף דער ערד אוועקגעשמיסען. „וואנדייק" פלייש. און עס פוילט.

מען קען מיינען, אז א גאנצע מחנה לייבען און טיגערען וועט מען באלד פיטערען. — — — — — — — — — — — — — —

ווידער נאכט. ס'גאנצע ביסעל מענשען אויפ'ן דעק. די זון לאָזט זיך א גלוטיגע אראָב אין ים אריין. דער עולם איז מוזיקאַ־ליש געשטימט. פון אלע עקען טראָגען זיך פערשיידענע נגונים. אומעטיג און מוטלאָז קלינגען זיי אלע.

א קאָמפּאַניע בויעם זינגען — „ווען איי געט יו אלאָן טו נייט"... מיט א ניגון וואָס קלינגט ווי צו קנות.

דער ערשטער קלאס האָט געלאָזט בעטען די קאפעליע פון דער

„וואנדייק“ זי זאָל פאר זיי שפּילען. זעקס אין צאָהל, מיט זייערע אינסטרומענטען אונטער די ארעמס לאָזען זיי זיך אראָפּ פון זייער געצעלט וואָס איז אויבען, אויפ'ן בית־הכסא אנגעצויגען...

„וואנדייק“!

ס'איז א נאָמען געבליבען נאָך דער גאָטזעליגער שיף. א צייגעל שווארץ און וויים געפלעקט, האָט מען פון דאָרט מציל געווען.

די קיך צייגעל — האָט מען זי „וואנדייק“ א נאָמען געגעבען...

און רופט עס פלוצלונג אימיצער ביים נאָמען, דאכט זיך:

די „וואנדייק“ איז פון דער טיפעניש ארויפגעשוואומען...

---

אָקטאָבער 31.

פארנאכט. די זון האלט ביים פערגעהן. א מערקווירדיגער אומעט רוהט איבער'ן שיף. די לעצטע פּאָר טעג מערקט מען דעם עולם וועניגער עסען. די לעצטע פּאָר טעג, ווי ס'קומט דער אבענד, הייבען זיך אָן געזאנגען צו הערען פון אלע ווינקעלעך. ס'איז מיר זעלטען ווען אויסגעקומען צו געפינען זיך אין אזא ראסען און נאציאָנאַלען מישמאש. פון יעדען וועלט־ווינקעל א פּאָר מענשען. און אלץ האָט אָנגעהויבען צו זינגען פאר די לעצטע פּאָר פארנאכטען. יעדערער זינגט פאר זיך אליין; יעדערער — זיין אייגענעם ניגון... און גאנץ איינגעהאלטען, שטיל. בלויז א גרופּע איטאַליענער זינגען עזות'דיג. כמעט שרייענדיג. זייער ליעד „ליעבע און פרייהייט“ זינגען זיי... און די „ריישען“ קנאקען אזוי צווישען צונג און גומען, אז ביזט זיי מוחל זייער ליעבע מיט זייער פרייהייט.

מיט אויגען פערגלויזטע צום זון אונטערגאנג זיצט א געזונטער אראבער און זינגט מיט א קאָפּ־שטימע אלץ איינע און די אייגענע פראזע, ארויסשרייענדיג, כמעט ארויסשפּייענדיג דעם „חית“ פון האלז, און האָט זיך אונטערגעשפּארט מיט'ן האנד אונטער'ן אויער ווי א שלעכטער בעל תפילה.

פון ערגעץ ציהט „פּאָסליעדני נינעשני דיענאָטשעק“.

דאָס רוסישע ליעד איז דאָ אויך פערטראָטען פון א אידישער

דאָקטאר־פאמיליע וואָס פאָהרט פון בראזיליען קיין נאָרד־אמעריקא

פון ערשטען קלאַס טראגען זיך די טענער פון דער ענגלישער וואנדייק קאפעליע. זיי שפּיעלען די דייטשע „פּופּכען“ — די דייטשען צום פערגעניגען.

און די שיף געהט נאָך זידען. פּונקט ניט אהין, וואוהין מען בעדארף אונז פיהרען. מאָרגען איז זונטאג און לויט דעם צוזאָג האָבען מיר מאָרגען שוין בעדאַרפט זיין אין פּארא, טאָ פאר וואָס אָבער געהט אונזער שיף צוריק?

דאָס געזאנג ווערט אלץ שטארקער און שטארקער. ווען כ'מאך צו די אויגען, דאכט זיך מיר, אז כ'בין ערגעץ אין א אידישער שול, שבת אין אבענד און דער עולם ווארט שטערען זאָלען אויפגעהן.

די אָריענטאלישע ניגונים קייקלען זיך איבער'ן דעק, און צו־מאכענדיג די אויגען קען מען מיינען, א רבי מיט זיינע חסידים זינ־גען עם חסידישע דבקות.

א מיעדע פויגעלע האָט זיך אבגעשטעלט אויף אונזער שיף!

נאָך איהרע פּיסעלעך איז צו דערקענען, אז זי לעבט ניט ווייט פון וואסער. ניט ווייט פון לאנד זענען מיר געווים. ס'פייגעלע, ווי ס'וואָלט גאָר די מענשען ניט מערקען, שפּרינגט איילענדיג און קלייבט ברעקלעך צווישען די פּאסאזשירען.

— פייגעלע, פייגעלע, ביי וואָס פאר א ברעגעס זענען מיר איצטער?

— פייגעלע, פייגעלע, צו וואָס פאר א לאנד פיהרט מען אונז איצטער?

כ'האָב אין לעבען שטענדיג ליעב דאָס אונערוואַרטעטע, דאָס אונגעריכטע — טאָ פאר וואָס אָבער האָט דער גאנצער צופאל בלויז א שווערען טרויער ביי מיר ארויסגערופען?

ווען איך שרייב די שורות האָט זיך נעבען מיר אוועקגעזעצט א שפאניער מיט א בלעכעל ברודיגע קאווע. אין איין האנד האלט ער א שטיק ברויט און אין דער אנדערער — א שטיק געלע זייף, אונטער'ן אָרעם — א שמאטע. ווייזט אוים, וואשען איז ער זיך

געגאנגגען ,און דאך גענומען פריהער דעם מאגען בעפריעדיגען.

כ׳האב אין לעבען געהערט מעשיות פון שיפען, וואס זענען פון ים־רויבער איבערגעפאלען געווארען, די מענשען בערויבט און שפע־טער זיי אלעמען פאר קנעכט פערקויפט.

ס׳איז שוין כמעט היינט ניטא אזעלכע ערטער אויף דער ערד, וואו מען וואלט געקענט ברענגען מענשען, מיט הענד און פיס געבונדען, און פערקויפען זיי פאר קנעכט.

איך וואלט אבער מעהר צופריעדען געווען, ווען איך וואלט כאטש אין מיין געדאנק זיך קענען איבערטראגען אין יענע צייטען, ווען רויבעריי האט דעם ריכטיגען נאמען געהאט; אין יענע צייטען ווען פאר רויבערייען זענען קיין מאדערנע קאדעקסען ניט געשריעבען געווארען.

מיין „רוס" זאגט, אז לויט דעם האאגער אבמאך האבען די דייטשען קיין רעכט ניט געהאט אונז צו פערכאפען און אז לויט דעם האאגער אבמאך האט בעדארפט...

— דער האאגער פריעדענס פאלאץ! דער אינטערנאציאנא־לער שווינדעל און קאמעדיען פאלאץ! וואו מען קלערט צו דינים פון עטיקעטע פאר דעם גראנאט וואס פליהט פון קאנאנען־מויל...

אזעלכע דינים, פון וואס פאר א מעטאל עס בעדארף זיין די קויל, וואס בעדארף א ברודער־מארד בעגעהן!

דער האאגער פריעדענס פאלאץ...

וואו נעהמט מען די צייטען, ווען צווישען ליעבע און האס האט מען דעם גרענעץ געזעהען?

האס און נקמה האט מען איצטער אין דעם מאנטעל פון ל י ע ב ע אנגעטאן. איך קוק ווי ענגלענדער און דייטשען שמייכ־לען איינער צום אנדערען איבער זייערע גבורות...

— וואס בעטייט עס אלץ? וואוהין וועט די וועלט פערגעהן מיט דעם פאלשען שמייכעל, וואס כ׳זעה די לעצטע צייטען אויף איהרע ליפען?

און טראכט איך איצטער פון דער אלטער אייראפא, קוקענ־

דיג אויף די אלע מענשען, וואָס רינגלען מיך ארום רעכטס און לינקס... און אפילו צוהערענדיג זיך צום געזאנג וואָס ציהט איבער אלעמענס קעפּ — קלער איך:

— וויפיעל מענשען־בלוט וועט מען בעדארפען פערגיסען אויסצומיסטיגען די ערד פון דער אלטער איירָאפּא, כדי ס'זאָל זיך אויסדראכטען כאָטש אויף א ווײלע, אז עפּעס נייעס שפּראָצט פון דער ערד ארויס!...

---

נאָוועמבער 1.

ס'איז ארום פיער א זייגער פארטאג. די לבנה בויגט זיך צו מערב־זייט און א שטארקער ווינט שניידט אין פּנים. זייט נעכטען אבענד האָט די „אנסונסיאָן" אָנגענומען דעם ריכטיגען קורס און געהט איהר פולען גאנג. די מאשינען קרעכצען און ציטערען. זעהט אויס, לאנג מיט אזא שנעלקייט ניט געגאנגען. זעהט אויס, ערענסט וויל מען אונז צו א ברעג ברענגען. די מאשינען, פון גאנץ אלטער סיסטעם, בעדארפען א סך קוילען האָבען און דער געדיכטער רויך פון קוימען זעצט ווי א געדיכטער וואָלקען און צעוויקעלט זיך אין לופט פארשטעלענדיג פון צייט צו צייט די לבנה.

דער עולם שלאָפט אונרוהיג. פון צייט צו צייט וועקט זיך אימעצער פון זיין פּלאַץ, רייבט די אויגען, שפּרינגט אויף פון זיין שטול און לויפט צום פּארענטש — קוקט אין דער נאכט אריין.

ווייזט אויס מיר דערנאָהענטערען זיך צום מויל פון די אמאַ־זאנען וואסער'ן. די געגענד האָט א שטורם־ווינט געשיקט אונז מקבל פּנים זיין. א פייכטער ווינט וואָס טראגט מיט זיך צוויי שטראמען, איינעם א קאלטען און איינעם א ווארעמען — גלייך ווי ווארים און קאלט וואסער זאָלען פון צוויי בעזונדערע קראנען שטראמען.

פון ווייטען בעווייזען זיך פייערלאך. זיי וויגען זיך און ווינקען און מיר קומען זיי אנטקעגען. עפּעס גיט מען אונז צייכענס און

עס מערקט זיך ווי איין פייעריל לאָזט זיך דאָרט פון אויבען אראָב טיעפער צום וואסער...

ס'איז א בראזיליאנישע „פּאָסטען־שיף" וואָס ווארט אימער אויף דעם אייגענעם אָרט וואו דער אָקעאן קומט זיך מיט דער אמאזאנע בעגעגענען און דאָ בעדאַרף אונזער שיף א לאָצמאַן אויפנעהמען; א וועג־פיהרער וואָס זאָל די שיף דורך די פערשייד־דענע אינזלען דורכבערענגען. דאָס אלץ ווערט אבער געמאכט אין דער פינסטער, אין דער נאכט, און עס טראגט אזא געהיימניספול־לען כאראקטער. גלייך ווי צוויי רויבער־שיפען וואָלטען זיך אין מי־טען ים, אין מיטען דער נאכט בעגעגענט און ביים לבנה־שיין וועלען זיי זיך, מיט דעם רויב צוטיילען...

דאָס פייעריל וויגט זיך און ביים לבנה שיין בעוויזט זיך א קליין שיפעל וואו עס זיצען דריי מענשען און רודערען און רודע־רען און ווערען פון צייט צו צייט פארפאלען צווישען די וועלען..

זיי קומען צו נאָהנט צום וואנט פון דער „אנסונסיאָן". מען לאָזט פון אויבען א שטריק־לייטער אראָב און מען זעהט ווי א מענש קלעטערט ארויף.

און כאָטש איך קען ניט יענעם מענשען דאַך איז ער מיר טייער. עפּעס איינער פון אונזערע איז ער וואָס וועט אונז אויף דעם גלייכען וועג ארויספיהרען: דער ערשטער עדות פון אן אנדער וועלט, וואָס וועט פון דעם אונרעכט זיך דערוויסען באלד און וועט פילייכט מיטפיהלען דעם עולם וואָס ליגט אזוי מיעד אויף אלע זייטען פון דעם דעק און חלום'ט, נאָר גאָט אליין וויסט פון וואָס.

די מאשינען הויבען אָן ווייטער צו ארבייטען און די „אנסונ־סיאָן" בעוועגט זיך ווידער. מיר געהן פארביי דער פּאָסטען־שיף — א קליינע גרויע בארקע וואָס וויגט זיך פון די כוואליעס און אין'ם לבנה שיין זעהן זיך דאָרט אויף איהר נאָך מענשען, אָדער שאָטענס פון מענשען...

מען זעהט ווידער דאָס קליינע שיפעל און בלויז צוויי מענ־שען אין איהר, רודערן און דערנעהנטערן זיך צו דער בארקע...

עס פערנעהמט זיך אויף טאָג. דער עולם הויבט זיך אָן צו דודערען. כאפּט זיך דאָס מאָל מיט אימפּעט און גלאָצען אין דער וועלט אריין. פּונקט ווי אין אויער וואָלט אימעצער אריינ־סוד'ען יעדען איינציגען:

— שטעה אויף, פּאַק דיינע זאכען איין, וואָרים לאנד ווען

עס טראָגט זיך דורך א מחנה פויגעל. זעהט אוים לאנד־מיר באלד זעהן.

פויגעל. לאנג ניט געזעהן אזא מחנה פויגעל איבער'ן וואסער ציהען.

די זון הייבט אָן אויפצוגעהן אין מזרח זייט און די לבנה זוכט אן אָרט וואו זיך אויסצובעהאַלטען.

ס'וואסער האָט דעם קאָליר געביטען. דער ברוגז־טונקעל בלויער קאָליר פון אָקעאן איז פערשוואונדען. איצטער איז דאָס וואסער גרין און געשטרייפט מיט ברודיג־געלע פּאסען. א גע־מיש פון פארשיידענע וואסערען. עס שפּירט זיך, אז מיר געהען אנטקעגען א נייעם שטראָם און דער ווינט וואָס בלאָזט אונז אנט־קעגען קומט פון פרעמדע וועלטען אָן.

קוים, קוים צו בעמערקען ווייזט זיך א טונקעלער פּאס לאנד ביים האָריזאָנט אין מזרח זייט. נאָך א מחנה פויגעל טראָגט זיך דורך גאָר נידריג ביים וואסער.

דער עולם האלט דעם אטעם איין און קוקט פארגאפט מיט אָפענע מיילער. אנדערע אויפהייבענדיג זיך פון געלעגער און מערקענדיג דעם טונקעלען פּאס ביים האָריזאָנט, רייבען די אויגען און א שמחה כאפּט זיי ארום. און פאר שמחה שליידערען זיי דעם מאַטראַץ איבער דעם פּארענטש אין וואסער אריין.

לצים מאַכען שפּאס:

— וועסט נאָך בעדארפען שלאָפען דאָ א נאכט. מען וועט דיר נאָך ניט אראָבלאָזען אזוי גיך.

— מען וועט מיך שוין אראָבלאָזען. זאָלען מיר נאָר נאָהנט

צום לאנד זיין וועל איך אין וואסער ארייגשפּרינגען און צום ברעג שווימען.

און די „אנסינסיאַן“ שלאָגט זיך פון די כחות ארויס. קרעכצט און פּופּט און דער געוואַלדיגער רויך פון קוימען וויקעלט זיך איבער די קעפּ פון די לוסטיגע. די שיף אליין זעהט אויס איילט צום ברעג וואָס געשווינדער, דעם פּעקיל מענשען־קינדער פון זיך אַראָבוואַרפן: קיין שום בעשעפעניש אויף דער וועלט, דאכט זיך, וואָלט דאָ אויף איהר אזוי פיעל שמוץ ניט אַנגעמאַכט ווי די אלע אונגעבעטענע, אונגעריכטע געסט...

אַ צעפּלאַמטע געהט אויף די זון און מיט מעהר היץ ווי שטענדיג הייבט זי אַן צו הויכען... פון דער הינטערשטער טייל שיף ציהט זיך צום קיך אַ שורה פון דער מאַנשאַפט און ווי דער שטייגער טראָגט יעדער אויף זיין פּלייצע אַ זייט אָקסען־פליישׁ אָדער אַ גאַנץ קעלבעל. ס'קעלבעל איז אין גאַנצען ארומגעשונדען און בלוי איז עס. און עס ווערט אַראָבגעשליידערט נעבען קיך אויף דער ערד...

און די לופט ווערט מיט איין מאָל פערדאָרבען, פאַרפּוילט. ווער בעדאַרף נאָך ס'פלייש היינט דאָ האָבען? ! קוקענדיג אויף דעם דאכט זיך: אָט באַלד וועט אָנקומען אַ מחנה רויב־פויגעל, קראָהען און אונבעקאַנטע הינט און וועלען זיך פערזאַמלען ארום דעם פלייש באַרג וואָס היינט איז ער נאָך גרעסער ווי שטענדיג...

ס'בעווייזען זיך פאַסען לאַנד פון מערב זייט אויך. אינזלען זעהנען עס. גאַנץ ווייט. און מען זעהט נאָך זייער ריכטיגען קאָליר ניט. דער גרין־געלער פאַרב פון וואַסער שטאַרקט איבער דעם בלויען קאָליר און ס'וואַסער פון ביידע זייטען שיף שוימט זיך שוין ניט אזוי שטאַרק. ס'וואַסער ווערט זיסער. אַ פּאָר יונגע לייט בינדען צו אַ קווערטיל צו אַ לאַנגען שטריק און בעקומען פון אונטען וואַסער.

יעדער טונקט דעם פינגער אין דעם און טוט אַ לעק מיט'ן צונג און פּראָבירט דעם טעם מיט אַ בעזונדערער כונה.

— זים! מען קען עס שוין טרינקען פרייט ער זיך...
די אינזלען פון אלע זייטען פארמעהרען זיך. טונקעל גרינע טיי־לען זיי זיך פון דעם געלב־גרינעם וואסער־קאליר ארויס. ווייט, ווייט בלאנקט אין לופט א זעגעל שיף — ווי א ווייטער חלום זעהט עס פאר מיר אויס...

ווי שעהן פלעגט זיך וועבען ביי מיר אין די יונגע יאהרען חלומות פון לענדער וואו אייביג וואוינט דארט דער זומער... יענע וואונדער־גרינע געגענדען וואו די גרויסע, גרויסע אמאזאנען שטראמען האבען זיך א בעט אויסגעבעט האב איך מיר נאר אין חלום געקענט פארשטעלען. איצטער אבער איז עס קיין חלום ניט. אין דעם ערשטען מאמענט ווען כ'האב אנטקעגען זיך דער־זעהן די געפאנצערטע שיף און ווי זי ווענדט אום די קאנאנען מיילער צו אונז — האב איך געמיינט, אז א בייזער חלום ציהט דורך מיין מיעדען קאפ... די ווירקליכקייט האט שוין לאנג די חלומות־שאטענס צוטריבען. יעדען טאג, אין דער אייגענער צייט ווען איך צייכען פאר זיך די דאזיגע ווערטער טראגען זיך ארום מיר מענשען קולות וואס רעדען פון עסען, עסען, עסען...

שטימען וואס דריקען אויס זידעל־ווערטער, זידעל־ווערטער, בעגלייט פון א ריח צוזאמענגעמישט פון מענשען שוויס, מענ־שען שמוץ און פערפוילטע אקסען־פלייש...

ס'איז ווייט קיין חלום ניט:

מען האט די אלטע קליידער פון דעם צוואנציגסטען יאהר־הונדערט צוריסען און פון זיי זעגלען געמאכט פאר מיין שיף וואס טראגט מיך איצטער צו די געגענדען וואס כ'האב אין חלום גע־זעהען... — — — — — —

צווישען גרין־גרינע און בליהענדע אינזלען שניידט דורך אונ־זער שיף די געלב גרינע וואסערען. דער ווינט ברענגט א כוואַ־ליע בלומען־דופטען און ס'פארכאפט דאס הארץ.

דער ריח פון לאנד וואס ציהט אהער מאכט פערגעסען, אז א געפאנגענער בין איך.

מיר געהען פאַרביי. גאָר נאָהנט צו אַן אינזעל און פון צווי־שען די בוימער קוקען הייזלאַך אַרויס און קינדער שטעהן דאָרט מאַכען מיט די הענט צו אונז...

— זייט מיר געגריסט, קינדער ליעבע, אין דעם אונבעקאַנטען לאַנד!

איך בין דאָך בלויז אַ מענש מיט אַ שוואַך מענשען־האַרץ וואָס איז פון בלוט און פלייש בעשאַפען, און ס'טוט מיין האַרץ מיר איצטער וועה ווען כ'קוק פון געפענגנים צונ'אייך אַריבער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך געה אַראָב אין דער טיף, אין דעם אַנגעגליהטען בויך פון שיף וואו דער עולם היט זיין פערמעגען אויף. דאָרט רודערט זיך שטאַרק. מען פּאַקט זיך. איינער שלאָגט דעם אַנדערענס זייטען אָב. מען פּאַקט זיך. מען ריכט זיך היינט נאָך פריי צו ווערען.

און די מענשען קוקען איינער צום אַנדערען מיט חשד. אין דער לעצטער מינוט האָט עפּעס איינער דעם צווייטען אויפגעהערט צו געטרויען. יעדערער פּאַקט זיך אין זיין זעקעל אָדער טשעמאָ־דאַן דער צווייטער זאָל ניט אַריינקוקען און זעהן וואָס דאָרט טוט זיך. אין דער לעצטער מינוט קען חלילה איינער דעם אַנדערען בע'גנב'נען... וואָרים אין דעם שמוציגען געפענגניס האָט איינער אויף דעם אַנדערען אָנגעהויבען ווי אויף אַ פערברעכער צו קוקען בלויז די נויט האָט געצוואונגען איינעם צום אַנדערען שמייכלען..

אָבער איצטער אין דער לעצטער מינוט. לייענסטו אויף יע־דענס פּנים: „איך קען דיך דו וועסט מיר ניט בעשווינדלען. מיין טשעמאָדאַן גוט פאַרשלאָסען. ס'געלד אין דער טיעפסטער קעשענע בעהאַלטען. און ווער איך נאָר פריי פון דאַנען.... און קום איך נאָר פון שיף אַראָב וויל איך מעהר אין דיין צורה ניט קוקען... — ——— — — —

אַזוי שווימען מיר צווישען גרינע אינזלען אין דעם מויל פון די גרויסע, גרויסע אַמאַזאָנען וואַסערען... צו אַ זיכערען ברעג...

———

נאָוועמבער 2טען.

זילבער־מאט און זילבער־בלאס ציהט זיך ס׳וואסער פון דער אמאַזאָנע צווישען די געדיכט בעוועלדעטע אינזלען אין דעם שיין פון א גאנצער לבנה, וואָס האלט שוין ביים אונטערגעהן. שוואך איז איהר אָבגלאַנץ און איהר ליכט דערמאָנט אין דעם נעבעל, וואָס הענגט אין לופט ביי אונז, אין שפּעטען הערבסט ווען די פראָסטי־גע טעג הייבען זיך אָן.

דער טאָג וועט אָבער פראָסטיג ניט זיין. אין מזרח־זייט וועקט זיך שוין דער ברעג פון די הימלען און גלוטיג, גלוטיג וועט דער טאָג אָנקומען.

די „אנסונסיאָן“ שטעהט פאראנקערט און דרעמעלט. פויל רודערט זיך נאָר אין דער טיפעניש אין דעם מאשינען־אבטיילונג — אָבער אונזער שיף בעוועגט זיך ניט.

פון ווייטענס זעהט זיך פייערליך וואו ניט וואו צוואָרפען. דאָס זעהט זיך פון ווייטען די ליכט־צייכענס ביים אריינקומען אין דעם האַפען פון פּאראַ.

צושפּעט זענען מיר נעכטען אהער אָנגעקומען, און גאנץ אונ־גריכט איז אונזער אָנקומען געווען, דאריבער האָט מען אונז אין האַפען אריין ניט געלאָזען. א ים האַפּנונגען זיינען צעשוואו־מען און צופלאָסען געוואָרען נעכטען אין אָבענד ווען מען האָט זיך דערוואוסט אז אויף׳ן שיף מוזען מיר נאָך בלייבען...

ווי דער שטייגער, טאָר דאָך קיין שיף פריהער אין האַפען ניט אריינקומען ביז זי גיט ניט צו וויסען פון זיך. אז די „אנ־סונסיאָן“ האָט צום ערשטען מאָל איהר מעכטיגען געבריל אריוס־געלאָזען :

„איך בין דאָ פון ווייטען וועג — עפענט מיר די טויערען אויף“, איז עס פאר די בעאמטע פון האפען אנ׳איבערראשונג געווען. אין א קליינער דאמפף־שיפעל איז אָנגעקומען א גרופּע בעאמטע, געמאכט א קרייז ארום אונז, פארשריבען דעם נאָמען פון אונזער שיף און צוריק אוועק... אין א וויילע ארום איז אָנ־

געקומען נאָך אַ דאַמפּף־שיפעל, בלאַנק־ווייס, אַן אויסגעוואַשענס, אַן אויסגעפּוצט, מיט אָפיצירען און מאַטראָזען אויף זיך און מאַ־כענדיג אַ קרייז ארום אונז, האָט עס זיך פעראַנקערט פונקט אַנט־קעגען אונז...

לאָזט זיך ארויס, אַז דאָס איז אַ „קריעגס־שיפעל". ס'הייסט מיר זאָלען קיין פליטה ניט מאַכען.

און דאָס קריעגס־שיפעל זעהט אויס ווי פאַר קינדער אַ שפּיעל־צייג געמאַכט. ווי אין ערגעץ אויף אַ פּאָליצע אין אַ גרויס גע־שעפט איז עס געשטאַנען, מיט אַ פלעדערוויש דעם שטויב דער־פון אַראָבגעבלאָזען און אויפ'ן וואַסער ארויפגעלאָזען... צוויי קליי־נע האַרמאַטלעך, כמעט אין קעשענע אריינצולעגען, זענען צו אונז געווענדעט.

מיר זענען אין פּלען...

ס'פאַלט צו די נאַכט. ס'קומען אַן בעאַמטע. נאָר אונזער עולם דערפרעהט זיך אַזוי מיט זיי... מען בעפאַלט זיי פון אַלע זייטען. מען וואַרפט זיך זיי אויפ'ן האַלז. און יענע פערגעסען גאָר, אַז טאָן זייער פליכט זענען זיי געקומען. מען פאַרשיט זיי מיט פראַגען:

— האָט מען געוואוסט ביי אייך, אַז די „וואַנדייק" איז געפאַנגען ?

— ניין, קיין אהנונג געהאַט...

ניין, ניט געוואוסט... צוטראַגט זיך צווישען עולם. קיינער ניט געוואוסט. אַ גאַנצע וואָך איז שוין פאַרביי און קיינער האָט ניט געוואוסט.

— און די מלחמה ? יאָ, וואָס הערט זיך מיט דער מלחמה ?...

— די טערקען שטרייטען.

— די פּאָרטוגייזען שטרייטען.

— האָלענדער שטרייטען.

— גריכענלאַנד וועט שטרייטען.

— **רומעניען איז גרייט צום שטרייטען... די מלחמה צע־ וואקסט זיך !...**

און אזוי זענען מיר געבליבען נאך א נאכט אויפ'ן שיף. ביים זייט מיט דעם שומר אין דעם געשטאלט פון דעם ווייסען שיפעל מיט די מעשענע הארמאטלעך...

אבער דער גאנץ פריה האט שוין געמיטען. שוין אפשר דריי שעה, אז די „אנסונסיאן" פלאנטערט זיך ארום אין האפען און לאנדעט ניט — עפעס איז די געשיכטע ניט גלאטיג.

די דייטשען זענען אויפגערעגט און זאגען, אז זיי וועלען זיך אפרעכענען. זעהט אויס, אז ניט מיט דעם געניגענדען דרך־ ארץ האט מען דא דער אלטער שווארצער קאסטען אויפגענומען.

די גאנצע שטאדט האט זיך צום האפען ארויסגעשאטען. אויף בייז־וואונדער די געפאנגענע אנקוקען. פארביישוויימענדיג מיט דער לענג פון האפען, זעהט זיך די גאנצע שטאדט, וואס ליגט נאהנט און די גאסען גאנצע זויבערע לויפען ביז צום וואסער אראב... אין די גאסען זעהען זיך קיין מענשען כמעט ניט. אלץ האט זיך צום ברעג א לאז געטהאן אונז צו בעגעגענען. און אונז וויל מען ניט אראבלאזען !

די „אנסונסיאן" פערלאזט אינגאנצען דעם האפען און קעהרט זיך ווידער צוריק צום ארט וואו זי האט גענעכטיגט. ווייט, ווייט פון האפען און פעראנקערט זיך.

וואס זאל עס בעדייטען ? מיינט עס ניט, אז די בראזי־ ליאנער רעגיערונג וועט הייסען פארנעהמען דעם פעקעל פא־ סאזשירען און טראגען זיך פון דאנען ?....

יא. מען זאגט אז די בראזאליאנער רעגיערונג וויל אונז ניט אראפלאזען. ווילען ניט, אז דער דייטש זאל שיפען כאפען און אהער ברענגען דעם רויב צו בעהאלטען.

ארימע בראזיליען... אלע ספעקולירען מיט איהר שוואכקייט אלע ספעקולירען מיט איהר פוילקייט און אבגעלאזענקייט. און מענשען פון ווייטע, פרעמדע לענדער קומען אן, שוויצען דא און

ספּעקולירען מיט איהר גוטהארציגקייט און גאַסטפריינדליכקייט.

זי וויל ניט, אַז דייטשלאַנד זאָל שיפען האָבען אין איהר פּאָרט, און אויף די שיפען זאָל דראַטלאָזער טעלעגראַף זיין. זי „וויל ניט“ ! אַלענפאַלס די וועלט אַמוועניגסטען זאָל וויסען, אַז זי ו ו י ל נ י ט !

און דאָך האָבען די דייטשען זייערע שיפען דאָ. זיי גנבה'נען זיך אריין. מען היט זיי מיט די גראַשענע הארמאַטלעך און זיי קומען און לאָדען זיך אָן מיט קוילען און מיט וואָס איהר ווילט אין דער וועלט און אין איין שעהנער נאַכט ווערט זיך אַזאַ שיף „פער־שוואונדען“.. ברענגט נייעס, ברייננט שפּייז פאַר די קריעגסשיפען, וואָס יאָגען זיך אום איבער די ים'ען איצטער... — — — — — — —

גרוסען קומען אָן, אַז די קאָנסולען, די פאָרשטעהער פון די פעלקער, קענען זיך דאָרט מיט דעם כבוד ניט צו טיילען, דארי־בער האַלט מען אונז.

איך זיץ אויף מיינע פּעקלעך און בראָט מיר אויף דער זון, און כ'האָב שוין מיינע אויגען אויסגעקוקט, צו קומט שוין דער שטאַפּעט, אַז מיר מעגען שוין לאַנדען...

פון צייט צו צייט טראָגט זיך אַ ריח פון לאַנד און רייצט דיך נאָך מעהר אויף.

לאָזט מיך אַראָב, מיינע טריט ווילען לאַנד אונטער זיך שפּי־רען ! דער ים, וואָס איז שטענדיג מיין לעבען געווען, איז מיר צולאַסט געוואָרען די לעצטע צייט... פאָרשטעהער פון פעלקער !

— מוחל, אייערע טובות, לאָזט מיך פון דאַנען אַראָב און איך וויל אייערע טובות ניט האָבען.. — — — — — — — — — — —

נאַכט. איך זיץ שוין אין אַ האָטעל. אַן אַלט־פרענקישער האָטעל און ס'פענסטער איז אין סטעליע. מסתמא בעדאַרף עס אַזוי זיין.

דער טאָג האָט זיך אַזוי געענדיגט :

איין קאָנסול נאָך דעם אַנדערען זענען אויפ'ן שיף געקומען און בעזוכט, יעדערער זיינע בירגער. קיין רוסישער קאָנסול איז

ניט געווען. ארום פיער א זייגער האט די „אנסונסיאן" ווידער זיך גענומען ריהרען און דאס מאל גאנץ ערנסט געלאנדעט אין האפען. אויף'ן ברעג האט אן ארקעסטער געשפיעלט דעם ענג־לישען הימן, און די ענגלענדער אויפ'ן שיף האבען געענטפערט.

דערנאך האבען די צאל־בעאמטע, ווי דער שטייגער, ביי יעדען אין די פעקלעך געזוכט. ווי דער שטייגער, האט מען ביי יעדען אין טשעמאדאן אלץ, פון אונטען ארויף אזוי, אלץ איבערגע־קעהרט, אז דער טשעמאדאן זאל זיך ניט קענען צומאכען. און איינציגווייז האט מען אלע, וואס האבען געזאגט, אז זיי זענען פערמעגליך אין א האטעל צו געהן — זיי אלע, האט מען פון שיף אראבגעלאזען.

איך בין אראבגעגאנגען מיט מיינע פעקלעך און געשטעלט זיך פון דערווייטען, נאר אמאל בעקוקט די שיף וואס הייסט „אנסונסיאן", וואו כ'האב אונענדליכע טעג און, ווי גלות־לאנגע שלאפלאזע נעכט, פארבראכט. כ'האב געקוקט ווי די דייטשע אפיצירען געזעגענען זיך „ווארים" מיט די ענגלישע פאסאזשירען און אויף מיר האט א בלאז געטאן א ווינט פון דער ווייטער איי־ראפא, וואס זעהט איצטער געווים אוים ווי א גרויסע, פערוואונ־דעטע חיה, וואס וויקעלט זיך אין איהר פיין... — — — — — — — — —

און ווענד איך איצטער מיין בליק אויף צוריק, דאכט זיך מיר, אז ניט אכט טעג האב איך שווערע איבערגעלעבט, נאר אכט אייביגקייטען האב איך דורכגעמאכט אין דער צייט וואס א שווארצע, שמוציגע האנט האט מיר מיין קאפ צו דער ערד גע־בויגען, און מיין פנים אין שטויב פערזונקען...

ווי קען מען אזעלכע טעג פערגעסען ?...

---

35.

## ביי די ברעגעס פון דער אמאזאנע

פון ווייטע געגענדען, פון נאך ניט קיין אויסגעפארשטע בע־העלטעניששען טראגט די קעניגען פון די טייכען איהרע וואסערען

צום אטלאנטיק. פון געגענדען וואו קראנקהייטען און פעסטען פרוכפּערען זיך קומען די וואסערען פון דער אמאזאנע. ביי איהרע ברעגעס האלטען וואך מחנות קראָקאָדילען און אייביג גרינען דאָרט די בוימער, שפּיגלען זייערע צווייגען און קרוינען אינ׳ם ברייטען שטראָם.

גרין־געבלעך ציהען זיך די וואסערען, ברייט, ברייט אזש ביז צו מזרח און מעריב הימעל־ברעגעס. מיט דער איידעלסטער גרינקייט הויבען זיך ארויס אינזלען פון שטראָם, און ס׳וואסער ביי די אינזלען גיסט זיך איבער פון גרין־גרין ביז אָליווען און אראנזש קאָליר. די אייביג גרינע אינזלען, קען מען מיינען, אז זיי שווימען אום אויף די אמאזאנען־וואסערען ווי אויסגעריסענע קעמפּעס; צוזאמען מיט׳ן ברייטען שטראָם טראָגען זיי זיך צום ים.

ביי די ברעגעס פון דער אמאזאנע וואקסען די גומי־בוימער, און אין די אמאזאנען טאָלען, צוזאמען מיט די קראנקהייטען בעווייזט זיך צומאָל דאָס גליק און ווינקט און רופט די מענשען פון דער ווייסער וועלט.

עס ציהען זיך שיפען ארויף, אנטקעגען וואסער; אזש קיין באליוויא און עקוואַדאר ציהט זיך דער וועג. אין די ווינקעלאך פון די שיפען האט זיך דער געלער פיבער בעהאלטען און ער לויערט און ווארט ביז די שיף וועט דעם ווייסען מענשען ווייטער פון ברעג אוועקפיהרען...

האָט דען ווער געציילט אמאָל די קרבנות וואָס די ווייסע וועלט האָט געבראכט צו דער קעניגען פון די טייכען ?

ס׳האָט נאָך די אלטע וועלט ליעב, ערגעץ וואו אין פערוואָר־פענע עקען פון דער וועלט, צו טרייבען דעם האנדעל מיט קנעכט און דאָרטען אהין, וואו עס פרוכטפּערען זיך די גומי־בוימער מיט דער געלער פעסט האָט די ווייסע וועלט איהר תאוה איבערגע־טראָגען.

און די שטאָדט פּארא אָדער בעלעם, ווי זי הייסט אָפיציעל

— איז דער טויער צו די אמאזאנען וואסערען. די הויפט־גאסען איהרע זאָגען עדות אויף אלטע, גוטע צייטען. די שטאָדט ליעגט ביים ברעג און איהרע גאסען פערלויפען ביז צום גרינלעך־פער־שלייערטען וואסער.

דאָ איז דער צענטער פון דעם גומי־האנדעל און אהער קומען אָן פון די גומי־געגענדען גרויסע און קליינע שיפען, לאָדען אויס אין האָפען די בלאָטיג־ברוינע גומי־קנוילען.

די גומי, וואָס ווערט פון די בוימער ארויסגעצאָפּט אין א פליסיגען צושטאַנד, ווערט דאָרט אויף אנ׳אָרט געגאָסען אויף א שטעקען וואָס דרעהט זיך איבער א פייער. די גומי פליסיגקייט ווערט אויפ׳ן שטעקען פערטריקענט ביז עס זאמעלט זיך אָן א גרויסער, קיילעכדיגער קנויל, א פּאָר הונדערט פונט שווער; ערשט יעמאָלט נעהמט מען דעם פערגליווערטען גומי־קנויל אראָב פון שטעקען.

די גומי קומט אָן קיין פּארא און דאָ, אין האָפען, ווערען די שיפען אויסגעלאָדען. נאַקעטע ביז די לענדען שטעהען נעגער מיט שווערע מוסקולען און לאָדען אויס די גומי. מיט אן אייזערנעם האַטשיק כאַפּט איינער אויף א גומי־קנויל און שליידערט עס צום צווייטען און דער צווייטער — צום דריטען. די שווארצלאַך־ברוינע מוסקולען בעוועגען זיך ריטמיש און דער שוויים מאכט דעם בראנזען־לייב בלישטשען אנטקעגען דער זון.

אין דעם אייגענעם האפען וויגען זיך די זעגעל־בוימער, פון די שיפען, וואָס האָבען פּרוכטען געבראַכט אין דער גרויסער שטאָדט אריין פערקויפען.

און די גרויסע שטאָדט ליעגט ווי אין א לייכטען דרימעל. די זון שמייסט מיט פייכטע שטראַהלען און וואשט דאָס לייב אונ־טער׳ן העמד. ביי א צוויי הונדערט טויזענד איינוואוינער שאַצט מען דאָ, אָבער ביי טאָג קען מען מיינען, אז די הייזער זענען לע־דיג, בלויז פּאר א פּוץ ציהען זיך אוועק די שעהנע גאסען, פון ביידע זייטען געדיכט מיט בוימער פערפלאַנצט.

די שטאָדט איז אַלט גאַנצע דריי הונדערט יאָהר און דאָך קען מען מיינען אַז נעכטען ערשט איז זי אויפגעבויט געוואָרען. בלויז די אַלטע קירכעס און די שוואַרץ געקליידעטע גלחים אין די טירען טראָגען דיך אַוועק אויף א ווײַלע אין די אַלטע צייטען און דער שווערער צעוואָרעמטער געדאַנק הויבט אָן עפּעס צו וועבען, עפּעס צו דערמאָנען:

„אַמאָל גאָר אַמאָל... מיט דריי הונדערט יאָהר צוריק, האָט פראַנציסקאָ קאָלדעריא דע קאַסטעללא־בראַנקאָ זיך געלאָזט מיט זיינע שיפען“..

דער זיסער מידער דרימעל לאָזט אָבער ניט דעם געדאַנק זיין וואָך. און די זון וואָס האָט זיך ווי צושמאָלצען און צוגאָסען אין דער גאַנצער לופט מאַכט די ברעמען אַזוי שוואַך, זיי פאַלען אַראָב און דורך א שמאָל שפּעלטעלע בלאָנזשעט דער בליק אַרוים.

גרויסע פויגעל, פון דער אָדלער משפחה „סאַניטאַרען“ הייסען זיי, געהען אום אין די גאַסען, פּלאָנטערן זיך ממש אונטער די פיס. זייער רעכט היט די רעגיערונג אָב מעהר ווי דאָס רעכט פון איהרע בירגער. דאָס זענען אָדלער־קינדער וואָס האָבען בעוויליגט צו וואוינען מיט די מענשען און אויפקלייבען די שטיקלאך אָבפאָל וואָס פוילט און שפּרייט אוים א פּעסט אין די גאַסען. אויפ׳ן פלייש און פיש־מאַרק רייסען זיי פשוט פון די הענט די פלייש; געדולדיג קוקט דער קצב אויף זיי, וואַגט ניט א האַנט, אויפצוהויבען אויף דעם „סאַנעטאַר“. איהם האָט די רעגיערונג דאָ אָנגעשטעלט די שטאָדט אין ריינקייט צו האַלטען.

אַז די זון פערגעהט און די עלעקטרישע לאָמפּען צינדען זיך אָן ווערט דרויסען ניט קיהלער — אָבער מענשען בעווייזען זיך אין די גאַסען. אַרום עלעקטרישען ליכט פערזאַמלען זיך שמעטערלינגען און נאַכט פליגעלעך, רייסען זיך צום פייער; זשוקלאָך פון אַלע קאָלירען שלאָגען זיך טרוקען אָב אָן דעם לאַמטערען און פאַלען אויף דר׳ערד.

די שמעטערלינגען וואָס פּרוכפּערען זיך דאָ גרויסע ווי פוי־

געלאָך, ווערען צו׳מזיק׳ט רייסענדיג זיך צום ליכט, צובלוטיגטע פאַלען זיי אויף דר׳ערד און מיט אלע כחות פרובען זיי זיך נאָך אויפהויבען ; פאָכען מיט די פליגעל און פאלען ווידער אראָב.

אז די נאַכט קומט אָן קריכען ארויס פון זייערע שפאלטען יאשטשורקעס און זשוקעס און טרעפען צו דיר אין צימער אריין. די יאשטשורקעס, גרינינקע, זענען היימיש אין אלע הייזער, אָרים צי רייך, שלייכען זיך אום אויף די ווענט, כאַפּען אוים די פליגען אין שטוב, אזוי פלינק, אזוי שטיל..

אָנגעקומען בין איך אין אָווענד, און אז כ׳האָב געעפענט די טיר פון מיין צימער אין דעם אלטמאָדישען האָטעל, און אז כ׳האָב ס׳ליכט אויפגעמאכט — האָבען זיך אין אלע עקען פון צימער געלאָזט לויפען שווארצע, ברייטע זשוקעס, מיט אזא שטילען גערויש האָבען זיי זיך אין די ווינקאלעך געשלייכט ; מיר איז אזש א פרעסטיל דורכגעלאָפען איבער׳ן פלייצע און כ׳האָב אָנגעשטעלט מיין צושראָקען געזיכט צום האָטעל־דיענער וואָס האָט בלויז פארטוגעזיש פערשטאנען, ווי איינער זאָגט :

— זיי וועלען דאָך מיך אויפעסען איבער נאכט !

נאָר ער האָט מיך בערוהיגט מיט זיין גוטמוטיגען שמייכעל :

— זיי האָבען נאָך ביי אונז, חלילה, קיין מענשען ניט אויפגעגעסען.

ווי איהר זעהט האָט ער דעם אמת געזאָגט, אבער איך בין די גאנצע נאכט געלעגען וואך ניט פערשליסענדיג ס׳ליכט און אויף מיין פענסטער, וואָס איז געווען אין סטעליע, האָבען זיך כסדר אנגעשלאָגען שווערע ווייסע שמעטערלינגען, געבעטען זיך צו מיר אין ליכטיגען צימער אריין.

יעדע שטאָדט האָט איהר מזרח און מעריב; איהר שאָטען און ליכט. איהרע ריינע ברייטע גאסען און שמאָלע הינטערגעסלאך. דאָ, אין פארא, האָט די ציוויליזאציע פערנומען איין טייל שטאָדט. ווילעס, סעדער, רחבות און זויבער —

פערנעהמט זיך אָן א זייט — די גאסען ענג, שמוציג, אפילו

די „סאניסטארען" ווייכען אויס די דאָזיגע הינטער־געסלאַך. אפילו קיין ביימער איז דאָ ניט צו זעהן. אָט דאָ איז'ם הארצען פון די טראַפּיקס, וואו א שטיין אפילו גרינט און בליהט; אין די אָרימע גאסען — כמעט קיין ביימער ניטאָ.

אין די זייטיגע אָרימע געסלאַך לויפען אום די קינדערלאַך אָדם־נאקעט. די נאקעטע נעגער־קינדערלאַך זעהן אויס ווי שוואַר־צע גרויסע זשוקעס, שפּילען זיך אויף די מיסט־בערגלאַך. און כאָטש דאָ אין דער זים־ווארימער לופט בין איך אזוי גוטמוטיג גע־ווען, אזש מיין שנאה צו דער ציוויליזאציע איז פערשוואונדען, דאָך, פערקריכענדיג אין די געסלאַך, מיט א נאס, צוגעקלעפּט העמד צום לייב פון שוויים, האָט מיך אזש א פרייד ארומגעכאפּט דערזעהענדיג די נאַקעטע קינדערלאַך אין מיטען העלען טאָג.

מיט א זיסען דרימעל אין מיין גאנצען וועזען בין איך דורך טעג און אבענדען אומגעגאנגען פון גאס צו גאס און פון מארק צו מאַרק. מיט פערלאנגען גאָר קינדערשע; געקוקט ווי די ברייטע וואסערען גיסען זיך איבער פון איין גרינעם קאָליר אין דעם אנ־דערען.

אויפ'ן מארק פערקויפט מען מאלפּעס; טראכט איך מיר, כ'וועל גאָר מיר איינהאנדלען א קליינע מאלפּע, גרויס ווי א בראַ־זעלע, מיט א מענשענם קעפּעלע. פּרוב איך עס א גלעט טאָן, טוט עס מיר א ביס אין פינגער און בעהאלט זיך אין א ווינקעל.

האנדעל איך מיר איין אַ גרינעם פּאפּוגאי, וואָס קען רעדען און פייפען און כ'לאָז מיר קויפען א שטייג פון זיינעט וועגען. דערווייל טראג איך איהם צוגעבונדען צו א ברעטעלע און אויפ'ן ברעטעלע א בלעכעל מיט עסען.

איך קום אריין אין א געשעפט, וואו מען קריגט אלץ מיט אנ'— פערקויף מיר א שטייג. אָט די דאַרט וואָס הענגט אויי־בען.

— פאר וועמען בעדארפסוט א שטייג?

— איך בעדארף עס פאר א פּאפּוגאי.

שווייגט ער, דער קרעמער, און ריהרט זיך ניט פון ארט.

— פערקויף מיר די שטייג וואס הענגט דארט אויבען.

— זי טויג ניט פאר דיר.

— פארוואס טויג זי ניט?

— ווייל די ראמען זענען פון האלץ און דער פאפוגאי וועט די האלץ איבערגריזשען.

— און אז ער וועט דאס איבערגריזשען?

— אין א חודש ארום וועסטו בעדארפען קויפען אן אנדער שטייג.

— טא גיב מיר אן אייזערנע.

— ביי מיר איז ניטא, איך וועל מיטשיקען מיינעם א מענ־שען וועט ער דיר בעווייזען וואו דו קענסט קריגען א שטייג.

אט א פאלק, דער בראזיליאנער! איז עס ארענטליכקייט? איז עס נארישקייט? ניין, ס'איז גוטמוטיגקייט...

וואָרים אין קיין שום לאנד וואלט מיר גאר ניט איינגעפא־לען פאפוגאיען צו קויפען; מיט קינדערשקייטען זיך אבצוגעבען. און דא — ממש א קינד.

א ליטווישען אידען וואס כ'האב דא געטראפען און וואס פלאנטערט זיך שוין ארום אין דעם געגענד א פאר צעהנדליג יאהר — ער איז אפילו דא געבליבען א פילאסאף:

— ווי געהן דא די צייטען? — האב איך איהם געפרעגט.

— זינט מענשען האבען אויפגעהערט צו שטארבען פון גע־לען פיבער האט זיך ס'גליק אבגעטאן פון לאנד.

א פנים, אז ניט ביי יעדען ווערט דא דער געדאנק אנטשלא־פען...

אין פארא האב איך געפונען די שעהנסטע ספרדיש־אידישע קהלה.

---

## 36.
## אידען אין פארא.

ביי א דריי־פיער טויזענד נפשות צעהלען זיי דא.
אבער ניט פון אונזערע מקומות זענען זיי אריבערגעקומען. דער גרעסטער טייל איז פון מאראקא און גיבראלטאר. אייניגע פון ארץ ישראל. זייער שפראך איז שפאניש, פארטוגעזיש, ווי אויך העברעאיש. זייער העברעאיש מיט דער ספרדישער הברה קלינגט ווי אראביש, ארויסרעדענדיג דעם „חית" פון האלז. זיי פערנעהמען דא אן אנגעזעהענעם פלאץ אין דער געזעלשאפט; כמעט דער גאנצער גומי־האנדעל, וואס ווערט דא געפיהרט אין די אמאזאנען טאלען, ליגט אין זייערע הענט. זייערע פארשטעהער זיצען אין לאנדאן און קאנטראלירען דעם גומי האנדעל אין אייראפא. זיי פיהרען זיך אריסטאקראטיש אבער שטרענג ארטאדאקסאל־אידיש. האלטען זייער הויז אבגעשלאסען פון דער ניט אידישער וועלט. שבת זענען אלע געשעפטען געשלאסען און אין פארא איז עס שטארק צו מערקען.
די יונגווארג פאהרען גאנץ אפט שטודירען קיין אייראפא און קומענדיג א היים, שרייבען זיי פאר זיך אוים כלות פון אלזשיר. גרויסע פאטריאטען פון פראנקרייך, וואס האט אויסגעבעסערט דארט זייער לאגע אין מאראקא און, פון דעם „אליאנס", וואס עפענט דארט שועלס פון זייערטוועגען.
בעגעגענט האב איך מיך מיט זיי אויף א ריהרענדען אופן:
זיצענדיג אזוי איין פריהמארגען ביי זיך אין האטעל און פאכענדיג מיט א צייטונג צו מאכען א קיהל ווינטעלע ארום זיך, פלוצלונג לאזט זיך אריין אן עולם מענשען מיט אזא חשוב'ען אויסזעהן, אז דער ווירטה פון דעם אלטמאדישען האטעל איז אביסעל צוטומעלט געווארען. איך הער אז מען פרעגט זיך נאך אויף מיר.
— וואס איז דאס?

לאָזט זיך אויס, אז מימ א פּאָר טעג צוריק האָב איך געהאַט א שמועס מיט דעם רעדאַקטאָר פון דער אָרטיגער אנגעזעהענער ציימונג „פאָלהא דע נאַרטע". צווישען אנדערע זאַכען האָב איך זיך ביי איהם נאָכגעפרעגט אויב אידען זענען דאָ פאַראַנען אין פאַרא; ער האָט דעם שמועס פערעפענטליכט, זאַגאַר אָנווייזענדיג דעם האָטעל וואו כ'וואוין, און דאָס איז עס געקומען א דעפּוטאַציע מיך צו מקבל פּנים זיין.

די עלטערע האָבען גערעדט העברעאיש מיט מיר; די אינגע־רע — דייטש, ענגליש, אבער העברעאיש גאַנץ שוואַך. ס'איז גע־ווען פרייטאָג און זיי האָבען מיך איינגעלאַדען, איך זאָל דעם שבת פערברענגען מיט זיי...

ס'איז שווער פעסטצושטעלען ווען די ספרדישע אידען האָבען אָנגעהויבען צו ציהען אהער. אויפ'ן ארון־קודש אין דער אַלטער שול'כעל איז אויפגעשריבען דער יאָהר תר"ה, געגויע זיעבציג יאהר צוריק. זיי אַליין דענקען, אז שוין א פּאָר הונדערט יאהר, צייט די אידען פון פּאָרטוגאַל און שפּאַניען האָבען זיך אָנגעהויבען דאָ צו בעזעצען. זיי האָבען מיר דערצעהלט, אז דאָן פּעדראָ דער צוויי־טער, דער לעצטער קעניג פון בראַזיל, וואָס איז געווען א קענער און ליעבהאָבער פון העברעאיש, האָט פערנומען פון פאַרא אַלע אַלטע אידישע אנטיקען פון שוהל און האָט עס אָבגעשיקט קיין ליסאַבאָן.

אין מיטען שטאָדט כמעט, געפינט זיך אן אַלט בית־עולם'ל, שוין אָבגעשלאָסען. די עלטסטע מצבות פון יאָהר תרכ"ז; ס'איז מיט פופציג יאהר צוריק. דער דאַטום שטימט מיט דער צייט וואָס די אמאַזאָנען געגענדען זענען געעפענט געוואָרען פאַר דעם אינ־טערנאַציאָנאַלען האנדעל, און איך גלויב, אז יעמאָלט זענען פיעל פון זייערע עלטערען אהער אָנגעקומען, געשטאָרבען פון דעם געלען פיבער.

איך וויל דאָ בעמערקען, אז פאַרא איז דער איינציגער פּלאַץ אין בראַזיליען וואָס אידען האָבען בעזונדערע בית־עולם'ס, דער

נייער בית־עולם איז ברייט און גרויס און דערמאָהנט, אז דאָ איז א אידישע שטאָדט ערגעץ נאָהנט.

ארומגעצאָמט מיט אַ נידריגען געמויערטען צוים, ליגען דריי חכמ׳ס, רבנים, בעגראָבען. ביי איינעם אויף דער מצבה איז אויס־געקריצט:

„נפטר מחוץ לזמנו וחוץ למקומו“ (געשטארבען ניט אין דער צייט און ניט אויף זיין אָרט).

צי האָט ער עס געהייסען אליין זיך אויסקריצען, אָדער צי האָט עס אנ׳אנדערער געטהאָן נאָך זיין טויט — איינס איז זיכער, אז אָט די אידען, כאָטש לעבענדיג אין שפע, דאָך שפּירען זיי זיך אָבגעריסען און דערווייטערט פון א היים.

דער נוסח פון זייער דאווגען אין שוהל איז מיר אויסגעקו־מען אביסעל פרעמדלאך, און דער ניגון אין דעם אראביש־שפּאַ־נישען סטיל, האָט אויף מיר מיט עטוואס ווייטעס געבלאָזען.

עליות אבער פערקויפט מען פונקט ווי ביי אונז נאָך אויף פּאָר־טוגעזיש, מען האָט מיר מכבד געווען מיט מפטיר און כ׳האָב שטארק געבלאָנדזשעט. מיין אשכנז׳ישער דיאלעקט און דער וויל־נער ניגון האָט זיי געמאכט די אויערען אָנשפּיצען און דעם אטעם איינהאלטען. דער גבאי האָט מיר דערמאָהנט, אז איך בעדארף בענשען גומל נאָך דעם ווי איך האָב דורכגעמאכט אזא רייזע אויפ׳ן ים. איך האָב מיך געשפּירט פונקט ווי יעמאָלט, ווען כ׳בין געוואָרען בעל מצוה און צום ערשטען מאָל געוואָרען א מחותן מיט דעם עלטערען, בערדיגען עולם.

נאָכ׳ן דאווגען האָבען די יונגוואַרג געקושט די הענט פון די גרויסע און ווינשענדיג א שבת ברכה.

שבת צו נאכטס האָב איך פערבראכט אין הויז פון א רייך אריסטאָקראטיש פּאָר־פּאָלק; ער האָט געשטודירט אין פראנקרייך און זי קומט פון אלזשיר.

מיר זענען געזעסען, געפּעכערט זיך מיט זיידענע פעכערס, אז ס׳זאָל ניט זיין אזוי הייס. אויף די ווייסע ווענט האָבען זיך גריי־

נע יאשטשערקאלאך ארומגעשלייכט. דער געשפּרעך האָט זיך געפיהרט אין העברעאיש און אין ענגליש און אזוי האָבען מיר זיך צורעדט וועגען אידען אויף דער וועלט. דאָ ערשט האָב איך מיך דערוואוסט, וואָס פאר א וואנט עס טיילט אונזערע מזרח־אידען אב פון אונזערע צפון־אידען

זיך בעטראכטען זיי אלס די אמת'ע אידען, און אויב עס ווארט עפּעס א גאולה אויף אידען, איז עס זיי געמיינט געווארען. קיין אהנונג פון די מיליאָנען אידען אין רוסלאנד און אין פּוילען; זייער לעבען און שטערבען.

איך דערמאָהן מיך ווי אזוי יעדער שלעכטער גרוס וואָס איז צו אונז דערגאנגען פון מאראקא, אז דאָרט רודפ'ט מען אונזערע ברידער — וואָס פאר א טיפען אבקלאנג עס האָט געהאט אין דעם הארצען פון דעם צפון־אידען!

לאָזט זיך אבער אויס, אז אפילו די וועלטליכע פון די מאַראקאנער אידען האָבען קיין בעגריף ניט פון דעם ברייטען פיעל־פארביגען לעבען אונזערען, ווייסען אפילו ניט, אז אין די מיליאָנען גרייכען אונזערע מחנות.

מיט גרויס פערדרוס האָט צו מיר איינער געזאָגט אויף העברעאיש:

— אך חרפּה ובוז מביאים עלינו יהודי רוסיה במסרם את עצמם לזימה (צו חרפּה און צו שאנד מאכען אונז די רוסישע אידען מיט דעם וואָס זיי פערקויפען זיך צו אן אויסגעלאסענעם לעבען).

דאָס איז דער איינציגער בעגריף וואָס זיי האָבען פון אונז: די אידען פון די צפון לענדער זענען שווינדלער, פרויען־הענדלער.

מיינע רייד איבער די רוסישע אידען, זייער לעבען און שאפען — ס'האָט א מין אונצוטרוי און שמייכעל ארויסגערופען...

און וואָס אנבעלאנגט דעם אידישען פרויען־הענדעל, וואָס האָט זיך אזוי איינגעוואָרצעלט אין די זידליכע לענדער, ווייזט אויס, אז ער האָט ניט אויסגעמיטען פאַראָ אויך.

אויפ'ן נייעם בית־עולם ציהען זיך שורות פיינע, מורמעלשטיינענע מצבות מיט דעם גוט בעקאנטען נוסח: „פה נקברה העלמה שמחה בקצור ימים ושנים“... געקומען פון פוילען, רומעניע, אדעס...

אונזערע אידען — בלויז צוויי האָב איך דאָרט בעגעגענט זיי האָבען מיר פון נאָך צוויי דערצעהלט.

— וואָס זשע טוט איהר דאָ?

— פעדלען.

— טרעפט איהר זיך מיט די ספרדישע אידען?

— ניין. זיי שעהמען זיך מיט אונז.

— ווי זשע אבער קומט איהר אהער? וואָס פאַר א גוט יאָהר האָט אייך געבראַכט אהער? מילא איך בין דאָך א געפאנגענער געבראַכט געוואָרען. אבער איהר — וואָס פאַר א גוט יאָהר האָט אייך אהער פערטראָגען?...

— וואָס וואונדערט אייך אזוי? מיר זענען דאָך עפּעס אידען...

יא. אמת. מיר זענען אידען...

יוני — נאָוועמבער 1914.